דוד פלאַקסער

# אידעיִשע שלימות׳ן און האַלבע אמת׳ן

עסײ

פאַרלאַג
י.ל. פרץ
ביבליאָטעק
תל-אביב, ישראל

1960

## 1. וועגן די „אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן"
## פון דוד פלאַקסער

די עסייען פון דוד פלאַקסער זענען אין אַ געוויסער מאָס אַן אוני־קום אין דער יידיש־שפּראַכיקער געדאַנקלעכער שאַפונג. דער מחבר, אין ליכט פון די לעצטע סאָציאַלע איבערטרייסלונגען, וואָס האָבן אַרויסגעשטויסן פון פריערדיקן גלייכגעוויכט אַלטע אָנגענומענע אמתן, מאַכט אַן ערנסטן און ווייט־גרייכנדיקן פּרוּוו אַרומצונעמען אין טעאָרעטישע דעפיניציעס דאָס געשעענע, אָנווייזנדיק אויף האַלבע אמתן אין יעדן אידעישן וועלט־באַנעם און ספּעציעל פון דעם מאַרקסיסטישן געדאַנקען־גאַנג אין דער סטאַדיע פון זיין רעאַליזירונג.

איך בין ווייט צו זיין מסכים מיט דער גרונט־הנחה, אין וועלכער ער וואַרפט אָפּ דעם מאַרקסיזם ווי אַ דענק־מעטאָד פאַר דער סאָציאַלער אויסקריסטאַליזירונג צו אַ שענערער און בעסערער געזעלשאַפט. אָבער אין תוך האַלט איך דעם פאַרדינסט פון דוד פלאַקסער פאַר וויכטיק צוליב די פאָלגנדיקע סיבות:

מיר האָבן זייער ווייניק דרייסטע דענקער אין יידישן לעבן. דוד פלאַקסער ווייזט זיך אַרויס אין דער אַרבעט צו זיין אי אומאָפּהענגיק אין זיין אַנאַליז, ווי אויך דרייסט אין אָנווייזן אויף די סיבות פון עליה און ירידה פון סאָציאַלע אידעען אין אַלגעמיין, ספּעציעל אין דער עפּאָכע פון מאַרקסיזם אין זיין פּראַקטישער אָנווענדונג.

אין דער היינטיקער צייט פון איבערטרייסלונג פון ווערטן און פון אָנווערן די אמונה אין מאָרגן, אין דעם זין פון זיין קאַמף פאַר אַ מער מאָראַליש־עטישערער געזעלשאַפט, קומט אַרויס דוד פלאַקסער מיט זיין אני־מאמין, און ער שטעלט צוריק אַוועק דעם יחיד אויפן העכסטן שטאַפּל פון מענטשלעכער פרייהייט. ער גיט אים צוריק זיין פולן, ממש אומבאַגרענעצטן כוח, פון זאָגן פריי זיין מיינונג און אַנאַליזירן אידעישע אַנט־

וויקלונגען אין ליכט פון ספק, וואָס דאַרף אָבער זיין ערלעך און אמת־זוכעריש.

די לעצטע געשעענישן אין רוסלאַנד האָבן אַמשווערסטן געטראָפן גרויסע טיילן פון מאַרקסיסטיש־אָריענטירטע דענקנדיקע מענטשן. מיר שטייען פאַר אַ מצב, אין וועלכן דער גרעסטער טייל פון דער מחנה האָט אָדער אָנגעוווירן יעדע אמונה אין סאָציאַליזם, אָדער, די ערלעכערע און מער פאַראַנטוואָרטלעכע פון זיי זענען אין אַ צושטאַנד פון בלאָנדזשעניש און זוכן די סיבות פון די געשעענישן, די פאַרוואָסן פון זייער אייגענער גײַסט־זעעוודיקייט. עס איז ביי זיי דאָ דער דראַנג צו זוכן אַ תיקון פאַר זייער וויטערדיקן גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן קיום. דוד פלאַקסער ברענגט דאָ אַרויס קלאָר זיין מיינונג, פאַרוואַרפנדיק דעם מאַרקסיזם אַלס אַן אַבסאָלוט וויסנשאַפטלעכן מעטאָד און וועגווייזער. פיל מענטשן וועלן זיכער מיט אים מיטגיין אויף דעם וועג.

אין דער יידישער שפּראַך זענען מיר זייער אָרעם אין סאָציאַל־געזאַנקלעכע ווערק. איז עס אַן אויפטו, ווען מיר באַקומען היינט אַ נייעם בייטראָג צו דער קליינער רשימה פון יידישע סאָציאַל־פילאָזאָפישע באַטראַכטונגען. דאָס איז אַ גוט דורכגעטראַכט ווערק, בינדנדיק און קלאָר געשריבן. עס ברענגט אַרויס די סיבות פון דער אומרויקייט און אידעישער צעטומלעניש פון דער היינטיקער צייט.

און צולעצט, האַלט איך די עסייען פון דוד פלאַקסער פאַר אַ וויכטיקן ביישטייער דערמיט, וואָס ער רעגט אייך אָן צו דענקען איבער פּראָבלעמען פון אידעישע קאָנפליקטן. איך גלייב, אַז די עסייען וועלן שפּילן מער אַ ראָלע פאַר די איבערגעגעבענע מאַרקסיסטיש־דענקענדיקע מענטשן, ווי פאַר די, וואָס האָבן שוין אינגאַנצן פאַרלוירן יעדע אמונה אין סאָציאַליזם. דוד פלאַקסער איז פאַרבליבן אַ סאָציאַליסט און ציוניסט. ער גלייבט אין דער נויטווענדיקייט פון סאָציאַליזם און פון קאַמף פאַר אַ נייער מאָרגנדיקער אָרדענונג. ער איז אַ געטרייער ציוניסט, וואָס באַטראַכט דעם ציוניזם ווי די פרייהייט־באַוועגונג פון יידישן פאָלק. אַ באַוועגונג, וואָס לעזט די אינטערעסן פון אונדזער פאָלק, דורך נאָרמאַליזירן די יידיש־עקאָנאָמישע באַזע דורך אַ נאַציאָנאַל־טעריטאָריעלער קאָנצענטראַציע אינעם יידישן היים־לאַנד.

מאַרקסיסטן וועלן אין די עסייען געפינען אַן אַרבעט, וואָס וועט זיי אָנרעגן צו דענקען און נאָכאַמאָל נאָכטראַכטן איבער די פילאָזאָפישע גרונדלאַגעס פון אייגענעם דענקען.

דוד פלאַקסער וואַרפט אָפּ קאָלעקטיווע ראַמען־אמתן, ער דערהייבט דעם יחיד פאַרן איינציקן אויסדרוק פון פרייהייט. אָבער די הנחה, אַז יעדע סאָציאַלע אידעע איז ווי אַ מאַטעריעל מאַשעפעניש, וואָס מאַכט מיט ווּקס, אַ הויך־פּונקט, און דערנאָך ווערט זי פאַרשווינדן צוליב ניי־געשאַפענע באַדינגונגען, איז אין אַ געוויסער מאָס אַ נעגירונג פון מאַרקסיזם מיט מאַרקסיסטישע דענק־מעטאָדן. ווען מען דערפירט אינדיווידועלע פרייהייט און איר אומאָפּפרעגבאַרע רעכט אויף ספקותדיקן דענקען צום העכסטן מאָראַלישן געבאָט פון דער געזעלשאַפט, פרעגט זיך, ווי אַזוי זאָל געשאַפן ווערן אַ ראַם פאַר געזעלשאַפטלעכע אמתן? אָפּוואַרפנדיק ווידער דעם מאַרקסיסטישן מעטאָד, נאָר דערפאַר, ווייל די מפרשים האָבן אין אים אַריינגעטייטשט, וואָס זייער האַרץ האָט געגלוסט און נישט וואָס ז'ער מאַרקסיזם האָט פאַקטיש מיט זיך פאָרגעשטעלט, מיינט איבערלאָזן אַ גרויסן וויסנשאַפטלעכן אמת צו פאַרנייגער פון געדאַנקען, צו נישט ריכטיקע אינטערפּרעטאַציעס און קרומע אויסטייטשונגען.

מיין אייגענער מאַרקסיסטישער קרעדאָ זאָגט מיר אָבער אויך, ווי וויכטיק עס איז צו לאָזן קומען צום אויסדרוק, אין ראַמען פון פאַראַנטוואָרטלעכער פרייהייט, — קעגנגעזעצטע מיינונגען וועגן אַלגעמיינע סאָציאַלע וויסנשאַפטן. דער אמת ליגט נישט אינעם דערגרייכטן, נאָר אין ווערנדיקן, וואָס איז אַ פּערמאַנענטער דיאַלעקטישער פּועל־יוצא פון דעם דערגרייכטן, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צו זיין נאָרמאַלן הויך־פּונקט.

איך האָב געלייענט די עסייען פון דוד פלאַקסער מיט טיפן אינטערעס, ווייל דורך יעדער שורה, אין יעדן זייטל, קוקט צו אונדז אַרויס די טיפע זאָרג פון אַ יידישן אינטעליגענט און דענקער מכוח דעם מאָרגן פון סאָציאַליזם, אין דער אויסקריסטאַליזירונג פון דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט אין ליכט פון די אמתע בייגונגען פון מענטשלעכער, אינטעלעקטועלער דורשטיקייט און פסיכישער אונטערדריקטקייט. מיר פרישן אָפּ אָנגענומענע אמתן, און קוקן אַריין אַביסל ווייטער און עטוואָס העכער אין די זעלבע אָנגענומענע אמתן, צוליבן זעלבן בייטראָג פון די ניי־אַנטוויקלטע געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען. איר באַרייכערט זיך מיט מיינונגען און פאַרפולקאָמט אייערע אייגענע קאָנצעפּציעס וועגן די פילאָזאָפישע גרונט־פּראָבלעמען פון דער סאָציאָלאָגיע.

דוד פלאַקסער האָט אַרויסגעזאָגט זיינע מיינונגען, און האָט דערמיט געעפנט נייע מעגלעכקייטן פאַר אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקער דיסקוסיע וועגן דער ראָל פון דער סאָציאַליסטישער אידעע אין דעם מאַרקסיזם, אין דער

היינטיקער און גאָר נאָענטסטער תקופה פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג.

אויב די העכסטע דערגרייכונג פון אַ יצירה באַשטייט אין איר כוח אָנצורעגן אויף נאָכצודענקען, איז דוד פלאַקסערס „אידעישע שלמותן און האַלבע אמתן" פון אַזאַ קוואַליטעט. די עסייען זענען דעריבער באַרופן צו דערפילן אַ וויכטיקן בלויז אין סאָציאַליסטישן דענקען אין דער איצ־טיקער צייט פאַר דער יידישער אינטעליגענץ אין די לענדער פון גלות. ווען די אַרבעט וועט דערפילן די אויפגאַבע, האָט זי דערגרייכט איר ציל. איך בין איבערצייגט, אַז דאָס וועט זיין דער וועג און גורל פון דער פאַר־געלייגטער אַרבעט.

**ד״ר ישעיהו אוסטרי־דן**

מעקסיקאָ־שטאָט, זומער תשי״ח (1958)

"There lives more faith
In honest doubt
Believe me,
Than in all the creeds".

A. TENNYSON

## 2. אַריינפיר און עטלעכע פאַר-באַמערקונגען

די פאָרגעלייגטע אַרבעט איז אַן אָנוווקס פון אָנגעקליבענע לאַנגיאָריקע ספיקות אין דעם אייגענעם, פעסט איינגעשטעלטן אידעישן וועלט־באַנעם. די פראָבלעמען, וואָס ווערן באַהאַנדלט אין די עסייען, האָבן מיך שטאַרק געמאַטערט פאַר די לעצטע יאָרן. זיי האָבן געפאָדערט, אויב נישט איינגאַנצן פאַר אַנדערע, וואָס האָבן מורא אָנצורירן אייגענע איינגעשטעלטע אמתן, איז כאָטש פאַר זיך אַליין, אַ טיילווייזן ענטפער. איך האָף, אַז די לייענער, אין וועמענס איינגעשטעלטע פאַראייגנטע אמונות עס איז אַריינגעדרונגען אַן עלעמענט פון ספיקות, אָדער די, ביי וועמען זייערע אידעישע איינשטעלונגען זענען אַריינגעטראָטן אין אַ צושטאַנד פון פאַרטריקנטקייט, אין אַן אָנהייב פון אינערלעכער ירידה, וועלן אין דער אַרבעט געפינען אַ געוויסע אָנרעגונג פאַר אַן איבערשאַצונג און דורכקאָנטראָלירונג פון די פאַראייגנטע אידעישע ווערטן, דורך אַ קאָנסטרוקטיווער רעעקזאַמינירונג פון אייגענעם אידעיש־איינגעשטעלטן פערספעקטיוו.

גרויסע געשעענישן האָבן אין אונדזער דור געהאַלטן אין איין צעטרייסלען אַלט־איינגעשטעלטע אידעישע יסודות; דער חורבן פון די פאַרניכטנדיקע וועלט־מלחמות, די מערדערישע אויסראָטונג פון אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, די אויסוואָרצלונג פון אַלט־איינגעזעסענע גרויסע יידישע קולטור־צענטערן, די עליה און ירידה פון אונדזערע האָפענונגען אויף דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס האָט פאַר אַ טייל זיך אויסגעוויזן ווי אַן אָנזאָג אויף אַ בעסערן, שענערן און מער געזיכערטן מאָראַליש־עטישן מאָרגן, די פריידיקע היסטאָרישע דערשיינונג פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער

רעוואָלוציע אינעם יידישן לעבן, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם אָנהייב פון דער רעאַליזירונג פון אַ צוויי־טויזנט־יאָריקן חלום: — די אַנט־שטייונג פון מדינת ישראל.

פון דער צווייטער זייט, לעבן מיר דורך כסדרדיקע טויט־שרעקנדיקע אויפטרייסלונגען, געמישט מיט אויפגייענדיקע האָפענונגען. דאָס שנעלע אַריינוואַקסן זיך אין אַן אַטאָמישער תקופה, אין וועמענס פאַלדן עס ליגן פאַרוויקלט די שרעק פון אַ פּאָטענציעלער טאָטאַלער פאַרניכטונג פון דער וועלט און אַן אָנזאָג פאַר אומבאַגרענעצטן פּראָגרעס, וואָס עפנט פאַר אונדז אויף אַלץ נייערע מעגלעכקייטן אַריינצודרינגען טיפער אין די סודות פון אין־סופיקן אוניווערס, די כסדרדיקע טעגלעכע שפּאַנונגען — אָט די אַלע גרויסע אויפרודערונגען האָבן ביי גרויסע טיילן טראַכטנדיקע צעטרייסלט די גאַנצקייט פון די פריער פאַראייגנטע אידעישע איינשטעלונגען, פון אמונות, וואָס האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אויף פריערדיקע און פאַרגייענדיקע רעאַליטעטן.

דער טראַכטנדיקער מענטש, וואָס לאָזט זיך נישט אַריינשלעפּן אין יאוש־שטימונגען, מוז, דוכט זיך מיר, קומען צו מסקנות, אַז איבערגע־טריבענע איינגעגלויבטקייט אינעם פאַראייגנטן אמת, אַז בלינדערהייט זיך אָנצוהאַלטן אין אַן אמונה, וואָס איז נישט באַשפּרענקלט מיט אַ ביסל ספקות, מוז סוף־כל־סוף דערפירן צו אַ פּרוכטלאָזן דאָגמאַטיזם. דאָס פירט דעם גלויביקן אַראָפּ פון זיינע זיך פאָרגעשטעלטע אידעאַליזירטע צילן.

אין רויקערע היסטאָרישע תקופות, אין צייטן פון אַן איינגעשטעלט און איינגעפונדעוועט נאָרמאַל פאָלקס־לעבן, ווען געשעענישן און סביבות ענדערן זיך נישט מיט דער שנעלקייט פון אונדזערע איצטיקע אַטאָמישע צייטן, וואָלט אפשר געווען קלוג צו זאָגן: וויל איז צו דעם מענטש אין וועמענס איבערצייגטער אמונה עס דרינגט נישט אַריין קיין שטראַל פון ספקות. דער גלויביקער פון אַזאַ צייט, זוכנדיק אין די פינצטערע לאַבי־רינטן פון מענטשלעך־געזעלשאַפטלעכע באַציונגען זיין וועג און אויסוועג, טראָגט אין זיך דאָס ליכט פון אַן אינערלעכער פעסטקייט, פון זיין סוב־יעקטיוויזירטן אמת. דער שטאַרק פאַרעקשנטער שעפערישער גלויבן, וואָס האַלט אויף זיין גאַנצקייט אין צייטן פון סאָציאַלע שטורעמס און אויפ־טרייסלונגען, קאָן אָפט באַזיצן אַ כוח, וואָס קאָן טיילוויז בייקומען אַלע שכלדיקע קאַלקולירטע שוועריקייטן. דער שעפערישער גלויבן קאָן אָפט שאַפן געננוג ווידערשטאַנד־כוח אויף צו שווימען קעגן שטראָם.

אין דער מינוט אָבער, ווען די איבערצייגונג, וואָס ווערט פאַר־

קערפּערט אין אַ גלויבן, אין אַ וועלט־אַנשויונג, פאַרלירט דעם קאָנטאַקט מיט דער רעאַליטעט, וואָס האָט אויספאָרמירט זיין אידעישן וועלט־באַנעם, דעמאָלט ווערט די איבערצייגונג פאַרוואַנדלט אין אַן אימפּאָטענטער אמונה, אין אַ דאָגמאַטישן גלויבן. אַזאַ אמונה פאַרלירט די פאַרבינדונג סיי מיטן דינאַמישן לעבעדיקן היינט און סיי מיטן מאָרגן, מיט די זיך פאַר־געשטעלטע אידעאַליזירטע מאַראַליש־עטישע צילן.

יעדער אידעישער וועלט־באַנעם, וואָס קומט צום אויסדרוק אין אַ סאָציאַלן „איזם", מאַכט דורך אין זיין פּראַקטישער אָנווענדונג און אין זיין אַנטוויקלונג די פּראָצעסן פון עליה און ירידה. דער מענטש פאַראייגנט אַלץ מער און מער זיין סאָציאַל־אידעישן וועלט־באַנעם דורך זיין צוגע־וווינטן אופן פון טראַכטן, דורך טראַדיציאָנעלע איינשטעלונגען און פאַר־הייליקטע סימבאָלן. דאָס אַלץ שטאַרקט אין אים די אידעישע פאַרגליווערט־קייט. אַזאַ מענטש קלאַמערט זיך שוין בלינד צו זיין גלויבן. ער ווערט פאַרבלענדט און איז מער נישט פעיק צו באַמערקן און אַפילו עקשנותדיק זיך אָפּצוזאָגן פון וועלן זען, ווי זיינע פעסט־איבערצייגטע אמונות קאָלערן זיך אינעם אָפּגרונט פון ירידה און פאַרשלעפּן אים גאַנץ אָפט מיט אין שאול־תחתיה אַריין. ווען אַ סאָציאַל־אידעישע איינשטעלונג דערגרייכט דעם ירידה־צושטאַנד, ווערט דער געגאַרטער מאָראַליש־עטישער ציל, דער הויך־פּונקט פון דער אידעאָלאָגיע, אַלץ מער פאַרנעפּלט. די בלאָנדזשענ־דיקע וועגן, די מיטלען, וואָס דאַרפן דערפירן צו די הויכע צילן, הייבן אָן צו ווערן אַ סך מער פאַרהייליקט, ווי די מערסטע אידעאַליזירטע ענד־צילן.

אידעישע איינשטעלונגען אָדער אמונות, אפילו ווען זיי שפאַרן זיך שכלדיק אָן אויף די סאַמע רעאַלסטע און אמתדיקסטע הנחות, ווערן אָבער די שלוסן, וואָס ווערן געצויגן פון די הנחות סוף־כל־סוף רעדוצירט אין זייער אַנטוויקלונג צו האַלבע אמתן. אין יעדער סאָציאַל־אידעישער איינשטעלונג ליגט באַהאַלטן אַ געוויסער פאַראייגנטער סוביעקטיווער אמת, וואָס ווערט מיט דער צייט פאַרוואַנדלט אין אַ האַלבן אָדער ברעקל אמת. דאָס איז שוין דערפאַר אַליין, ווייל ער קומט אין קאָנפליקט מיט עמיצנס פאַרסוביעקטיוויזירטע אמתן. אַ וועלט־אַנשויונג האָט אַלעמאָל ערגעץ אין הינטערגרונט אַן אָנשפּאַר אויף רעאַליסטישע הנחות. די הנחות געפינען זיך אָבער אין אַ שטענדיקער מאָביליטעט און אונדזע־רע שלוסן פון די הנחות ווערן אַלץ מער פאַרפיקסירט און פאַרוואַנדלען זיך אין האַלבע און אין ברעקלעך אמתן. זיי ווערן פאַרוואַנדלט אין אַן

אָפּשיין פון אַ פאַרשווונדענער רעאַליטעט, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אויפן וועג צום געגאַרטן אידעאַליזירטן ציל. אָט די ברעקלעך אמתן, וואָס ווערן אָפּט פאַרוואַנדלט אין שאָטנס פון פאַרשווונדנקייט, געטרויען מיר אָן צו זיין אונדזער מורה־דרך. אָט דער שאָטן דינט אונדז צו אָפּט אויף צו באַרעכטיקן אונדזערע מחשבות און מעשים, אפילו ווען ער האָט זיך שוין גאַנץ ווייט אַוועקגערוקט פון ביידע: פון די רעאַליסטישע הנחות און פון די לכתחילהדיקע אידעישע צילן.

געוויסע מאָראַליש־עטישע פּרינציפּן קאָנען טאַקע זיין אייביק גילטנדיק. זיי קאָנען באַלייכטן די וויזיעס פון אַ סך דורות טרוימער און קעמפער. אַנדערש איז אָבער מיט אַ סאָציאַל־עטישן וועלט־באַנעם, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין אַ היסטאָריש זיך אַנטוויקלענדיקן „איזם״. אַ געזעלשאַפטלעכער „איזם״, וואָס קומט צום אויסדרוק דורך אַ פּאַרטיי אָדער באַוועגונג, מוז אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג דורכמאַכן די פּראָצעסן פון עליה און ירידה. אויך שוין אין דעם ירידה־צושטאַנד ווערן נאָך אַלץ ביי די, וואָס האָבן פאַראייגנט דעם „איזם״, איבערגעחזרט מיט דער הילף פון ליידיקע רייד די הויך קלינגענדיקע מאָראַליש־עטישע פּרינציפּן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער מגע־ומשא מיט די אייגענע מעשים. זייערע מעשים הייבן אָן טרעטן אויף די אייגענע פאַראייגנטע, פאַרהייליקטע פּרינציפּן.

כדי זיך כאָטש טיילוויז צו באַפרייען פון אימפּאָטענטע דאָגמאַטישע איינשטעלונגען, איז נייטיק, אַז אַ געוויסע מאָס פון אינערלעכע ספקות זאָלן כסדר באַגלייטן אונדזערע פאַרטריקנט־ווערנדיקע פאַראייגנטע אידעאָלאָגישע אמונות. ספּעציעל איז דאָס נייטיק, ווען די אמונות זענען פאַרבונדן מיט אַן אָרגאַניזירטער באַוועגונג, פּאַרטיי, גרופּע אָדער סעקטע. ספּיקות קאָנען שפּילן אַ קאָנסטרוקטיוו־ שעפערישע ראָל, זיי קאָנען פאַרהיטן, אַז אונדזערע סוביעקטיוויזירטע אמתן זאָלן נישט ווערן פולשטענדיק פאַרטריקנט און אַז זיי זאָלן נישט איבעררייסן די פאַרבינדונגען מיט אונדזערע מאָראַליש־עטישע צילן.

דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן יאוש־שטימונגען. שעפערישע ספּיקות האָבן אַ גאַנץ קנאַפּן שייכות מיט יאוש. יאוש דערפירט צו אידעישער אויסגעליידיקטקייט, צו אַ דעלוזיע, צו אַ צושטאַנד פון אָפּהענטיקייט. דער מענטש, וואָס איז זיך מייאש, פאַרלירט זיין גלויבן בכלל. זיינע מאָראַליש־עטישע לעבנס־צילן ווערן ביי אים אויסגערונען. וואָס איז דער נוצן — טראַכט דער אַנטוישטער — מען קאָן פאָרט נישט דורכשלאָגן מיטן אייגע־

נעם קאָפּ אַן אייזערנע וואַנט. דער מענטש, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט יאוש־שטימונגען, האָט פאַרלוירן זיין וויזיע צו די געגאַרטע מאָראַליש־עטישע צילן. ווען זיינע געוועזענע לעבנס־אידעאַלן ליגן צעטראָטענע אין בלאָטיקע אָפּגרונטן, דעמאָלט ציט ער זיך צוריק אַ רעזיגנירטער. דער יאוש דער־פירט אָפּט צו אַ פאַרביליקטן ציניזם, וואָס איז דער גרעסטער שונא פון סאָציאַלער שעפערישקייט.

ערלעכע ספיקות טראָגן מיט זיך דעם כוח פון אָנרעגונג, פון כסדר־דיקער זעלבסט־רעעקזאַמינירונג פון אייגענע ווערטן, פון אַ נישט איבער־געטריבענער זעלבסטזיכערקייט און דערפאַר פאַרזיכטיקייט. עס באַווירקט אונדזער שטענדיקער דורכקאָנטראָלירונג פון די וועגן אויף וועלכע מיר גייען. ספיקות שוואַכן אָפּ די מלחמה־שטימונג קעגן די אַנדערש־גלויביקע, אויב יענע שטייען נאָר נישט מיט דער שווערד אין האַנט אונדז צו פאַר־ניכטן. דער מענטש, אין וועמענס טיפן גלויבן עס לויפט אויך דורך אַ דינער פאָדעם פון ספיקות, האָט דאָס געפיל, אַז עס קאָן אפשר מעגלעך זיין, אַז דער גאַנצער אמת ליגט נישט ביי אים אין וועסטל־קעשענע.

„ווי האָט אונדז אַנטציקט דער מיראַזש,  
אין דאָרשט־ברען פון יונגן עקסטאַז —  
געצויגן אַזוי און געצונדן,  
און ענדלעך פאַרשוווּנדן".

אברהם ליעסין (ביכורים)

עטלעכע דורות טרוימער און קעמפער פאַר אַ שענערן מאָרגן, אויף אַלע קאָנטינענטן און צווישן אַלע פעלקער, האָבן זיך אָנגעכאַפּט אינעם מאַרקסיזם ווי אין אַ נייער אמונה. די נאָכפאָלגנדיקע גלויבנדיקע זענען געווען און זענען נאָך איצט איבערצייגט, אַז זיי האָבן אינעם מאַרקסיזם געפונען אַ זיכערן און אַבסאָלוט „וויסנשאַפטלעכן מורה־דרך", וואָס קאָן אַרויספירן די מענטשהייט פון דער עקאָנאָמישער עקספּלאָאַטאַציע, אונטער־דריקונג, מאָרד און רויב. זיי האָבן געגלייבט, און אַ טייל גלייבט איצט מיט דער ערלעכסטער פרומקייט, אַז דער מאַרקסיזם וועט דערפירן די מענטשהייט צו מלכות השמים אויף דער זינדיקער ערד. דערפירן צו די העכסטע מאָראַליש־עטישע פרינציפּן. דער מאַרקסיזם האָט פאַר אונדז זיך באַוויזן, נישט סתם ווי אַן אמונה, נאָר ווי אַן אַבסאָלוטע סאָציאַלע „וויסנ־שאַפט". נישט מיט קיין חלומות און נישט מיט קיין אוטאָפּיעס, נאָר דורך

אַ וויסנשאַפטלעכן ועגווייזער וועט די מענטשהייט דערגרייכן דעם ליכטיקן מאָרגן. דער מאַרקסיזם איז ביי זיינע אָנהענגער און נאָכפאָלגער געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקער דינאַמישער לעבנס־פילאָזאָפיע, וואָס האָט פאַרנומען דעם פלאַץ פון אַלע פריערדיקע אמונות. דער מאַרקסיזם איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַן עמוד־האש, וואָס קאָן באַלייכטן דעם וועג פאַר דורות טרוימער און קעמפער פאַר אַ שענערער, עטישערער סאָציאַלער אָרדענונג.

מער פון אַלעמען האָבן זיך געקלאַמערט אין דעם נייעם גלויבן זייער גרויסע טיילן פון דער יונגער יידישער אַרבעטערשאַפט און גרויסע טיילן פון דער יידישער אינטעליגענץ. דער מאַרקסיזם האָט פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע פון גרויסע טיילן פון דער יידיש־אויפגעוואַכטער יוגנט, וואָס האָט געבראָכן דורות איינגעשטעלטע טראַדיציאָנעלע צוימען. אַ יוגנט, וואָס האָט אויף די אייגענע פלייצעס געטראָגן, אַחוץ דעם יאָך פון עקספּלאָאַטאַציע, האָט אויך געפילט אויף זיך דעם צוויי־טויזנט־יאָריקן יידישן גלות. אַ יוגנט, וואָס האָט געירשנט די וויטיקן, איבערלעבונגען און ליידן פון סאַמע אונטערדריקטן פאָלק, אָנהייבנדיק מיט גזירות, גירושים, פאַר־פאָלגונגען, אויטאָדאַפעס און ענדיקנדיק מיט די נאַצישע קאַלך־אויוונס. אַזעלכע דורות זענען מער מסוגל צו ווערן מיטגעריסן און באַגייסטערט אין קאַמף פאַר אַ שענערן מאָרגן. ספּעציעל ווען די אידעען, וואָס דאַרפן דערפירן צום מאָרגן, טראָגן נאָך מיט זיך די אייגענע ירושה־וואָרצלען פון ישעיה׳ס והיה באַחרית הימים און חלומען מיט, מיט די לערעס פון אונדזערע גרויסע נביאים. דאָס איז אַ דור, וואָס האָט פיל מער ווי פריערדיקע דורות מיטגעחלומט די גרויסע וויזיע פון

„וכתתו חרבותם לאתים
וחניתותיהם למזמרות
לא־ישא גוי אל־גוי חרב
ולא ילמדו עוד מלחמה״.

ישעיה ב. 4

(און זיי וועלן שמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראייזנס
און זייערע שפּיזן אויף צווייגמעסערס;
אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט נישט הייבן אַ שווערד
און מען וועט מער נישט לערנען מלחמה).

מיטן זעלבן ענטוזיאַזם פון פריערדיקע דורות, וואָס האָבן אין זייערע הערצער געטראָגן די גאולה־האָפענונגען און זענען נאָכגעגאַנגען די פאַלשע משיחים, האָבן גרויסע טיילן פונעם יונגן יידישן דור נאָכגעפאָלגט דעם מאַרקסיזם, ווי אַ גרויסע פירנדיקע גאולה־אידעאָלאָגיע. מען האָט געגלייבט, אַז די נייע אמונה וועט באַלייכטן דעם וועג צו אַ גליקלעכערן מאָרגן פאַרן אייגענעם פאָלק און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

אויך דער מאַרקסיזם, ווי אַ דינאַמישע סאָציאַל־פילאָזאָפישע לערע, איז שטאַרק פאַרסטאַטישט און פאַרטריקנט געוואָרן, און מאַכט אינערלעך אַדורך דעם זעלבן פראָצעס פון אידעישער ירידה, וואָס אַ סך אַנדערע אמונות האָבן אַדורכגעמאַכט. אויך דער מאַרקסיזם האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרשטייפטן דאָגמאַטישן גלויבן, אונטערגעשפאַרט מיט אַן אַקסיאָ־מאַטישער לאָגיק.

מיט פאַרהיימישטע און שטאַרק פאַראייגנטע געטער, אפילו ווי אָפּגע־לעבט און אָפּגעריבן זיי זאָלן נישט זיין, איז פונקט אַזוי שווער זיך צו שיידן, ווי מיט זיך זעלבסט, ווי מיטן אייגענעם לעבן. אונדזערע פאַר־אייגנטע אידעישע איינשטעלונגען באַגלייטן אונדז אָפט ווי שאָטנס פון נעכטן. ביי מענטשן איז אָבער פאַראַן די נטיה זיי צו באַטראַכטן, ווי זיי וואָלטן נאָך געווען לעבעדיקע געשטאַלטן און מיר האַלטן זיך אין זיי אָן ווי אין אונדזערע זיכערע באַשיצער. ערלעכע ספיקות קאָנען אונדז אַמאָל טיילווייז העלפן אונטערצושיידן די טויטע שאָטנס פון דער לעבעדיקער רעאַלקייט.

דאָס איז ווייט נישט קיין אויסשעפנדיקע אַרבעט. די עסייען האָבן בלויז דעם איינציקן ציל אָנצוזעגן אויף נאָכצוטראַכטן די אַלע באַריר־טע פּראָבלעמען, פּראָבלעמען, וואָס וואַקסן אַרויס פון די מענטשלעכע ציווישנ־באַציונגען. איך ווייס אויך, אַז אַ סך וועלן אָנווייזן אויף ד ע ר אַרבעט, אַז דאָס העלפט בלויז שאַפן אַ נעגאַטיווע באַציונג צו אַלט־איינגעשטעלטע און אָנגענומענע איבערצייגונגען, אידעאָלאָגיעס און אמונות. מען וועט אָנווייזן, אַז די עסייען גיבן נישט קיין אייגענעם פּאָזיטיוון אַלטערנאַטיוו. דער ציל פון די עסייען איז טאַקע צו באַווייזן, אַז עס זענען נישט פאַראַן און עס זענען נישט מעגלעך קיין אַבסאָלוט אייביק־גילטנדיקע פּאָזיטיווע אַלטער־נאַטיוון, אויסגעדריקט אין אַ קאָנקרעט עקזיסטירנדיקן סאָציאַלן „איזם".
די אַרבעט אַנטשלייערט נישט די אייביק־גילטנדיקע אַבסטראַקטע פּרינציפּן פון העכסטן מענטשלעכן יושר און אמת, נאָר די אַבסאָלוטע גלויבנס און אידעישע איינשטעלונגען, וואָס זענען געקומען צום אויסדרוק אין אַן אָר־

גאַניזירטן סאָציאַלן „איזם״, וואָס קאָן נישט האָבן די אייביקע קאָנטראָל פון שטענדיק גערעכטן.

דער ציל איז דאָ נישט געווען אויפצושטעלן וועלכע עס איז פאַר־איינהייטלעכטע נייע אידעישע איינשטעלונג, נאָר דאָס פּרובירן אַנאַליזירן וויאַזוי אַן אמונה אָדער וועלט־אַנשויונג, וואָס שטעלט זיך סאָציאַל־עטישע צילן, מאַכט דורך די נאַטירלעכע אַנטוויקלונג פון אויפגאַנג און אָפּגאַנג. די עסייען פאַרנעמען זיך נישט מיט אַראָפּרייסן, נאָר מיט דער נייטיקייט פון כסדרדיקן רעעקזאַמינירן פון די אייגענע ווערטן. דאָס אייַנציקע פּאָזיטיווע אין לכתחילהדיקן מאַרקסיזם איז, דאָס נעגירן אייביקע סאָציאַלע ווערטן. איך בין אויף אַזוי פיל מסכים מיטן מאַרקסיזם ווי אַ סאָציאַלע פילאָזאָפיע, אַז עס זענען נישט פאַראַן קיין אָנגענומענע קאָנקרעט־אָנגעווענדטע סאָציאַלע אמתן, וואָס זאָלן זיין אָנווענדבאַר און באַפרידיקנדיק פאַר אַלע מענטשן און פאַר אַלע צייטן.

צום סוף וויל איך אויסדריקן אַ האַרציקן דאַנק מיין פריינד ד״ר ישעיהו אוסטרי־דן פאַר זיינע חברישע אָנמערקונגען ביים לייענען דעם טעקסט.

ד. פ.

# 3

ווען מענטשן זוכן צו אָרגאַניזירן זייערע געדאַנקען און זייער וויסן, מוזן זיי אָנקומען צו באַשטימטע מאָסמיטלען אַלס שטאַנדאַרטן זיי צו מעסטן און וועגן. מיר מוזן זיך איינשאַפן אַ באַשטימטע פּערספּעקטיוו, פונוואַנען מיר זאָלן קאָנען אָבסערווירן זאַכן און דערשיינונגען. דאָס בילד, וואָס מיר דערזעען, אָדער די אויספירונגען וואָס מיר מאַכן פון באַשטימטע דערשיינונגען, זענען אָפּהענגיק פון דער ווינקל־פּאָזיציע, פון דעם שליסל־לאָך, דורך וועלכן מיר באַטראַכטן אונדזער שייכות צום אַרום. פּונקט ווי מען קאָן נישט מעסטן אָן קיין מאָס־שטעקעלע, אַזוי קאָן אויך נישט זיין קיין אורטייל אָן אַ באַזע פון פאַרגלייך. עס קאָן נישט זיין קיין קריטיק אָן אַ קריטעריע, קיין ווערטן אָן קיין נאָרמעס. דעם מענטשס וועלט־באַנעם, דאָס איז זיין קריטעריע, דורך וועלכן ער מעסט זיינע באַציונגען צום אַרום.

ווען מיר אַנאַליזירן וועלכע עס איז סאָציאַל־אידעישע איינשטעלונג, ספּעציעל ווען מיר באַטראַכטן זי רעטראָספּעקטיוו, זעען מיר ווי די קריטעריע, די אידעען, וואָס וואַקסן אַרויס פון מענטשלעכע צווישנבאַציונגען, האָבן אַ נטיה זיך אויסצושפּרייטן צו אַן אַלץ אַרומנעמענדיקער וועלט־אָנשויונג. סאָציאַלע אידעען, וואָס האָבן זוכה געווען צו באַקומען זייער אויסדרוק אין אַן „איזם” פון אַ סעקטע, פאָלק אָדער פּאַרטיי־אידעאָלאָגיע, אידעען, וואָס דינען אַלס טעאָרעטישע באַרעכטיקונגס־באַזע פאַר וועלכער עס איז סאָציאַלער לערע, ווען מיר באַטראַכטן זיי, זעען מיר ווי די וועגווייזערין, דער אידעישער וועלט־באַנעם, האָט אַלעמאָל געשטרעבט צו טאָטאַלקייט. יעדער סאָציאַלער אידעען־איינשטעל זוכט אַלעמאָל אויפצובויען אַ גאַנצן און אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקן טעאָרעטיש־פילאָזאָפישן בנין. די געזעלשאַפטלעכע אידעע, אָדער איר אָרגאַניזירטער אויסדרוק: אַ באַוועגונג, אַ סעקטע אָדער אמונה, פּראָבירט אַלעמאָל אין זיך כולל זיין אַלע פראַגן, מיט וועלכע זי האָט נאָר וועלכע עס איז באַריר־פּונקטן. יעדע סאָציאַלע אידעע, אָן אונטערשיד צי זי דערשיינט פאַר אונדז אַלס רעליגיעזע, פּאָליטישע, סאָציאַל־עטישע, קולטורעלע אָדער אַלץ צוזאַמען,

שפּרייט זיך אויס אין דער אַלץ־אַרומנעמענדיקייט צו אַ פאַרענדיקטער גאַנצקייט. אידעען, וואָס וואַקסן אַרויס פון סאָציאַלע באַציונגען, שפּרייטן זיך אויס צו א וועלט־באַנעמונג, צו אַן אידעאָלאָגיע.

יעדעס געזעלשאַפטלעכע דענקען זוכט לכתחילה זיך אָנצושפּאַרן אויף ריין פאַרשכלדיקטע הנחות און זוכט זיך אויסצושפּרייטן צו אַן אייגענעם לאָגישן שלוס. יעדע באַשטימטע אידעאָלאָגיע שטרעבט אַלעמאָל צו געבן גאַנצקייט ענטפערס אויף אַלע פראַגן, מיט וועלכע זי קומט נאָר אין באַריִרונג. אַ וועלט־אָנשויונג, אַ געזעלשאַפטלעכער אידעען־איינשטעל, איז אַלעמאָל דורכגעדרונגען מיט דער איינהייט פון אַ באַשטימטער צענטראַלער גרונט־אידעע און שפּרייט זיך אויס אויף שכנותדיקע פעריפעריעס. דער סאָציאַל־אידעישער לייט־מאָטיוו מוז פאַרן מענטש דערשיינען אַ גאַנצער. דער אידעישער עמוד־האש שאַפט ביים מענטש די אילוזיע פון זעלבסטבאַרעכטיקטער גאַנצקייט. די איינגעגלויבטקייט פונעם מענטש אין זיינע אידעען ברענגט אים צום באַוווסטזיין, אַז ער פאַרטרעט דעם ריינעם נישט אָפּפרעגנדיקן אמת. די אידעאָלאָגיע, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ מענטשלעכן גלויבן, מאַכט זיכערער זיינע טריט און באַרעכטיקט זיינע מעשים. יעדער סאָציאַלער „איזם" האָט זיך אַלעמאָל אָנגעשטרענגט צו פאַרענטפערן אַלע נויטן און דערשיינונגען מיט אַ באַשטימטער אַלץ־אַרומנעמענדיקער לעבנס־פילאָזאָפיע. די געזעלשאַפטלעכע אידעע זוכט אַלעמאָל אַרונטערצונעמען אונטער אירע פליגל אַלץ, וואָס זי קאָן נאָר דערבליקן אין איר באַגרענעצטקייט. דער מענטש שטרעבט אַלעמאָל צו טאָטאַלע, פולע און אַלץ־אַרומנעמענדיקע ענטפערס.

די גאַנצע געשיכטע פון מענטשלעכן דענקן, סיי אין דער פילאָזאָפיע און סיי אין דער טעאָלאָגיע, איז נישט מער ווי איין גרויסער פאַרזוך צו געפינען אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקן גאַנצקייט־פּרינציפּ, וואָס זאָל פון אַ פאַראיינהייטלעכטן אָבסערוויר־פּונקט קאָנען פאַרענטפערן אַלע אידעישע פראַגן, וואָס מאַטערן דעם מענטש. אַ פּרינציפּ, וואָס זאָל קאָנען צוזאַמענהאַלטן די ווידערשפּרעכנדיקע אידעישע פּלוראַלקייטן.

אין דער אויספאָרמירונג פון אַ באַשטימטן פאַרענדיקטן אידעען־איינשטעל איז נישט פאַראַן קיין אונטערשיד, צי דער לעבנס־קוק איז אַן אוניווערסאַלער, אַ פאַרטיפטער, אַ פילאָזאָפיש־דורכגעטראַכטער, אַן אונטערגעשפּאַרטער מיט אַלערליי שפּעקולאַציעס און פאַר׳שכלדיקטע קאַלקולאַציעס אָדער אַ שמאָל באַגרענעצטער, וואָס איז איינגעקלאַמערט אין די טאָג־טעגלעכע לעבנס־פּראָבלעמען פונעם יחיד און געבונדן מיט די

שטריק פון אַ „פאָלקס־וועג" אָדער טראַדיציאָנאַליזם. פונקט ווי דער טיפ־זיניקער פילאָזאָף, וועמענס געדאַנקען עס שפינען פעדעם, אָנהייבנדיק פונעם געשפּאָלטענעם אַטאָם, ביז צום ענדלאָזן אוניווערס פון מעשה בראשית, ביזן אַראָפּברענגען דעם מלכות השמים אויף דער ערד. פונקט ווי דער פילאָזאָף, וואָס בויט אויף אַן אידעיש־פילאָזאָפישער, אויסגערונדיקטער, אַלץ־אַרומנעמענדיקער סטרוקטור, אַזוי איז אויך דער דורכשניט־מענטש, וועמענס וועלט מעג זיין אַ שטאַרק באַגרענעצטע. אויך ער קוקט אויף אַלע דערשיינונגען און לעבנס־פּראָבלעמען פון אַ שטאַרק געשלאָסענעם, פאַראייניהייטלעכטן און פאַראייגנטן קוק־ווינקל. יעדער פשוטער מענטש, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט באַשעפטיקט מיט קיין אידעאָלאָגיעס, וועלט־אָנשויונגען אָדער פילאָזאָפישע סיסטעמען, אויך ער האָט זיך אויך זיינע אַן אייגענע — כאָטש אַ זייער שטאַרק באַגרענעצטע, אָבער דאָך געשלאָסענע לעבנס־פילאָזאָפיע, וואָס דינט אים ווי שפּאַקולן, דורך וועלכע ער באַטראַכט די וועלט. יעדער מענטש קוקט אויף דער אַרומיקער וועלט, מעג די וועלט זיין פאַר אים אַ שטאַרק באַגרענעצטע אָדער אַן אינ־סופיקע, ער באַטראַכט זי אָבער פון א באַשטימטן הארמאָניש־פאַראייניהייטלעכטן, פאַרענדיקטן און זייער שטאַרק פאַראייגנטן קוק־ווינקל. יעדער טראַכטנדיקער מענטש סינטעטיזירט אין זיך אַלע זיינע ירושה־ און סביבה־דערפאַרונגען און קענטענישן אין אַ פאַראייניהייטלעכט סיסטעם. אַן אידעישער וועלט־באַנעם באַשטייט פון אַ פילאָזאָפיע פון עקזיסטענץ, אַ פּראָגראַם פאַר מענטשלעכע באַציונגען און אַ מאָראַלישער קאָדעקס פאַר מענטשלעכע מעשים. קיין מענטש קאָן נישט אַנטלויפן פון פאַראייגנטן קוק־ווינקל, ווי ער קאָן נישט אַנטלויפן פון זיין אייגענעם שאָטן [1].

דער געגאַרטער מענטשלעכער לעבנס־אידעאַל, אָדער ציל, שטייט אַלעמאָל אין צענטער פון זיין אַלץ־אַרומנעמענדיקן, פאַראייניהייטלעכטן אידעישן איינשטעל. דער צענטראַלער פונקט פון אַ וועלט־אָנשויונג ווערט נאָך מער פאַרשפּיצט דורך דער פּראַקטישער ראָל, וואָס דאָס סאָציאַל־אוטיליטאַרע שפּילט אין דעם ציל. דער ציל, דאָס איז דער הויכפּונקט, דער

---

[1] „אַן אומבאַוווסטע פילאָזאָפיע האָט אויך יעדער פשוטער בשר־ודם, אויב ער טראַכט נאָר איבערהויפּט, וועגן דער וועלט, וועגן דער מענטשהייט, וועגן זיין אייגענעם לעבן, און אויב ער האָט וועלכן עס איז קוק אויף די אַלע ענינים. אָבער אַזאַ נאַטירלעכע אומבאַוווסטע פילאָזאָפיע איז זייער אָפט נאַיוו און מגושמדיק".

ד״ר חיים זשיטלאָווסקי: די פילאָזאָפיע, באַנד 1.

באַוועג־פאַקטאָר, אַרום וועלכער דער פאַראיינהייטלעכטער אידעען־איינ־שטעל בויט זיין אַלץ־אַרומנעמענדיקייט. דאָס איז דער צענטער, אַרום וועלכן די סאָציאַלע אידעען־איינשטעלונגען באַוועגן זיך און שפּרייטן זיך אויס און זוכן צו באַהערשן אַלע פּראָבלעמען פון אַ סאָציאַלן כאַראַקטער, מיט וועלכע זיי קומען נאָר אין באַרירונג.

יעדע וועלט־אָנשויונג וואַקסט אַרויס פון אַ בשותּפותדיקער דער־פאַרונגס־וועלט. זי שטרעבט אויפצובויען אַ גאַנצקייט־טורעם. אַן אוני־ווערסאַלע פולקייט, וואָס אויב נישט אַלעמאָל אי״ן דער רעאַליטעט, איז כאָטש אין דער סוביעקטיווער מחשבה, מיט דער הילף פון אַבסטראַק־ציעס, דורך גייסטיקער גימנאַסטיק, בויט זי אויף אַ לאָגיש קלינגענדיקע און פאַרענדיקטע אידעישע סטרוקטור. די שטרעבונג צו גאַנצקייט, צו אויסשעפּנדיקע און טאָטאַלע ענטפערס, צו אינקאָאָפּערירן דעם אין־סוף אין דער באַלדיקער ממשותדיקער פאַראַנענקייט, צו פאַרמענטשלעכן ז׳ געטער, איז איינע פון די מענטשלעכע ליידנשאַפטן בכלל. אַ פאַרגעזעל־שאַפטלעכטער אידעאַל, אַן „איזם", קאָנצענטרירט זיך נישט בלויז אויף איין פונקט, אויפן הויפּט־צענטער פון דעם קאָמפּלעקס פון געזעלשאַפט־לעכע דערשיינונגען און פּראָבלעמען, כדי צו געפינען פאַר זיי אַ לעזונג. אַן אידעישער וועלט־באַנעם פאַרכאַפּט ווי אַ וואַלד פייער אויך פּעריפע־רישע טעריטאָריעס, וואָס שטייען אפילו גאַנץ ווייט אָפּגערוקט פונעם צענטער. די פאַראיינהייטלעכטקייט פון אַ פאַרגעזעלשאַפטלעכטן אידעאַל שפּרייזט זיך אויס צו דער מענטשלעך געגאַרטער אַלץ־אַרומנעמענדיקער גאַנצקייט. די דאָמינירנדיקע אידעע זוכט צו באַהערשן דאָס גאַנצע לעבן, די מחשבות פונקט ווי די מעשים, זי רייסט זיך אַריין אין אַלע ווינקעלעך און פילט אָן אַלע לעבנס־פאָרמען. די אַלץ־אַרומנעמענדיקייט פון אַן אי־דעישער איינשטעלונג איז אָבער אינערלעך אַ שטאַרק באַגרענעצטע. אַ פאַרענדיקטער אידעישער לעבנס־קוק באַוועגט זיך אין אַ באַגרענעצטן סוביעקטיוו דורכגעזיפּטן קרייז און איז צו ענג געבונדן צו די האַלבקייטן סיי פון געוועזענעם און סיי צו דער באַגרענעצטער פּערצעפּציע פון דעם איצטיקן. דאָס איז הויפּטזעכלעך דערפאַר, ווייל אין אַן אידעישן וועלט־באַנעם, וואָס וואַקסט אַרויס פון סאָציאַלע באַציונגען, שטייט דער מענטש אַליין אין צענטער פון די דאָזיקע באַציונגען. אין דעם אויסקריסטאַליזיר־פּראָצעס פון אַ באַשטימטער וועלט־אָנשויונג איז זיך דער מענטש אַלעמאָל סומך אויף די איינדרוקן פון זיינע פּערזענלעכע אָדער געירשנטע דערפאַ־רונגען. די דערפאַרונגען סינטעטיזירן זיך מיט זיינע סאָציאַלע און

יחידישע נויטן און פאָדערונגען, וואָס זענען אַלעמאָל סוביעקטיוו און איינזייטיק. אין דער אויספאָרמירונג פון אַ געשלאָסענע פּאַראייניקייטלעכטע וועלט־אָנשויונג שאַפט זיך ביים מענטש די נטיה צו גענעראַליזירן זיינע סוביעקטיווע ירושה־ און סביבה־דערפאַרונגען. זיי דערשיינען פאַר אים, ווי אַבסאָלוטע אידעיש־פאַרענדיקטע און אויסגערונדיקטע אמתן. זיין פערזענלעכער סוביעקטיוויזירטער אמת ווערט ביי אים אוניווערסאַליזירט.

„אַלץ איז דוכטעניש אין לעבן,
אַ פאַנטאַסטיש נעפּל־שפּיל;
עס דערזעט דאָ יעדער איינער,
וואָס ער זוכט און וואָס ער וויל".

אברהם ליעסין (אין די בערג)

פונקט ווי דעם קינד, צוליב זיין באַגרענעצטקייט און דערפאַרונגס־לאָזיקייט, פעלט דער אַנאַליטיש־קריטישער כוח. דאָס קינד רעדוצירט אַלע דערשיינונגען און זאַכן צו „גוטס" אָדער צו „שלעכטס", צו שיין אָדער צו מיאוס, צו ליב אָדער פיינט. דאָס קינד מוז האָבן אַ פּאָזיטיוון אָנהאַלט, עס מוז האָבן אַן „אָדער־אָדער"־אויסוועג, אַזוי מוז אויך דער דערוואַקסענער האָבן פאַרענדיקטע גאַנצע און דעפיניטיווע ענטפערס. אויך דער דערוואַקסענער איז רעלאַטיוו דערפאַרונגסלאָז. זיין דערפאַרונגס־וועלט, לגבי מער קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען און אויסגעברייטערטע האָריזאָנטן, איז אויך אַ שטאַרק באַגרענעצטע. דערפאַרונגען, וואָס שטאַמען סיי פון דער ירושה, סיי פון די באַלטיקע נויטן און סיי פון סאָציאַלע באַציונגען, פון וועלכע דער מענטש איז אַליין אין זיי פאַרוויקלט, מוז זיך דורכלייטערן די זעלבסט־באַרעכטיקונג פון דער אייגענער סוביעקטיוו־באַאיינפלוסטער לאָגיק. דערפאַר טאַקע קאָן אויך דער דערוואַקסענער, וואָס איז אַליין אַ טייל פון סאָציאַלן געוועב אינעם קנופּ פון מענטשלעכע צווישנבאַציונגען, נישט קוקן רעכטס און לינקס, צו צפון און דרום אין איין אין דער זעלבער צייט. אויך דער דערוואַקסענער קאָן נישט דערזען קיין האַרמאָניע אין אַ ווידער־שפּרוך פון אַ „יאָ" מיט אַ „ניין". עס איז ביי אים אַלעמאָל פּאָזיטיוו אָדער נעגאַטיוו. ער אורטיילט אַלעמאָל — שולדיק אָדער אומשולדיק. ווען עס קומט צו סאָציאַלע באַציונגען, איז יעדע שכלדיקע ראַציאָנאַליזאַציע נישט מער ווי אַ מיטל פאַר זעלבסט־באַפרידיקונג. עס איז זייער זעלטן אַ וויסנ־שאַפטלעכער אנאליז, נאָר די ראַציאָנאַליזאַציע איז אַ באַרעכטיקונגס־מיטל

פאַרן פּאַראָורטייל, פּונקט ווי פאַרן אורטייל. עס איז דעם מענטש, אין זיין טראַכטן איבער סאָציאַל־אידעישע פּראָבלעמען, שווער צו דערבליקן און צו באַנעמען סותרדיקע אמתן. ער מוז זיך באַהעפטן מיט אַ פאַרענדיקטן גאַנצן אמת. אויך דער דערוואַקסענער, פּונקט ווי דאָס קינד, האָט אַ נטיה צו דערזען גאַנצקייטן אין די אייביקע איינזייטיקייטן און האַלבקייטן. אויך ער איז שטאַרק באַגרענעצט אין זיין וויזיע, ווען עס קומט נאָר צו סאָציאַל־אידעישע פּראָבלעמען. דער מענטשלעכער דאַרשט נאָך גאַנצקייט און האַרמאָניע ווערט אויך ביים דערוואַקסענעם געשטילט דורך אויפנעמען שטיקלעך און ברעקלעך אמתן, זיי גענעראַליזירן און זיך דערפון אויפבויען אַ פולע און אַלץ־אַרומנעמענדיקע וועלט.

ווען פאַרן מענטשלעכן פּסיכישן מאָגן איז צו שווער צו באַנעמען און צו פאַרדייען סותרדיקע שטיקלעך און ברעקלעך און דערפון זיך אויפבויען אַן אוניווערסאַלע אידעישע גאַנצקייט, דעמאָלט מאַכט ער פון אַ שטיקל, פון אַ פּאַרטיקולאַרע איינזייטיקייט, אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקע אוניווערסאַלקייט. דער דערוואַקסענער גייט נישט צו ווייט אַוועק פון דער קינדערישער גאַנצקייט־קאָנצעפּציע. אויך דעם דערוואַקסענעמס סאָציאַלע אידעען־וועלט פאַרענדיקט זיך דאָרט, ווו דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ. אויך דער דערוואַקסענער האָט אַן „אָדער־אָדער״־באַציונג צו אַלע פּראָבלעמען און דערשיינונגען, וואָס רינגלען אים אַרום. עס קאָנען ביי אים נישט הויזן צוזאַמען שאַרף־שפּיציקע ווידערשפּרוכן. ספּעציעל איז דאָס ריכטיק, ווען עס קומט צו פּראָבלעמען און דערשיינונגען אַרויסגעוואַקסענע פון מענטש־לעכע באַציונגען. דעם מענטש איז לייכטער צו באַנעמען אויסגערונדיקטע גייסטיק־האַרמאָנישע פולקייטן.

דער מענטש גאַרט נאָך גאַנצע געטער. אָבער מער ווי ברעקלעך אָפּשיין דערגרייכן צו אים נישט. אויף צו באַפרידיקן זיין געגאַרטע שטרע־בונג צו גאַנצקייט, מאַכט ער פון אַ ברעקל, פון אַן עולם־קטן, אַ גאַנצן און אַלץ־ארומנעמענדיקן גאָט. זיין מורה־דרך, זיין אידעאַל אָדער זיין גאָט, מוז פאַר אים דערשיינען גאַנץ, אַלמעכטיק, אייביק, נישט ווידערשפּרעכלעך און אַלץ־אַרומנעמענדיק[2]. אויב דער מענטש קאָן אַזאַ גאָט נישט אַריינ־

[2] בלויז מענטשן פון דער אַנטיקער וועלט האָבן געקאָנט באַגרענעצן די פונק־ציעס פון זייערע געטער. זייערע געטער זענען אָבער נישט געשטאַנען אין צענטער פון אַן אוניווערסאַלן וועלט־קוק. זיי האָבן זיך נישט דערהויבן צו זייערע געטער, נאָר זיי האָבן זיי אַראָפּגעשלעפּט צו זיך אויף דער זינדיקער ערד.

שטופּן אין זיין זייער שטאַרק באַגרענעצטער דערפאַרונגס־וועלט און אין זיין זייער שטאַרק באַגרענעצטער וויזיע, וואָס באַשטייט פון האַלבקייטן און שטיקלעך, דעמאָלט פאַרמירט זיך אויס ביים מענטש זיין באַגרענעצ־טער און דאָך אַלץ צודעקנדיקער אידעען־איינשטעל, אָדער לעבנס־פילאָ־זאָפיע פון האַלבקייטן, פון ברעקלעך און שטיקלעך. זיין וועלט־אָנשויונג ווערט אויפגעבויט מיט דער הילף פון אַן עמאָציאָנעל דיקטירטער לאָגיק, באַקרעפטיקט דורך אַ באַשטימטער מאָס פון אייגננוציקייט. עס שאַפט זיך ביי אים אַ פולקייט פון אַן איינזייטיקייט. ער גענעראַליזירט און אוניווער־סאַליזירט אַ פּאַרטיקולאַר. ער בויט זיין וועלט־אָנשויונג אויף פונדאַמענטן פון מאָגערע האַלבקייטן. אין פּראָבלעמען, וואָס דאַרפן זיך אַריינפּאַסן אין אַ באַשטימטער אידעאָלאָגיע, האָט דער מענטש אַ נטיה צו מאַכן פון אַ פּרט אַ כלל. ער ברענגט אָפט צום פּאָקאַלן פּונקט פון זיין אידעען־איינשטעל זאַכן און דערשיינונגען, וואָס זענען אָפּט ווייט אָפּגערוקט פונעם צענטער. גענעראַליזאַציע איז דעריבער צו אָפּט כאַראַקטעריסטיש אין אידעישע באַטראַכטונגען פון דערשיינונגען און פּראָבלעמען פון דער מענטשלעכער באַציונג צו זיינע מיטמענטשן און אין זיין באַציונג צו דער ברייטערער וועלט.

דער דראַנג פון דער מענטשלעכער ליידנשאַפט צו גאַנצקייט און האַרמאָניע מאַכט אַלע פאַרזוכן אַריינצושטופּן אַ ברייט פעלד פון סותרדיקע דערשיינונגען אין אַן איינציקער פאַראיינהייטלעכטער באַגרענעצטער און פאַרשכלדיקטער פאָרם, אין אַ באַגרענעצטער ראַם, וואָס דאַרף בלויז אויסערלעך דערשיינען צו אים לאָגיש אַפּעלירנדיק.

פון איין זייט מאַכט דער מענטש פון אַן איינזייטיקייט אַ גאַנצקייט. ער אוניווערסאַליזירט ברעקלעך און שטיקלעך איינזייטיקע אמתן. און פון דער צווייטער זייט, בייט דער מענטש אויס די אוניווערסאַלסטע אי־דעען אויף באַנעמבאַרע פּאַרטיקולאַרן. ער בייט אויס זיינע געטער אויף נוצלעכן קליינגעלט. ער מאַכט פון אַן אוניווערסאַלן יהוה אַ נוצלעכן אוטי־ליטאַרן בעל. דעם אדוני אלוהינו, אדוני אחד בייט ער אויס אויף דראָבנע ברעקלעך אידעען, כדי זיי זאָלן זיך קאָנען אַריינפּאַסן אין זיין באַגרענעצ־טער וויזיע און אין זיין אייגננוציקער עגאָצענטרישער אידעישער איינ־שטעלונג. דער מענטש קאָן גיכער באַנעמען דעם זעבאַרן פאַרענדיקטן עגל־הזהב, איידער די אַבסטראַקטע קאָסמיש אין־סופיקע אידעען. נישט קאָנענדיק דערבליקן דעם אינפיניטיוו, שליסט זיך דער מענטש אָפּ אין זיין אייגן באַגרענעצט באַלדיק נוצלעך וועלטעלע, אין זיין פיניטיוו.

דער מענטש אַנטוויקלט ביי זיך זיינע אידעישע איינשטעלונגען אויפן באַזיס פון זיינע פערזענלעכע, סאָציאַלע און ירושה־דערפאַרונגען, נויטן און איינפלוסן. ער איז, אָבער, פאַרשטייט זיך, נישט קיין ווילנלאָזע שוואָם, וואָס זאַפּט איין פּאַסיוו די דרויסנדיקע וועלט. די איינזאַפּערס זענען נישט קיין מעכאַנישע וועזנס. די פערזענלעכע, סוביעקטיוו באַאיינ־פלוסטע מחשבה שפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אין דעם אופן ווי אַזוי די ירושה־ און סביבה־דערפאַרונגען האַרמאָניזירן מיט די אינדיווידועלע און געזעלשאַפטלעכע פאַרלאַנגען און צילן, און דערפון אויפצובויען אַ גאַנצקייט, אַן אידעישן וועלט־באַנעם. דאָס נייע דאַרף זיך אויף וועלכן עס איז אופן אַריינפּאַסן אין דער ראַם פון די פערזענלעכע און ירושה־דער־פאַרונגען און ווירקונגען, דאָס הייסט, אין די פריערדיקע גייסטיקע אנלאגן. זייער אָפט, איז דאָס, וואָס קאָן זיך נישט סינטעטיזירן ביים מענטש מיטן פריערדיקן גייסטיקן פאַרמעג, ווערט אַנטשיידן צוריקגעוואָרפן. דער מענטש האָט אַ נטיה צו פאַרבינדן אַלע טיילן פון זיינע דערפאַרונגען, האָ־פענונגען און קענטענישן אין אַ באַגרענעצטן אָבער דאָך פאַראיינהייט־לעכטן סיסטעם. די לאָגישע נויטווענדיקייט וואַקסט אַרויס פון דער ראַ־ציאָנאַליזירונג פון די אָריגינעלע סוביעקטיוו באַווירקטע הנחות [3]

מיר ווייסן זייער אָפט אַ מענטשס מיינונגען און זיינע ענטפערס איבער באַשטימטע פּראָבלעמען, אפילו ווען ער האָט וועגן זיי קיין איין וואָרט נישט געזאָגט. מיר דאַרפן בלויז וויסן דעם מענטשס קוק־ווינקל, זיין פּערספּעקטיוו. מיר ווייסן פאַרויס זיין מיינונג, ווייל דער ענטפער אויף די פראַגן מוז זיך אַריינפּאַסן אין דער ראַם פון יענעמס וועלט־אַנשויונג, וואָס מעסט און וועגט אַלץ מיט די מאָסן און וואָגן פון זיין פאַראייגנטן סוביעקטיוויזירטן קוק־ווינקל. ער מוז צודעקן אַלע דערשיינונגען מיטן קריטעריום פון זיין פאַראיינהייטלעכטן און סוביעקטיוו פאַראייגנטן אופן פון טראַכטן.

(3) "In truth, there is but one state of mind from which you can "set out", namely, the very state of mind in which you actually find yourself at the time you do "set out" — a state in which you are laden with an immense mass of cognition already formed, of which you cannot divest yourself".

B. PEIRCE. Collected Papers.
ED. HARTSHORNE and WEIS.
HARWARD 1931 — 35. v. 5. 416

דורך דעם וואָס מיר דעפינירן אַ סאָציאַלע דערשיינונג, ווערט נאָך אַלץ נישט געשאַפן קיין גאַראַנטיע פאַר איר פּינקטלעכקייט אָדער אמת־דיקייט, אפילו ווען די דעפיניציע איז אַ ריכטיקע. דעפינירן מיינט אָפּגרע־נעצן און פאַרגליווערן. מיר קאָנען נישט פולשטענדיק איזאָלירן און פאַרסטאַטישן אַ דערשיינונג, וואָס געפינט זיך אין אַ כסדרדיקן דינאַמיש קעגנווירקנדיקן צושטאַנד, ווען די דערשיינונג איז פאַרבונדן מיט אַנדערע אומבאַגרענעצטע דערשיינונגען פון אַ גרעסערן אָדער קלענערן פאַרנעם. אַ סאָציאַלע דערשיינונג געפינט זיך אַלעמאָל אין אַ פּראָצעס פון „ווערן", אין אַן איבערגאַנג פון אַ „פריער" צו א „שפּעטער". נישט בלויז די אָבסערווירטע דערשיינונגען, נאָר אויך סוביעקטיווע פּערצעפּציעס זענען אָפּהענגיק פון ווידערשפּרעכנדיקע אַספּעקטן. איין אספּעקט באַזירט זיך אויפן אוניווערסאַלן, אויף דעם אַלגעמיינעם בילד, וואָס מיר דערבליקן טיילווייז צום ערשט, און דער צווייטער אַספּעקט באַזירט זיך אויף דער אינדיווידואַליטעט, אויף די אייגנאַרטיקייטן און באַזונדערקייטן פון די דעטאַלן, וואָס שטעלן צונויף דאָס אַלגעמיינע. די דעטאַלן ווערן נישט אַזוי לייכט אויסגעשעפּט, כדי פון זיי צוריק אויפצושטעלן אַ רעאַלע און אַלץ־אַרומנעמענדיקע גאַנצקייט.

אַן איינצל־פאַקט אָדער דערשיינונג אין איזאָלאַציע פאָדערט אַ פיניטיוון געדאַנק, אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקייט. נישט קאָנענדיק אויפנעמען די טאָטאַלקייט, ווערט דאָס פּאַרטיקולאַרע פארוואנדלט דורך דער מחשבה אין א פארענדיקטער גאנצקייט. אינעם אוניווערסאַליזירטן איינצל־פאַקט ליגט טאָקע פארבאהאלטן אַ שטיקל אמת, אָבער טאָקע נישט מער ווי אַ שטיקל. אין דעם אלגעמיינעם, נישט אינגאַנצן באַנומענעם, פאַרבלייבן אויך א סך אנדערע ווידערשפרעכנדיקע שטיקלעך אמתן, פאַראייגנטע פון אנדערש זעענדיקע און אנדערש טראכטנדיקע.

די סעלעקציע פון די פאקטן, דאָס אויסשיילן די פּאַרטיקולאַרן פון דעם גאנצן ים פון ווידערשפרעכנדיקע פארשידנקייטן, איז אָפּהענגיק פון דער סוביעקטיווער אָפּשאַצונג פון דער ווערטיקייט און וויכטיקייט פון דער דערשיינונג. דער אַנאַליז איז אונטערגעוואָרפן דעם מענטשלעכן אינטערעס, וואָס ווערט דורכגעלייטערט דורך זיין קוק־ווינקל. אפילו די מערסטע אולטראַ־עמפּירישע טעאָריעס מוזן היינט צו טאָג אָנערקענען, אַז די פאקטן מוזן צוגעקליבן ווערן צו דער פּערצעפּציע פון דעם אויפ־נעמערס פאַרסטאַטישט־ווערנדיקע גייסטיקע אַנלאַגן, און זיי זענען אונ־

טערגעוואָרפן צו ווידערשפּרעכנדיקע אינטערפּרעטאַציעס. די דעדוקציעס פון די זעלבע סאָציאַלע פענאָמענען זענען דעריבער גאַנץ פאַרשידענע און ווידערשפּרעכנדיקע. די מענטשלעכע פּערצעפּציע פון די זעלבע פאַקטן און דערשיינונגען און זייערע שלוסן זענען דעריבער אַלעמאָל אָפּהענגיק פון דעם מענטשלעכן קוק־ווינקל, וואָס שאַצט די ווערטיקייט און וויכטיקייט פון די אָפּגעקליבענע פאַקטן.

לויט דער טעאָריע פון ר. ה. לאָטזע, ווערן די סעלעקציעס פון די ווערטן באַשטימט דורך די מענטשלעכע עמאָציעס פון ווייטיק און פאַרגעניגן. די עמאָציעס זענען דאָס די אָרגאַנען פון אורטייל. פּונקט ווי אין פיל אַנדערע טעאָריעס, ליגט דאָ אויך אַ שטיקל איבערפלעכלעכער און שטאַרק באַגרענעצטער אמת. די מענטשלעכע וועלט־אָנשויונג, וואָס באַשטייט פון אַ באַגרענעצטער ראַם, אין וועלכער אַלע פאַקטן, דערשיינונגען און ווערטן דאַרפן זיך ארייַנפּאַסן אין אַ שוין פון פריער פאָרמירטער, איינהייטלעכער אידעישער גאַנצקייט, איז נישט בלויז אָפּהענגיק פון די עמאָציעס פון ווייטיק און פאַרגעניגן, כאָטש מיר קאָנען טאַקע שאַצן טייערער דאָס, וואָס ברענגט אונדז פאַרגעניגן און אונטערשאַצן דעם ווערט פון אַלץ, וואָס ברענגט אונדז ווייטיק, עגמת־נפש און אומאָנגענעמלעכקייט. דאָ האַנדלט זיך אָבער נישט בלויז אין שאַצן ווערטן, נאָר אין זייער אָפּשאַצונג אין צוזאַמענהאַנג מיט זייערע שייכותן צום אַרום. אַן אָפּשאַצונג, וואָס ווערט פאַראייגנט און באַנומען דורך אַ פּאָרויסבאַשטימטער קריטעריע. די באַזונדערע פאַקטן און דערשיינונגען ווערן אויסגעשטעלט אין א האַרמאָניש־געדאַנקלעכער מאָזאַיק, וואָס רעפלעקטירט די מענטשלעכע פּערספּעקטיוו. די נישט אַריינגעפּאַסטע פאַקטן, וואָס בלייבן אין דרויסן פון אונדזער אַקצעפּטירטקייט, האָבן בלויז אַ פּאָטענציעלן כוח ערשט גאַנץ שפּעטער צו מאָדיפיצירן אונדזערע אידעישע איינשטעלונגען. דער באַזיס פון מענטשלעכן אורטייל אין פראַגן פון מענטשלעכע צווישנבאַציונגען איז דעריבער אַ פיל ברייטערער ווי די באַלדיקע עפעקטן פון ווייטיק און פאַרגעניגן, צופרידנקייט אָדער אומצופרידנקייט. די מענטשלעכע פּערצעפּציע און דער אורטייל פון סאָציאַלע ווערטן זענען אָפּהענגיק פון דער פאַראייגנטער און אַלץ־צודעקנדיקער און דאָך שטאַרק באַגרענעצטער וועלט־אָנשויונג.

וויליאַם דזשיימס, דער פּאָטער פון פּראגמאַטיזם, קומט שוין אַ טריט נענטער צום נישט באַשטענדיקן אמת, ווען ער דערקלערט, אַז דער אמת,

פונקט ווי דער גלויבן, דאַרף זיך באַשטעטיקן אין דעם אָפּקלייב פון די פאַקטן און באַווייזן. דאָס אָפּקלייבן די פאַקטן און דאָס אָפּשאַצן זייערע ווערטן זענען אָפּהענגיק אין זייער פּאָטענציעלן כוח, אויף ווי ווייט זיי קאָנען אין ברייטסטן זין באַפרידיקן די מענטשלעכע צילן, פאַרלאַנגען און ווונטשן. דער ווילן צו גלויבן, די מענטשלעכע פאַרלאַנגען, זענען די מאָסן פאַר אָלצדינג. דער מענטש נעמט נישט אויף קיין דעטאַלן, נאָר פאַרקערט, ער נעמט אויף גאַנצקייטן און זיי ווערן ערשט שפּעטער צעגלי־דערט אין זייערע באַזונדערע טיילן. נישט בלויז די מחשבה עלימינירט, נאָר זי קלייבט אויס און גיט צו. דאָס אויסקלייבן און דאָס צוגעבן איז אַלעמאָל אָפּהענגיק פון די אינטערעסן פון דעם אָבסערווירער אין שייכות צו די צילן, וואָס ער שטעלט זיך. יעדער אנאליז איז אַ פאָרם פון אויס־קלייב און ווערט פאָרמירט און באַשטימט דורך זיין ווילן. דאָס וואָס עס איז פאַר אונדז רעאַל, באַשטייט פון אַ רעאַליטעט, וואָס מיר האָבן זי אַליין באַשאַפן דורך אונדזער מחשבה. מיר מאכן די רעאליטעט אזוי און נישט אַנדערש, ווייל זי דינט אָמבעסטן אונדזערע סוביעקטיווע צילן. די פּראַג־מאַטיקער שטרייכן דעריבער אונטער צוויי וויכטיקע פונקטן: דערפאַרונג באַשטייט פון המשכדיקער גאַנצקייט, וואָס ווערט ערשט שפּעטער פאַר־וואַנדלט אין באַזונדערע, אַנאַליזירטע אָביעקטן און זייערע שייכותן דורך דער אַקטיוויטעט פון דער מחשבה. צווייטנס, ווערט דער אנאליז דיקטירט דורך די אינטערעסן פון די צילן. נוצלעכקייט איז אַ פאָרבאַדינג פאַר דער קאָנצעפּציע. אַלץ וואָס איז פאַר אונדז אויף וועלכן עס איז אופן נוצלעך, איז פאַר אונדז רעאַל. דער אמת דאַרף זיך באַשטעטיקן אין זיין אָנווענ־דעוודיקייט אין איינקלאַנג מיט דער סוביעקטיווער נוצלעכקייט און גלויבן, וואָס ווערט באַשטימט דורכן ווילן צו גלויבן.

די פראגמאטישע טעאָריע, אַז דער אמת דאַרף זיך באשטעטיקן און באַרעכטיקן אין איינקלאַנג מיט די צילן און פאַרלאַנגען, איז מער צוגע־פּאַסט צו די עקזאַקטע וויסנשאַפטן. ווען עס קומט צו פראַגן, וואָס וואַקסן ארויס פון מענטשלעכע צווישנבאַציונגען, דעקן אַלע טעאָריעס נישט מער ווי האַלבע אמתן. פאַר דער זעלבסטבאַרעכטיקונג און אפילו זעלבסטבאַ־שטעטיקונג פון א מיינונג, וואָס זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט אַ פאַר־אייגנטן גלויבן, איז גענוג, אַז זי זאָל ארומשווימען אויף דער אויבערפלאַך אינעם ים פון פאַקטן און דרויסנדיקע רעאַליטעטן. די זעלבסטבאַרעכטי־קונג דאַרף נישט אויסשעפּן דעם גאנצן ים. אויב מיר נייטיקן זיך אין אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקייט, אוניווערסאַליזירן מיר די איינצלנע, אויבער־

פלעכלעכע פאקטן און מיר פאַסן זיי אריין אין א פון פריער פאראייגנטער אידעישער ראַם, אין אונדזער גלויבן אָדער קוק־ווינקל. דער זאָג: „אָט זעסטו דאָך!״, וואָס שטיצט זיך אויף אַ שטיקל אַרומשווימענדיקן אמת אינעם ים פון נישט אויסגעשעפּטע פאַקטן, איז אַ געווינג סוביקעטיווער באַווייז פאַר דער זעלבסטבארעכטיקונג און זעלבסטבאשטעטיקונג.

אַלע אָבסערוואַציעס, וואָס שטאַמען פון סאָציאַלע באַציונגען און זייערע שלוסן, מוזן זיך הארמאָניזירן מיטן אייגענעם קוק־ווינקל. די סוב־יעקטיווע קאָנצעפּציע פאַרגאַנצט דעם איינצל־פאַקט אָדער דערשיינונג. ווען מיר ווילן צודעקן אַלע דערשיינונגען מיט דער אייגענער באַגרענעצ־טער גאַנצקייט־אידעאָלאָגיע, דערגרייכן מיר נישט מער ווי שטיקלעך אמתן, וואָס פאסן זיך אַריין אין דער אייגענער אידעישער גאנצקייט. דאָס נישט אינקאָרפּאָרירטע, דאָס וואָס פּאַסט זיך נישט אריין אין אונדזער פאַרענ־דיקטער וועלט־אָנשויונג, האָט אויך אַ חלק אין דער גרעסערער, נישט־באַנומענער גאַנצקייט, וואָס מיר וואַרפן צוריק. דאָס וואָס ליגט אויסער אונדזער אידעישער ראַם, קומט אלעמאָל אין קאָנפליקט מיט אונדזער פאַראייגנטן אמת. און ווייל מיר נייטיקן זיך אין אַ זיכערקייט, וואָס מוז פאַר אונדז דערשיינען גאַנץ, באַשטענדיקט און אַלץ־ארומנעמענדיק, ווערן מיר געצוווּנגען צו פאַראלגעמיינען אונדזער באַגרענעצטקייט. דער אמת פון א שטיקל באוויַז הענגט אָפּ אין דער דעדוקציע פון א פריערדיקן באַווייז. ווען מען וויל אָבער מיט דער הילף פון א פריערדיקן באווייז אונטער־שפּאַרן אַ שפּעטערדיקן באווייז, וואָס ווערט באווירקט פון פיל אנדערע שפּעטערדיקע ווידערשפּרעכנדיקע פאַקטאָרן, פאַרלירן די שלוסן זייער גאַנצן און אַבסאָלוטן אמת. זיי ווערן צעשטויבט אין ברעקלעך ווידער־שפּרעכנדיקע אמתן, וואָס זייערע באַזונדערע טיילן ווערן סוביעקטיוו אַלץ מער פאַראמתדיקט און אידעיש פאַרגאנצט.

אויב אין פאָרשונגס־פּראָצעס פון די עקזאַקטע וויסנשאַפטן, אָדער אין פילאָזאָפיש־שכלדיקע קאַלקולאציעס, איז מעגלעך אָפּצוטיילן דעם אָביעקט פונעם סוביעקט, זענען אין דער סאָציאָלאָגיע, ביים באהאנדלען פּראָבלעמען, וואָס וואקסן ארויס פון מענטשלעכע צווישנבאַציונגען, אין פראגן פון בין אדם לחבירו, נישט פאראן קיין אָביעקטן, וואָס זאָלן זיך קאָנען אָפּטיילן פון די סוביעקטן. עס זענען אויך נישט פאַראַן קיין סוב־יעקטן, וואָס זאָלן זיך קאָנען פולשטענדיק און אויף אַלעמאָל אינסולירן פון דעם איינפלוס פון די אָביעקטן. אינעם פּראָצעס פון אויספאָרמירן זיך פון דער מענטשלעכער פּערספּעקטיוו דערגאַנצט איינס דאָס צווייטע. אַן אָב־

יעקטיוו דרויסנדיקע סאָציאַלע רעאַליטעט, אַ רעאַליטעט, אין וועלכער דער מענטש איז אַליין פאַרוויקלט, מוז אויפגענומען ווערן דורך פאַרשידנ־אַרטיקע ווידערשפּרעכנדיקע סוביעקטן, דורך פאַרשידענע קוק־ווינקלען. אַזאַ רעאַליטעט קאָן נישט זיין אידענטיש בלויז צו זיך אַליין, אָן וועלכע עס איז פאַרבינדונגען מיט די באַזונדערע סוביעקטיווע פּערצעפּציעס. זי דערשיינט אַלעמאָל פּיל־געשטאַלטיק. די מדרגה פון ביידע — פונעם אָביעקטיוון און סוביעקטיוון — פאָרמירט זיך אויס אין אַן אידעישער איינהייט, וואָס ווערט קאָאָדעפיצירט און פאַראייגנט אין אַ רעלאַטיוו־פאַר־סטאַטישטן אמת.

עס איז פאַר אונדז שווער צו מאַכן אַ חילוק צווישן דער דרויסנ־דיקער רעאַליטעט פון אַ סאָציאַלער דערשיינונג און דער מענטשלעך־סוביעקטיווער פּערצעפּציע. מיר קאָנען נישט אַזוי לייכט אָפּטיילן די אַבסאָלוטע פאַקטישקייט מיט דער אינדיטעט פון דער דערשיינונג. מיר מישן אַלעמאָל צונויף די דערשיינונג מיט זיין אויפנאַמע, מיט דער סוב־יעקטיוו־אידעישער ראַם. מיר דערזעען אַלעמאָל אַ צוזאַמענגעמישטע גאַנצקייט, וואָס באַשטייט סיי פון דעם אינהאַלט און סיי פון דער כּלי, אין וועלכער דער אינהאַלט געפינט זיך. אויב אין סאָציאַל־אידעישן געראַנגל מאַכן מיר יאָ אַ פאַרזוך אָפּצוטיילן די דערשיינונג פון דעם קעגנערס אידעאָלאָגישער ראַם, פון זיין וועלט־אָנשויונג, איז דאָס בלויז, כּדי אַריינצופּאַסן דעם סאָציאַלן פענאָמען אין אַן אייגן, פאַראייגנט קוק־ווינקל, אויף צו באַזיגן אָדער באַהערשן דעם קעגנער. אונדזער מחשבה ווי אַ סאָציאַלע דערשיינונג שוועבט נישט אין דער לופטן און איז נישט אָפּ־געטיילט פונעם מענטש און ווערט אַ טייל פון דער אידעישער פּערצעפּציע פון דעם יחיד. די מענטשלעכע פּערצעפּציע באַשטייט אָבער נישט פון קיין מעכאַנישן אויפנעם־אינסטרומענט. די פּערצעפּציע באַווירקט און ענדערט די דערהאַלטענע פאַקטן און דערשיינונגען.

דער דרויסנדיקער פאַרשידן־באַנומענער סאָציאַלער אָרגאַניזם, מיט אַלע זיינע אינערלעכע דינאַמישע סתירות, רוקט זיך אַלץ מער אָפּ פון די פאַראייגנטע אידעישע קאָאָדעפיצירטע און פאַרסטאַטישטע אידעען, וואָס פאָרמירן אונדזערע סתירהדיקע וועלט־אָנשויונגען. ווייל מיר האָבן נישט קיין וויסנשאַפטלעכע קריטעריע צו מעסטן די סוביעקטן, דאָס הייסט די צוריקווירקונגען פון מענטש אויף זיין סביבה, זענען דערפאַר נישט מעג־לעך קיין וויסנשאַפטלעכע מסקנות פון סאָציאַל־אידעישע פּראָבלעמען.

דעם מענטש דאַכט זיך בלויז אויס, אַז ער האָט אָנגעכאַפּט דעם גאַנצן, ריינעם סאָציאַלן אמת.

ווי לאַנג דער אמת געפינט זיך אין סתירה צו אַנדערע אמתן, מוז ער פאַרלירן די אייגנשאַפט פון וויסנשאַפטלעכקייט. דער מענטש איז בלויז דער אייגנטימער פון אַ שטיקל איצטיקן אָדער געוועזענעם אמת, וואָס ער זוכט צו פאַראַלגעמיינערן דורך זיין באַגרענעצטן און פאַראיינהייטלעכטן אָבסערוואַציע־ווינקל.

צוליב דער פאַרגאַנצטקייט און פאַראייגנטקייט פון דער מענטש־לעכער קריטעריע, צוליב דעם וואָס עס גיסן זיך צונויף די דרויסנדיק־ווירקנדיקע דערשיינונגען און פאַקטן מיט דער פון פריער צוגעגרייטער קריטעריע, קאָן דער אידעישער קעגנער נישט באַנומען ווערן אָביעקטיוו־רעאַליסטיש. ער קאָן זעלטן פאַרשטאַנען ווערן אין זיין פולער אַרומנעמענ־דיקייט, ווייל כדי תופס צו זיין די סאָציאַלע קאָמפּליקאַציעס, געניו און פּינקטלעך ווי געזען דורך די אויגן פון צד־שכנגד, וואָלט דער מענטש באַדאַרפט קאָנען אַרויס פון דעם גדר פון זיין אייגענעם אָבסערוואַציע־ווינקל, ער וואָלט זיך פריער באַדאַרפט אויסטאָן פון אייגענעם אידעישן איינשטעל און שפּעטער פאַראייגענען דעם קעגנערס קריטעריע. קיין מענטש קאָן זיך זעלבסט נישט אַריבערשפּרינגען. כדי דאָס אוממעגלעכע צו דערגרייכן, דאַרף מען פריער פאַרשלינגען ווערן פונעם אידעישן קעגנער. אינעם סאָציאַל־אידעישן געראַנגל קומען מיר אין קאָנפליקט מיט סתירהדיקע שטיקלעך אמתן. אַלזייטיק קאָן מען דעם אידעישן קעגנער נישט באַנע־מען מיט דער נישט פאַרניכטעטער פאַראייגנטער קריטעריע. אונדזער אורטייל־כוח קאָן נישט זיין מער ווי אַן איינזייטיקער. מיר משפּטן אַלעמאָל יענעם, — און אַנדערש קאָן עס גאָר נישט מעגלעך זיין — נישט פון יענעמס שטאַנדפּונקט. דאָס שפּריכוואָרט „אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו״ איז בלויז אַן אַבסטראַקטער נישט־דערגרייכבאַרער פאַרלאַנג. אין דער פּראַקטיק שטעלן מיר זיך קיינמאָל נישט אַוועק אויף יענעמס פּלאַץ און מיר קאָנען נישט קוקן מיט יענעמס אויגן.

אידעישע איינשטעלונגען זענען זעלטן ווען פּריוואַט יחידישע. זיי זענען, בדרך־כלל, אַ שותפותדיקער פאַרמעג פונעם גאַנצן סאָציאַלן אָרגאַ־ניזם, אָדער פון באַזונדערע גרופּן אין די ראַמען פון אַ ברייטערן כלל. די מיינונגס־פאַרשידנקייטן צווישן אַנדערש גלויביקע און אַנדערש דענקענ־דיקע מאַניפעסטירן זיך הויפּטזעכלעך אויפן באָדן פון גרופּן קאָנפליקטן, קאָנפליקטן, וואָס וואַקסן אויס, נישט בלויז אויפן באַזיס פון פּראָדוקציע־

באַציוּנגען, נאָר אויך פון פיל אַנדערע פאַקטאָרן. דער אידעישער גערעאַנגל איז באַין אופן נישט באַגרענעצט צו אידעאָלאָגיעס פון די זיך ווידערשפּרע־כנדיקע עקאָנאָמישע קלאַסן. אינעם אידעישן גערעאַנגל קרייצן זיך דורך פאַרשידנאַרטיקע גרופּן אידעאָלאָגיעס, וואָס באַווירקן אומדירעקט איינע די אנדערע אינעם גאַנצן סאָציאַלן אָרגאַניזם. עס באַקעמפן זיך פּאָליטי־שע פּאַרטייען, רעליגיעזע סעקטעס, פילאָזאָפישע ריכטונגען, עטנישע גרופּן, איינשטעלונגען פון יוגנט און עלטער, און אומצייליקע אַנדערע גרופּן. אינעם אידעישן גערעאַנגל שטאַרבן אָפּ געוויסע גרופּן, אַנדערע קו־מען אויף און גאָר אַנדערע מאָדיפיצירן זיך אונטערן דרוק פון די דינאַ־מישע סביבה־באַדינגונגען. יעדער סאָציאַל־אידעישער איינס האַלט זיך אָן מיט אַלע כוחות אין פאַראייגנטן ברעקל אמת און שטייט אין געוויסע שייכותן אין ווערן באַווירקט אָדער באַווירקן אַנדערע.

די פאַראייגנטע און פאַראיינהייטלעכטע וועלט־אָנשויונגען פון באַ־זונדערע גרופּן אין דער געזעלשאַפט קומען צום אויסדרוק אין זייערע אינערלעכע צווישנבאַציונגען, ווי אויך אין שייכות פון יעדער אידעיש־געשלאָסענער גרופּע צום סאָציאַלן אָרגאַניזם אַלס גאַנצן. די מאָס פון פאַראייגנטקייט פון אַ סאָציאַל אַקצעפּטירטער אידעישער איינשטעלונג איז אָפּהענגיק פון דער הסכמה אָדער ווידערשפּעניקייט פון די באַזונדערע טיילן פון דעם סאָציאַלן אָרגאַניזם אַלס גאַנצן צו די אלגעמיין־אָנגענומענע סאָציאַלע „ווערטן". די ווערטן דינען ווי דער אַבסאָלוט נויטיקער צעמענט, אויף צוזאַמענצוהאַלטן די געזעלשאַפטלעכע גאַנצקייט. דאָס הייסט, אַז דער סאָציאַלער עקוויליבריום איז היפּטזעכלעך אָפּהענגיק פון דעם, ווי ווייט און ווי שטאַרק עס ווערן פאַראייגנט, אָדער אָפּגעפרעמדט ביי יחידים, גרופּן אָדער קלאַסן, די אַלגעמיין אָנגענומענע „סאָציאַלע ווערטן".

אידעישע איינשטעלונגען סינטעטיזירן זיך נישט גערן. זיי אַנט־וויקלען זיך און ווערן אַליין מער דערווייטערט פון דער רעאַליטעט. זיי מאָדיפיצירן זיך גאַנץ לאַנגזאַם. נאָך לאַנגזאַמער סינטעטיזירן זיי זיך מיט אַנדערע אידעישע איינשטעלונגען. אָפּאָזיציאָנעלע אידעישע איינשטעלונ־גען, אפילו ווען זיי ווערן קיינמאָל נישט קיין אַלגעמיין אַקצעפּטירטע און הערשנדיקע, נאָר מאַכן דורך דעם נאַטירלעכן פּראָצעס פון עליה און ירידה, דאָך גייען זייערע איינפלוסן נישט לאיבוד. זיי טראָגן צו זייער חלק אין סאָציאַל־אידעישן גערעאַנגל. אַדאַנק די אינערלעכע קעגנווירקונגען און אינערלעכע שייכותן, ווערן, כאָטש גאַנץ לאַנגזאַם, אַריינגעטראָגן באַ־גרענעצונגען, הוספות און פאַרענדערונגען.

די „ווערטן“ פון אַ סאָציאַלן אָרגאַניזם ווערן באַשיצט דורך אַקצעפּטירטע „נאָרמעס“, דורך אָנגענומענע געזעצן, מנהגים, געוווינהייטן און דורך דער גאַנצער גערישנטער טראַדיציע פון אַן איינגעשטעלטן פּאָלקס־וועג. אידעישע גרופּן־קאָנפליקטן ווערן ערשט דעמאָלט אַן אַלגעמיין סאָציאַל פּראָבלעם, ווען די סאָציאַל־אַקצעפּטירטע ווערטן ווערן טיילווייז אָדער גרינטלעך פונדאַמענטאַל אָנגעגריפן.

כאָטש די גרויסע שעפערישע פּערזענלעכקייט האָט אָפט, אונטער גינסטיקע געשיכטלעכע באַדינגונגען, די וויזיע און דעם כוח, ביז געוויסע גראַדן זיך קעגנצושטעלן קעגן די אַקצעפּטירטע סאָציאַלע ווערטן, ביים דורכשניט־מענטש אָבער שטאַרקט זיך כסדר די נטיה זיך אידעיש אויפֿצולעזן אין דעם קרייז פון זיין גרופּע. דאָס מענטשלעכע צוזאַמענלעבן שפּייזט כסדר דעם קאָנפאָרמירונגס־כוח. דער מעכטיקער סאָציאַל־אידעישער „סטים־ראָלער“ לויפט דורך איבער דער גרופּע און פירט דורך אין לעבן דעם סאָציאַליזירונגס־פּראָצעס. יעדע אידעישע גרופּירונג, אָדער וועלכער נישט איז גאַנצער סאָציאַלער אָרגאַניזם, אין זיין עצם־עקזיסטענץ פּראָדוצירט די שטריק, וואָס בינדן אידעיש צוזאַמען אַ גרעסערן אָדער קלענערן כלל. די שטריק זוכן אַרומצוגאַרטלען אַן אַלץ מער אויסגעברייטערטן אידעישן קרייז, כדי וואָס מער טאָטאַל צו באַהערשן דאָס לעבן.

אַזוי ווי אַ סאָציאַל פּראָבלעם מאַניפעסטירט זיך דורך דעם, וואָס אַ באַדייטנדיקע צאָל מענטשן נייגן אָפּ פון די אָנגענומענע ווערטן, דעמאָלט ווערט יעדער סאָציאַלער קאָנפליקט פאַרוואַנדלט אין אַ „ווערטן־קאָנפליקט“. די אַטאַקירטע ווערטן ווערן פאַרטיידיקט דורך די פון פריער אָנגענומענע איינשטעלונגען, פירונגען, טראַדיציעס און געזעצן. ווען אַ צאָל מענטשן וואַרפן צוריק, אָדער אינטערפּרעטירן אַנדערש די אַלגעמיין אָנגענומענע ווערטן, טראַדיציעס אָדער איינשטעלונגען און רוקן אַרויס נייע אָדער באַנייטע ווערטן, דעמאָלט ווערט דער ווערטן־קאָנפליקט פאַרוואַנדלט אין אַ סאָציאַלן קאַמף, וואָס ברענגט אין באַוועגונג דעם געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם [4].

[4] ברייטערע אָפּהאַנדלונגען איבער די פאַרשידענע ווערטן־טעאָריעס קאָן מען געפינען אין דער פילאָזאָפישער דריי־חדשים־שריפט „דוקא“, װאָס דערשיינט אין בוענאָס־איירעס, אינעם נומער 35, 1958. עס זענען דאָרט פאַראַן דריי וויכטיקע ארבעטן איבער די פאַרשידענע װערטן־טעאָריעס :

פאַר דעם אידעיש אויפגעלייזטן אין זיין גרופּע, פאַר דעם פול־שטענדיק קאָנפאָרמירטן, איז אַלעמאָל לייכטער צו האַנדלען אין פּסיכי־שער האַרמאָניע מיט דער אַלגעמיין אַקצעפּטירטער אידעען־איינשטעלונג, פון זיין שמעלערן אָדער ברייטערן כלל־באַוווסטזיין מיט וועמען ער אידענטיפיצירט זיך. וואָס גרעסער די גרופּע, אַלץ לייכטער איז זיך פאַרן יחיד אין איר אידעיש זיך אויפצולעזן. ווען אַן אידעישע איינשטעלונג פון דער גרופּע ווערט אַטאַקירט פון א דרויסנדיקן שונא אָדער אינערלעכן אָפּ־ווייכער, דעמאָלט פילט דער יחיד, אַלס אידענטיפיצירטער מיט זיין גרופּע, ווי עס וואָלט געווען אַ פּערזענלעכער אָנגריף קעגן זיין עגאָ. ביי אַן ערנ־סטער אידעישער אַטאַקע אויף די אָנגענומענע אידעישע ווערטן, פילט זיך דער פאַרטיידיקער פּערזענלעך אָנגעגריפן און ווערט עמאָציאָנעל אויפּגעקאָכט. ווי האָט דאָס יענער די העזה און די חוצפה אַזוי צו דענקען און אַזוי צו רעדן? דיסקוטירער איבער פּראָבלעמען, וואָס וואַקסן ארויס פון סאָציאַלע באַציונגען, זענען אַלעמאָל ביי זיך זיכער, אַז זיי פאַרטיידיקן זייערע מיינונגען פון שטאַנדפּונקט פון אַבסאָלוטן אמת, יושר און שכלדי־קייט. זייערע אַרגומענטאַציעס קלינגען אַזוי לאָגיש און גערעכט אין זייערע אייגענע אויערן. אין דער רעאַליטעט איז דאָס בלויז אַן עמאָציאָנעלע פאַר־טיידיקונג פון אייגענעם עגאָ, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט אַ באַשטימטן סאָציאַלן גרופּן־באַוווסטזיין. גאַנץ אָפּט באַטראַכטן מיר דעם אידעישן קעגנער ווי עפּעס אַ פּערזענלעך נישט־אָנגענעמען מענטש, אַן אָנשי־קעניש אָדער עפּעס ווי אַ נישט ריכטיק אינפאָרמירטן, וואָס ווייסט נעבעך נישט וואָס ער רעדט. מענטשן פילן זיך אָפּט נישט צו באַקוועם אין דער קעגנוואַרט פון דעם סאָציאַל אַנדערש דענקענדיקן. דאָס, פאַרשטייט זיך, קומט אויך פון דעם געפיל פון נישט צולאָזן קיין אַטאַקע אויפן אייגענעם עגאָ.

די אונטערשיידן צווישן די פאַרשידענע באַציונגען צו די אָנגענו־מענע ווערטן רוקן אַרויס אַ סאָציאַל פּראָבלעם, וואָס ענדיקט זיך מיט אַ באַהאַלטענעם און אמאָל מיט א טאָטאַל אָפענעם ריס און איבערברוך,

1) די וויכטיקסטע טעאָרעטיקער איבער דער ווערטן־לערע פון ש. מ. עסטרין;

2) די פראגמאטיסטישע פילאָזאָפיע פון ווערטן פון אַלפרעד שטערן;

3) די נישט־איינהייטלעכקייט פון די ווערטן פון שלמה סוסקאָוויטש.

אָדער אַמאָל גאָר מיט א סינטעטיזירטע אידעישע איינשטעלונג פון די פריערדיקע היפּוכדיקע באַציונגען.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע מענטשלעכע ווערטן האָבן די אייגנשאַפטן זיך צו ענדערן צוזאַמען מיט די ענדערונגען פון דער סביבה און פון די פּראָדוקציע־באַציונגען. עס זענען פאַראַן מאָראַליש־עטישע ווערטן, וועמענס חשיבות ענדערן זיך כמעט נישט און אַנדערע, וואָס זענען בלויז ציטווייליק. זייערע ווערטן זענען רעלאַטיוו צו דער צייט, אָרט, אָדער סביבה. די פאַראיבערגייענדיקע ווערטן ענדערן זיך סוף־כל־סוף מיט די ענדערונגען פון דער סביבה. דער קאַמף פאַר סאָציאַלע ענדערונגען ווערט רעדוצירט צו אַ ווערטן־קאַמף. עס זענען אָבער אויך פאַראַן פאַרגלאָריפיצירטע אַבסטראַקטע ווערטן, ווי אבסטראַקטער יושר, ערלעכקייט, גוטסקייט, עסטעטיק. די דאָזיקע ווערטן שטייען אָבער אָפּגערוקט אויף אַ געוויסן דיסטאַנץ פון די מער קאָנקרעטע אָנגענומענע סאָציאַלע ווערטן, וואָס ענדערן זיך צוזאַמען מיט די ענדערונגען פון גאַנצן סאָציאַלן אָרגאַניזם. זיי באַקומען אַן אַנדערן אינהאַלט אין דער קאָנקרעטער אָפּליקאַציע.

יעדע סאָציאַל־אידעישע מחשבה האָט דעם שטאַרקן באַגער און נוצט אויס יעדע געלעגנהייט איבערצוגיין צו מעשים. מעשים זענען דאָך נישט מער ווי אַ קאָנקרעטיזירונג אינעם פאַרזוך צו דער רעאַליזירונג פון אידעען. אידעישע איבערברוכן זענען אַ פּועל־יוצא פון „ווערטן־קאָנפליקטן". וואָס גרעסער עס זענען די צאָל „ווערטן" אין א סיטואַציע, אַלץ מער זעט דאָס פּראָבלעם אויס צו זיין פאַרשאַרפט. אָדער וואָס מער וויכטיקער די ווערטן זענען אין דער היראַרכיע פון „ווערטן", אַלץ מער ווערט פאַרשאַרפט דער קאָנפליקט צווישן די אָפּנייגלער און פאַרטיידיקער פון די אָנגענומענע סאָציאַל־אידעישע ווערטן, אָדער אידעישע באַציונגען צום אָרום.

קאָנפליקטן איבער „ווערטן" קאָנען פאָרקומען אויף אַ פּערזענלעכן, פּונקט ווי אויף אַ סאָציאַלן באַזיס. דער קאָנפליקט איבער ווערטן פון יחיד און כלל איז די פּראָווינץ פונעם פּסיכיאַטער אָדער פּסיכאָלאָג. בלויז זיי זענען מסוגל צו זוכן און אַמאָל טאָקע אויך צו געפינען אַ לייזונג. ווען אָבער די קאָנפליקטן איבער ווערטן קומען פאָר אויף אַ סאָציאַלן באַזיס, צווישן גרעסערע און קלענערע גרופּן, אינערהאַלב דעם גאַנצן סאָציאַלן אָרגאַניזם, צווישן אַקצעפּטירטע ווערטן און ניי־אַרויסגערופענע נויטן און באַציונגען, דעמאָלט איז דאָס אַ ריין סאָציאַל־אידעישער קאָנפליקט. ווען אַ רעלאַטיווע גרעסערע צאָל מענטשן מאַכן אַ פאַרזוך זיך לויז צו מאַכן

פון די שטריק פון קאָנפאָרמיזם, דאָס הייסט, ווען זיי זענען נישט פולשטענ־
דיק אידעיש אויפגעלייזט אין זייער גרופּן־אידעאָלאָגיע אָדער אָנגענומענער
טראַדיציע און פאָלקס־וועג, דעמאָלט ווערן די אָנגענומענע ווערטן און די
נאָרמען, וואָס באַשיצן זיי, געשטעלט אונטער אַ פראַגע־צייכן, צי זיי זענען
צוגעפּאַסט צו די געענדערטע נויטן פון די ניי־געשאַפענע היסטאָרישע
באַדינגונגען.

עס שטעלט זיך אַ פראַגע: צי מסקנות פון סאָציאַלע צווישן־באַציונ־
גען, וואָס מוזן זיך אַריינפּאַסן אין אַ סאָציאַל אידעישער ראַם, אין אַ
וועלט־אָנשויאונג, צי קענען אַזעלכע שלוסן דערגרייכן דעם צושטאַנד פון
אַן אַבסאָלוטן אָביעקטיוויזם? דאָס וואָלט בלויז געקענט מעגלעך זיין, ווען
די מחשבה זאָל זיך קענען דערהייבן זיך צו אינסולירן סיי קעגן דעם
אידעישען דרוק פון כלל, פון דעם אַלגעמיין אַקצעפּטירטן און סיי זיך
קענען באַפרייען פון אייגענעם עמאָציאָנעלן איינפלוס אויפן אידעישן
וועלט־באַנעם. פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען פאַראַן פאַרשידענע גראַדאַ־
ציעס אין דער מענטשלעך אינטעלעקטועלער טעטיקייט. בלויז יחידי־
סגולה קענען זיך טיילווייז דערהויבן איבער דעם סאָציאַל־אַקצעפּטירטן
און קענען בלויז מאַכן אַ פאַרזוך פון ראַציאָנאַליזירן זייערע מחשבות מיט
אַ ביסעלע אַ קלענערן סוביעקטיוון איינפלוס אויף די געצויגענע שלוסן
פון פּראָבלעמען, וואָס וואַקסן אויס פון דער סאָציאַלער אינטעראַקציע;
איינגאַנצן זיך פריי מאַכן פון דרויסנדיקן און אינערלעכן דרוק און קומען
צו ריין וויסנשאַפטלעכע מסקנות איז אַ פולשטענדיקע אוממעגלעכקייט.

"All faith is false, all faith is true:
Truth is the shattered mirror strown
In myriad bits; while each believer
His little bit the whole to own."
Abu El Yezdis "Kasidah" (5)

## 4

דער מענטש אין זיין ליידנשאַפטלעכן דראַנג צו אידעישער גאַנצקייט און האַרמאָניע, וואָס באַגלייט די פאַראיינהייטלעכטקייט פון זיין ציל, לאָזט זיך קלעטערן אויף זיין פאַרשכלטן געדאַנקען־לייטער. ער זוכט צו ראַציאָנאַליזירן זיין וועג צו זיין קיינמאָל נישט אין פול דערגרייכטן בבל־טורעם. די מענטשלעכע סאָציאַלע צילן קאָנען קיינמאָל נישט דערבליקט ווערן אָן דעם סוביעקטיוויזירטן אידעישן שליסל־לאָך, דורך וועלכן ער באַטראַכט דעם אַרום, זיך זעלבסט און זיינע באַציונגען צו דעם אַרום. דער פונדאַמענט, די סיבות און די הנחות פון דער פאַראיינהייטלעכטער אידעישער איינשטעלונג זענען טאַקע אָנגעשפאַרט אין דער רעאַלער זינדיקער ערד. די מענטשלעכע וויזיעס, זיינע בענקענישן, שטרעבונגען און באַוווסטזיניקע סאָציאַלע צילן, רייסן זיך אָבער אין די הימלען, צו אַן אומבאַקאַנטן מאָרגן. דער סוף־פונקט אָדער ענדציל פון מענטשלעכן אַלץ־אַרומנעמענדיקן אידעען־איינשטעל שטייט אַלעמאָל אין צענטער פון זיין אויפמערקזאַמקייט. סאָציאַלע אידעען זענען טאַקע אַן אַרויסוווקס פון ממשותדיקע נויטן, פון אַ רעאַל־ירושהדיקער און סביבהדיקער וועלט, און ראַציאָנאַליזירט דורך דער מחשבה. יעדער ווייטערדיקער שריט אָבער, וואָס דער מענטש מאַכט צו זיינע געגאַרטע צילן, געפירט פון זיין ראַציאָ־

(5) Englished by Sir Richard Burton

נאַליזירטער פאַראייגנטער וועלט־אָנשויונג, שאפט אַ כסדרדיקע דערוויי־טערונג פונעם אַבסאָלוטן אמת, פון די פאַקטישע דינאַמישע רעאַליטעטן. אין דער מענטשלעכער שטרעבונג צו זיינע געגאַרטע סאָציאַלע פּאַרפּיק־סירט ווערנדיקע צילן, וואָס שטאַמען טאַקע פון רעאַל־ערדישע נויטן און פּאָדערונגען, דערוויטערט זיך דער מענטש פון די אורשפּרינגלעך זיך אַוועקאַנטוויקלענדיקע רעאַליטעטן. ער ווערט אידעיש אָפּגעריסן פון דער ערד, אָבער ער דערנענטערט זיך באין־אופן נישט צו די הימלען.

יעדע וועלט־אָנשויונג, אמונה אָדער סאָציאַלער „איזם״, איז אַ פּועל־יוצא סיי פון די איינפלוסן פון דער מענטשלעכער דערפאַרונגס־וועלט, איצטיקע, פאַרגאַנגענע אוןביידע צוזאַמען, און סיי פון די נויטן און פאַר־לאַנגען פונעם יחיד און זיין גרופּע. די איינפלוסן ווערן ערשט פאַרבונדן דורך דער מענטשלעכער מחשבה, אַזוי, אַז זיי זאָלן זיך אַריינפּאַסן אין זיינע אייגענע שטרעבונגען, האָפענונגען און נויטן, אין די ראַמען פון זיין פון פריער פאַראייגנטער וועלט־אָנשויונג. כדי צו באַפרידיקן דעם מענטש־לעכן דאָרשט נאָך גאַנצקייט און האַרמאָניע, צו דער געגאַרטער אַלץ־אַרומנעמענדיקייט, רייסט זיך דער בן־אדם צו די אָפענע און נישט ביזן סוף דערגרייכטע הימלען, צו זיינע געגאַרטע אידעישע ענדצילן. און אויב איינע פון זיינע אָפּשטראַלונגען דערגרייכן שוין יאָ אַמאָל דעם פּינקטלעך אויסגעחלומטן סוף פּונקט, עס דאַכט זיך אים, אַז ער באַרירט שוין דעם זוים פון דער געטלעכקייט, דעמאָלט ווערט פון די הימלען אַ הויפן ברודיקע ערד און פון די געטער, פּשוטע זינדיקע בשר־ודמס.

מענטשן גאַרן אַלעמאָל נאָך דעם אַלץ־אַרומנעמענדיקן אַבסאָלוטן אמת. זיי זוכן אָנצוכאַפּן דעם אייגענעם שאָטן און קאָנען נישט. יעדעס פילאָזאָפישע סיסטעם, יעדע אידעאָלאָגיע אָדער אמונה, דאכט זיך אויס, אַז זי האָט דערגרייכט דעם גאַנצן אַבסאָלוטן אמת, אַז זי האָט שוין אָנגע־כאַפּט דעם אייגענעם שאָטן און אים צוגעשמידט צו דער וואַנט. יעדעס פילאָזאָפישע סיסטעם: אידעאַליסטן, מאַטעריאַליסטן, רעאַליסטן, פּראַגמאַ־טיסטן, לאָגישע פּאָזיטיוויסטן, פענאָמענאָלאָגיסטן, העגעליאַנער, ספּירי־טואַליסטן און אַזוי ווייטער און ווייטער — יעדעס פון זיי טראָגט זיך אַרום מיט אַן אייגענעם אמת. דאָס זעלבע איז אויך מיט אַלע אמונות און סאָציאַ־לע „איזמען״. יעדע אידעישע גרופּע און יעדער יחיד טראָגט זיך אַרום מיט אַן אייגן פאַראייגנטן אמת. יעדער וויל געבן דעם ענטפער צו דער קיינמאָל נישט געלעזטער פראַגע: וואָס איז דער אמת? אַלע, אפילו דיאַ־לעקטיקער, וואָס לייקענען אין אייביקע און שטענדיק גילטנדיקע און אַב־

סאָלוטע אמתן, איז אַזוי שנעל ווי זיי האָבן די אייגענע אמתן געוואָלט אָפּשליסן אין אַ סיסטעם, אין אַ וועלט־באַנעם, האָבן זיי אָנגעהויבן באַ־טראַכטן זייער פּאַראייגנטן אמת, ווי עפּעס אַ געשלאָסענע אַבסאָלוטקייט.

אידעישע קאָנפליקטן אינערהאַלב דעם אַלגעמיינעם סאָציאַלן אָרגאַ־ניזם דריקן זיך אויס אין אַ קאַמף איבער ווערטן. די ווערטן זענען נישט בלויז אַ פּועל־יוצא פון קעגנוואַרטיקע פּראָדוקציע־באַציונגען, נאָר זיי שטאַמען אויך פון צוויי אַנדערע קוואַלן; פון דער ירושה־דערפאַרונג און פון דער סוביעקטיוויזירטער מחשבה. אונדזערע אידעישע איינשטעלונגען זענען דעריבער געבונדן נישט בלויז צו די נויטן פון אַ היינט און געווענדט צום מאָרגן, נאָר זיי שטעקן אויך זייער טיף אין נעכטן. אין דער זעלבער צייט זענען מיר אויך געבונדן צו די נויטן, פאַרלאַנגען און אַספּיראַציעס פון דער סוביעקטיוויזירטער מחשבה אין וועמענס ראַמען עס פּאַסן זיך אַריין אַלע פאַרשכלדיקטע טעאָרעטישע קאַלקולאַציעס.

די פאַרסטאַטישט ווערנדיקייט פון אונדזערע סאָציאַל־אידעישע איינשטעלונגען זענען א פּועל־יוצא דערפון, וואָס די סביבה־רעאַליטעטן זענען אַלעמאָל רעלאַטיוו־דינאַמיש, בעת דער אידעישער איינשטעל. וואָס וואַקסט אַרויס פון די פריערדיקע און איצטיקע שטרעבונגען און נויטן פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן, די אידעען, וואָס באַזעצן זיך אין אונדזער באַוווסטזיין, בלייבן געבונדן צום נעכטן, צו פאַרבייגייענדיקע רעאַליטעטן. זיי ווערן דעריבער אַלץ מער פאַרשטייפט. די אידעען ווערן אין לויף פון צייט אָפּגעריסן פון די קאָנקרעטע אורבאַדינגונגען, וואָס האָבן זיי געבראַכט אויף דער וועלט. זיי בלייבן אָבער שטעקן אינעם מענטשלעכן באַוווסטזיין. און אין דער זעלבער צייט ווערן זיי אָבער אָפּגעריסן פון אייגענעם אור־שפּרונג. דער אידעען־איינשטעל, וואָס באַהערשט דעם מענטש, הערט מיט דער צייט אויף צו באַפרידיקן די נייע נויטן, אַרויסגערופן פון די נייערע איינפלוסן און דערפאַרונגען. דער אידעען־איינשטעל ווערט אין לויף פון דער צייט פאַרוואַנדלט אין אַ גייסטיק־־אויפגעשטעלטן גולם, וואָס באַ־הערשט זיין באַשאַפער. צו שנעל ווערט דער פריערדיקער אמת, די אידעען פון דער פאַרבייגעגאַנגענער רעאַליטעט, אַלץ מער פאַרוואַנדלט אין אַ סטאַטישער, אָבער דאָך נישט אינגאַנצן קיין פּרוכטלאָזער אַבסטראַ־קציע. דער פאַרגליווערט ווערנדיקער אידעען־איינשטעל ווערט כסדר אָפּגעריסן פון דער שטענדיקער פליסנדיקער רעאַליטעט, וואָס ליגט אויסער אונדז און האָט זיך נאָך נישט באַזעצט אין אונדזער סאָציאַלן באַוווסטזיין.

אונטערן וואָרט סאָציאַלער באַוווּסטזיין פאַרשטייען מיר די טאָטאַלע סומע פון סביבה און ירושה־איינפלוסן, פון נויטן און פאָדערונגען. דאָס אַלץ האַרמאָניזירט זיך און קומט צום אויסדרוק אין דירעקטע מעשים, וואָס ווערן אָנגעטריבן פון פאָרויסבאַשטימטע מיינונגען. די מיינונגען זיפּן זיך דורך אַ סוביעקטיוויזירטן אידעישן פּערספּעקטיוו און ווערן געווענדט צו א באַשטימטן אידעאַליזירטן ציל. אַזוי שנעל אָבער ווי מיר נעמען אויף די דינאַמיק פון אַ ציל־דירעקטירטן פּראָצעס, דורך אַ פון פריער פאַראייגנטער סכעמע, דורך אַ סאָציאַל־אידעאָלאָגישן באַוווּסטזיין, דעמאָלט פאַרשמעלערן מיר גלייך אונדזער פּאָקאַלן פונקט. ביים בעסטן ווילן דערזען מיר בלויז אָפּגעריסענע דערשיינונגען, שטיקלעך און ברעקלעך אמתן. אונדזער דאָרשט נאָך אידעישער גאַנצקייט טרייבט אונדז פון איין זייט צו גענעראַליזירן שטיקלעך אמתן, און פון דער צווייטער זייט, צוזאַמענצונעמען איזאָלירטע פאַקטן און אַריינפּאַסן זיי אין דער פאַראייגנטער פאַרשמעלערטער ראַם פון אונדזער פאַרסוביעקטיוויזירטער וועלט־אַנשויונג. מיר בויען אויף פון די איזאָלירטע פאַקטן אַ גאַנצן, אַן אייגענעם און אַלץ מער פאַרסטאַטישטן אמת. אונדזערע פאַראייגנטע אמתן זענען אָבער ווייט נישט קיין זיכערע מאָסן, ווייל זיי קומען אין קאָנפליקט מיט עמיצן אַנדערש אמתן.

דער געזעלשאַפטלעכער אידעען־איינשטעל, וואָס ווערט אויפגעבויט מיט דער הילף פון דער סוביעקטיוויזירטער מחשבה, אַנטוויקלט זיך אויף די רעלסן פון אַן אייגענער אינערלעכער ראַציאָנאַליזירטער לאָגיק, און דערפירט זיך זעלבסט צו זיינע אייגענע פאַרשכלדיקטע שלוסן. די שלוסן ווערן אין לויף פון דער צייט פאַרוואַנדלט אין אַן אַנטי־שכלדיקן קולט. סאָציאַלע אידעען ווערן אַנטי־לאָגיש אין שייכות צו די געענדערטע רעאַליטעטן.

די שייכותן צווישן מיינונגען און פאַקטן זענען אָפּט די זעלבע ווי צווישן אמת און זיין אָפּשיין, — די אידעע. אַ שפּיגל איז אָבער בלויז אַן אָפּשיין פון עפּעס רעאַל עקזיסטירנדיקס. דאָס זענען שייכותן צווישן דעם פאַרהאַרטעוועט ווערנדיקן אידעען־איינשטעל און די באַוועגלעכע רעאַליטעטן. די אידעע ווערט מיט דער צייט פאַרוואַנדלט אין א ווייטער אָפּשטאַמונג פון אַן אמת בלויז אויף אַזוי פיל, אויף וויפל אין דעם אידעען־איינשטעל איז נאָך פאַרבליבן אַן אָפּשיין פון פאַרבייגעגאַנגענעם. אָט דאָס ברעקל אָפּשיין איז אָפּט גענוג פאַרן מענטש, אַז דאָס זאָל ווערן זיין וועגווייזער, ער בויט דערפון אויף אַ באַזע אויף זיך זעלבסט צו באַרעכטיקן. אָנשפּאַ־

רנדיק זיך אויף אַ ברעקל אָפּשיין פון אַן אמת, גענעראַליזירט דער מענטש זיין אייגענעם סוביעקטיוון לעבנס־קוק און פּראָקלאַמירט אים אַלס דעם „איינציקן אַבסאָלוטן און אייביק גילטנדיקן אמת״. צוזאַמען מיט דער מענטשלעכער נטיה צו אימיטירן דעם כלל, ווערט די גענעראַליזאַציע די באַרעכטיקונגס־ און פאַרטיידיקונגס־באַזע פאַר דעם אייגענעם סאָציאַלן באַוווּסטזיין.

דער סוביעקטיווער קוק־ווינקל, דער שליסל־לאָך, דורך וועלכן מיר אָבסערווירן די פּראָבלעמען, וואָס וואַקסן ארויס פון די סאָציאַלע צווישנ־באַציִונגען, ווערט צוליב דער צוגעוווינטקייט, פאַראייגנטקייט און צוליב דער אָנגעלאָדנקייט פון פריערדיקע פּערצעפּטן, אַלץ מער פאַרגליווערט. אונדזער וועלט־אָנשויונג, די פּריזמע, דורך וועלכער מיר באַטראַכטן די פּראָבלעמען, וואָס פליסן אַרויס פון סאָציאַלע באַציִונגען, איז אַליין אין דער זעלבער צייט אַ פאַרענדיקטע פאַר׳סך־הכלונג פון פריער דערהאַלטענע אידעען, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין אונדזער באַוווּסטזיין, זיך סוביעקטי־וויזירט און זיך רעלאַטיוו באַשטענדיקט. די אידעישע איינשטעלונגען, אַן אַרויסוווּקס פון אַ „פריער״, באַוועגן זיך דעריבער אַלעמאָל פיל לאַנגזאַ־מער ווי די באַטראַכטנדיקע טראַנסענדירנדיקע דערשיינונגען פונעם היינט. דער סוביעקט ווערט אַרויסגערופן פון אַ פאַרגאַנגענעם אָביעקט. דער פּועל־יוצא איז, אַז מיר קאָנען בלויז באַנעמען האַלבע סאָציאַלע אמתן. די מענטשלעכע שטרעבונגען צו אַלץ־אַרומנעמענדיקע גאַנצקייטן דערגרייכן בלויז האַלבע און שטיקלעך רעאַליטעטן. מיר געפינען זיך דעריבער אַלע־מאָל אין אַן אידעישן דעפיציט לגבי דער מאָבילער רעאַליטעט.

ביז וואַנען די אידעען פון דער דרויסנדיקער וועלט דערגרייכן צו אונדז, ביז וואַנען זיי נעסטן זיך ביי אונדז איין, כדי צו שאַפן אין אונדז אַן אידעיש־האַרמאָנישע גאַנצקייט, ביז וואַנען די אידעען אינטעגרירן זיך מיט אונדזערע, פון פריער דערהאַלטענע פּערצעפּטן, ביז וואַנען מיר האָבן די נייע אידעען פאַראייגנט, האָט זיך שוין די דרויסנדיקע היינטיקע, רעאַלע סאָציאַלע וועלט, פון וואַנען די אידעען זענען באַווירקט געוואָרן, שוין גאַנץ ווייט אַוועקגעלאָפירט אין אייביקן גאַנג פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. דער אָפּשיין פון פאַרביישוועבנדיקע שטערנס אין דער איי־ביקייט פון אין־סוף דערגרייכן צו אונדז הונדערטער און מער יאָרן שפּע־טער. מיר האַלטן זיך בלויז אַן אין דעם אָפּשיין פון זיין פאַרשווונדנקייט. אונדזער אידעיש סוביעקטיווער שליסל־לאָך, אונדזער אידעאָלאָגיע, ווערט אַלץ מער אָנגעלאָדן און פאַרפיקסירט און אַלץ מער אָפּגעוואָרפן

פון דער דרויסנדיקער, מער אָביעקטיווערער, מער רעאַלערער וועלט פון מאָבילן סאָציאַלן היינט.

די מאַרקסיסטישע הנחה, אַז דאָס „דענקען" ווערט באַשטימט דורכן „זיין", אַז בלויז דאָס „זיין" באַשטימט דעם „באַוווסטזיין" און נישט פאַר־קערט, וואָלט געווען ריכטיק, ווען מיר קאָנען דערצו צושטעלן צוויי פאַר־באַדינגונגען: ערשטנס, ווען מיר זאָלן אינגאַנצן נישט מבטל מאַכן דעם שטאַרק קעגנווירקנדיקן איינפלוס פונעם „באַוווסטזיין" אויפן „זיין" און, צווייטנס, ווען מיר זאָלן קאָנען גענוי וויסנשאַפטלעך באַשטימען די גרע־נעץ־ליניעס אין די באַציונגען צווישן „זיין" און „באַוווסטזיין". ווען מיר זאָלן אויך קאָנען גענוי אָפּשאַצן דעם חלק, וואָס דער באַוווסטזיין טראָגט צו אין דער פאָרמירונג פון זיין, וואָס ווערט פאַראורזאַכט דורך דעם קרעאַטיוו מענטשלעכן צוריקווירקן פון דעם באַוווסטזיין אין באַוועגן דעם „זיין". די קעגנווירקונגען זענען נישט קיין מעסטבאַרע און מען קאָן צו זיי נישט אָנווענדן קיין וויסנשאַפטלעכן מעטאָד.

דאָ האַנדלט זיך נישט אין דער טעאָלאָגיש־פילאָזאָפישער פראַגע פון זוכן אַ סיבה־ראשונה, נאָר אינעם באַטראַכטן די עפעקטן פון די קעגנ־ווירקונגען זיי צו זען ווי גלייכע שותפים אין דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג. די מאַרקסיסטישע הנחה וואָלט געווען מער ריכטיק, ווען אין דעם „זיין", אין דעם פאַראַנענעם און עקזיסטירנדיקן, וואָלט אויך פאַרנומען אין אונ־דזער פאַרשטענדעניש אַ פיל מער בכבודיקן פלאַץ דאָס געוועזענע, דאָס שוין פאַרבייגעגאַנגענע, פון וואַנען אונדזער אָבסערוויר־ווינקל, די אידעאָ־לאָגיע, האָט זיך אויסגעפאָרמירט. דער מענטשלעכער באַוווסטזיין, וואָס פאָרמירט זיך אויס אין אַ פאַרענדיקטן אידעישן וועלט־באַנעם, ווערט פאַראורזאַכט נישט בלויז פון איינדרוקן און איינפלוסן פונעם פאַראַנענעם און עקזיסטירנדיקן „זיין". דער מענטשלעכער באַוווסטזיין איז נישט קיין רעאַקציע פון מעכאַנישע ווירקונגס־כוחות. דער מענטשלעכער אידעען־איינשטעל איז אַ פועל־יוצא פון דריי זיך קעגנווירקנדיקע פאַקטאָרן: ירושה, סביבה און אינדיווידועלע מחשבה. טעאָרעטיש אָנערקענט טאַקע דער מאַרקסיזם די געשיכטלעכע פאַקטאָרן, דעם ירושה־איינפלוס. אין דער מאַרקסיסטישער פראַקטיק אָבער, איז די אָנערקענונג פון דער ירושה בלויז אַ פאָרמעלע. אין דער פראַקטיק נעגירט דער מאַרקסיזם דעם ירושה־פאַקטאָר פונעם סאָציאַלן „זיין". דער מאַרקסיזם, פונקט ווי יעדע אַנדערע לכתחילהדיקע רעוואָלוציאָנערע לערע, האָט אין דער אָנווענדונג אַ נטיה צו נעגירן דאָס ירושהדיקע און אַרויסרוקן אַלץ שאַרפער און

בולטער דאָס סביבהדיקע. די גייסטיקע אָנלאַגן, דער סאָציאַלער באַוווּסט־זיין, וואָס פאָרמירט זיך אויס אין אַ וועלט־אָנשויונג, אין אַן אידעען־גאַנצקייט, שטעקט אַלעמאָל אויך אין טיף־ירושהדיקע וואָרצלען. דער מענטשלעכער אידעען־איינשטעל איז נישט בלויז אַרויסגעוואַקסן פון דער פאַראַנענקייט פונעם „זיין", נאָר אויך פון דער געוועזנקייט, פון וועלכער מיר זענען די יורשים.

דער פאַראייגנטער און פאַרסטאַטישט־ווערנדיקער אופן פון דענקען, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ סיי אינעם לעבן פונעם יחיד און סיי אינעם לעבן פון אַ כלל, האַלט זיך אויף מיטן כוח פון אינערציע. ווען אַ קערפּער באַוועגט זיך דורך דער קראַפט פון אַ שטויס, האַלט נאָך אָן די באַוועגונג, אפילו ווען די באַלדיקע סיבה, דער שטויס, איז שוין לאַנג באַזייטיקט געוואָרן.

אויך די פאַראייגנטע געזעלשאַפטלעכע אידעען זענען אַ טייל פון אונדזער „זיין", אפילו נאָכדעם ווי זיי ווערן אָפּגעריסן פון די אור־סיבות, וואָס האָבן זיי אַרויסגערופן צום לעבן. אויב דער פאַראייגנטער אידעען־איינשטעל געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון נישט געשטערטקייט מצד די נייע אַנטוויקלענדיקע רעאַליטעטן, דעמאָלט ווערט ער אַלץ טיפער איינגעבירגערט און ווערט נצח׳דיק. סאָציאַל־פאַראייגנטע אידעישע אָנלאַגן חזרן זיך אָפּט איבער אומגעשטערט פון דור צו דור. זיי טרעטן ערשט אָפּ, בלויז טיילווייז זייער פּלאַץ, נאָך אַ לאַנגן קאַמף מיט די נייע רעאַליטעטן, וואָס וואַקסן אַרויס פון די באַנייטע און געענדערטע סביבה־באַדינגונגען. די נאָך לעבעדיק אָנוואַקסנדיקע שאָטנס־אידעען בלייבן נאָך אַלץ איבער, ווי ווירקנדיקע פאַקטאָרן אין דער זיך בייטנדיקער סביבה. זיי בלייבן נאָך שטאַרק איינגעוואָרצלט אין דער גאַנצער פאָלקס־טראַדיציע.

אָפּגעלעבטערהייט דינען נאָך אַלץ געוויסע מאַניפעסטאַציעס פון דעם אַלטן אידעען־איינשטעל באַשטימטע ברייטערע אוטיליטאַרע צילן. דער סאָציאַלער באַוווּסטזיין בלייבט פאַראַנקערט אין א רעלאטיוו־פאַרבייגייענדיקן לעבנס־וועג. זיי, די אידעען, אָפּגעריסענע פונעם „איצט", דינען נאָך אַלץ ווי נייטיקער צעמענטיר־מאַטעריאַל, צוזאַמענצוהאַלטן דאָס לעבן פונעם כלל. דער סאָציאַלער עקוויליבריום ווערט צונויפגעהאַלטן דורך זיין שותּפותדיקן היסטאָרישן וואָרצל.

אונדזערע אידעען פון מאָבילן געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס זענען לכתחילה אויפגענומען געוואָרן ווי אַן איינהייט דורך דער מחשבה, גייען זייער שנעל ביי אונדז איבער אונטער דער השגחה פון אינסטינקט און

במילא ווערן די איינגעזעסענע אידעען אַלץ מער קאָנטראָלירט פון פאַראורטייל. דער סוביעקטיווער פאָראורטייל פאָרמירט זיך ביי אונדז אויפן באַזיס פון אַ גאַנצער ריי פאַקטאָרן: 1) פון דעם גאַנצן קאָנגלאָמעראַט פון פאַראייגנטע אידעען, פון אַ סביבה וואָס געפינט זיך כסדר אין אַ טראַנסענדירנדיקן צושטאַנד. 2) פון דער פאַראיינהייטלעכונג פון די אידעען. דער פּראָצעס פון סינטעטיזירן זיך פון די פריערדיקע און שפּעטערדיקע פּערצעפּטן, אין זייער פאָרמירן זיך אין אַ באַשטימטער וועלט־אָנשויונג. 3) פון דער פאַרסטאַטישטקייט פון די פאַראייגנטע און פאַראיינהייטלעכטע אידעען. די אַלע פאַקטאָרן פאַראורזאַכן, אַז דער מענטשלעכער אידעען־איינשטעל זאָל זיך כסדר אָפּרייסן פון דער זיך בייטנדיקער רעאַליטעט. דאָס ברענגט דערצו, אַז דער באַלאַנס צווישן דער רעלאַטיוו אָביעקטיווער מחשבה און די עמאָציעס זאָלן כסדר געבראָכן ווערן. די מחשבה, די ראַציאָנעלע פּערצעפּציע ווערט דורך דער אומאויפהערלעכער באַוועגונג פון דער רעאַלער סביבה אַלץ מער איראַציאָנאַל. דער רעלאַטיווער אָביעקטיוויזם פון אַן אידעען־איינשטעלונג געפינט זיך אַלעמאָל אין אַן איבערגאַנג צום סוביעקטיוויזם. די רעלאַטיוו־אָביעקטיווע ראַציאָנאַלע אידעען, פון דער רעאַליטעט, ווערן אַלץ מער פאַרוואַנדלט אין אַ סוביעקטיוון עמאָציאָנאַליזם. אויף דער וואָגשאָל פון „ריינעם שכל", וואָס קאַלקולירט, וועגט און מעסט רעאַלע באַדינגונגען און סיטואַציעס, וועלכע וואַקסן אַרויס פון געזעלשאַפטלעכע באַציונגען, ווערט אויף דער זייט פון די געוויכטער, וואָס דאַרפן באַלאַנסירן דעם רעאַלן אבסאָלוטן אמת, צוגעלייגט אַן אומבאַמערקבאַרער געוויכט, — דער סוביעקטיוויזם. דאָס צעשטערט דעם באַלאַנס צווישן דער מאָבילער רעאַליטעט און די אָנגעלאָדנקייט פון די פריערדיקע פּערצעפּטן, וואָס ווערן אַלץ מער עמאָציאָנעל סוביעקטיוויזירט. די אידעען, אויפגענומען דורך דער מחשבה, ווערן פאַראייגנט און אויסבאַהאַלטן דורכן אינסטינקט קעגן די אַטאַקעס, סיי פון די אַנדערש־דענקענדיקע און סיי פון די ניי־געשאַפענע רעאַליטעטן.

אויב פאַרן יחיד איז שווער איבערצורייסן מיט אַ פריערדיקער שטאַרק פאַראייגנטער לעבנס־אָנשויונג, איז עס פאַר אַ גאַנצן סאָציאַלן אָרגאַניזם נאָך הונדערטפאַכיק שווערער. דער שותפותדיקער לעבנס־קוק ווערט אינערלעך געשטאַרקט דורך דעם פאַרפילפאַכטן געוויכט פון כלל. די נטיה צו אימיטירן דעם כלל ווירקט אָפט שטאַרקער ווי די אינדיווידועלע מחשבה, וואָס קאָן נאָך חלילה דערפירן דעם מענטש צום אייגענעם נישט־קאָנווענציאָנעלן אופן פון טראַכטן.

אינעם מענטש ווירקן איינצייטיק צוויי שטאַרקע זיך ווידערשפּרעכנדיקע כּוחות. זיי קומען צום אויסדרוק דורך דעם סאָציאַליזירנדיקן און אינדי־ווידואַליסטישן אינסטינקט. פּונקט ווי עס איז אמת, אַז דער מענטש איז אַ סאָציאַל באַשעפעניש, איז אויך אמת זיין היפּוך: דער מענטש איז אינ־דיווידואַליסטיש. ער איז פאַר זיך אַ וועלטל, וואָס זוכט זיך אַרויסצודער־הייבן איבערן כלל.

צוזאַמען מיטן שטאַרקן באַגער פון יחיד, וואָס שנעלער אידעיש זיך אויפצולעזן אין דער גרופּע, אין דער סאָציאַלער סביבה וואָס ווירקט אויף אים, ווירקט אויך אינעם מענטש אַ פּונקט פאַרקערטער באַגער. ער זוכט זיך אַרויסצודערהייבן פון דער אידעיש־צוזאַמענגעשמאָלצענער מאַסע. דער מענטשלעכער עגאָ הייבט אָן צו דערפילן, ווי ער ווערט צעקוועטשט פון די סאָציאַליזירנדיקע פאַקטאָרן, וואָס דערדריקן אין אים זיין יחידיש־קייט. דער מענטשלעכער אַרויסווייז־אינסטינקט, וואָס איז אַביסל אַ מער אויפגעדעקטער ביים קינד און אַ מער פאַרשלייערטער ביים דערוואַקסע־נעם, זוכט צוריק צו רעהאַביליטירן דאָס אינדיווידועלע אינעם מענטש, וואָס ווערט אידעיש אויפגעלעזט אין דער צוזאַמענגעשמאָלצענער סאָציא־לער גרופּע.

דאָס גאַנצע רייסן זיך פון דעם קינד צו דעם צושטאַנד פון דער־וואַקסנקייט, איז צווישן אַנדערע אויך אַ מאַניפעסטאַציע פון אַ טיף פּסי־כישן פאַרלאַנג זיך פּערמאַנענט אויפצולעזן אין דער דערוואַקסנקייט, צו זיין ווי אַלע זענען. כאָטש דאָס „ווערן" מעג זיין אַלץ און דאָס „זיין", דער דערגרייכטער צושטאַנד איז גאָרנישט, דאָך זוכט דאָס „ווערן" אַלעמאָל אַ קפיצות הדרך צום „זיין". עס איז אמת, אַז דער דערגרייכטער צו־שטאַנד, דער ציל פונעם קינד, איז גאָרנישט אזא אידעאַלער, ווען מען קוקט אויף דעם מיט די אויגן פון אַ דערוואַקסענעם. איז צוזאַמען מיטן אינסטינקט זיך אידעיש אויפצולעזן אינעם כלל, ווירקט אויך דער זעלבסט־אַרויסווייז־אינסטינקט, וואָס זוכט דעם מענטש אַרויסצודערהייבן איבער דער שוין צוזאַמענגעגאָסענער מאַסע.

דאָס אינדיווידואַליסטישע געפיל, דאָס וועלן באַווייזן אַז איך לעב, איך בין דאָ, קומט קודם־כל צום אויסדרוק אין דעם יחידס קאַמף קעגן דעם דרוק פון כלל, אין וועלכן ער שטרעבט אין דער זעלבער צייט זיך אויפצולעזן. דער מענטש זוכט דעריבער גלייכצייטיק אויך צו באַווייזן זיין אַנדערשקייט, זיין אויסדערוויילטקייט, בעסערקייט און מער וויכטיקייט.

פון איין זייט ווירקט אונדזער מאַלפּישער אינסטינקט פון אימי־טאַציע, צו זיין דאָס וואָס אַלע זענען. צו אַדאַפּטירן און צו ווערן אַדאַפּטירט דורך דער אַרומיקער געזעלשאַפט, דורך אויפלעזן זיך אין דעם כלל. פון דער צווייטער זייט, וויל יעדער יחיד זיין אַ יוסף צו וועמען זיינע ברידער בוקן זיך. דער דראַנג פונעם זעלבסטאַרויסווייז־אינסטינקט קאָן ביי דער שעפערישער פּערזענלעכקייט זיין אַ גרויסער צושטייער צו די אַנטוויק־לונגס־כוחות פון דעם גאַנצן סאָציאַלן אָרגאַניזם. ביים דורכשניט־מענטש דריקט זיך אויס דער זעלבסטאַרויסווייז־דראַנג אויף פאַרשידענע ווידער־שפּרעכיקע אופנים. ער קומט צום אויסדרוק אינעם געיעג נאָך כבוד, רייכטום, אָנערקענונג, מאַכט אָדער אפילו אין העלדישקייט. אַ מענטש קאָן אפילו זוכן זיך צו דערהייבן איבער זיין גרופּע, מיט גוטסקייט פּונקט ווי מיט רשעות, מיט חוצפּה פּונקט ווי מיט עניוות. דאָס זענען אַלץ מאַניפעס־טאַציעס פון זעלבסטאַרויסווייז. דער אַרויסווייז־אינסטינקט מאַניפעסטירט זיך אויך גאַנץ אָפט צוזאַמען מיטן קעגנזעצלעכן סאָציאַלן אינסטינקט פון אויפלעזן זיך אין דער גרופּע, פון קאָנפאָרמירן זיך. גאַנץ אָפט איז אפילו דאָס דערהייבן זיך נישט מער ווי אַ מיטל פון אויפלעזן זיך אין אַן אנדער און מער חשובערע אָדער העכער געהאַלטענע גרופּע אין דער געזעל־שאַפט [6].

דער סאָציאַלער געוויכט לייגט זיך זייער שווער אויפן יחיד און רעדוצירט אָפט די שעפערישקייט פון זיינע נייגונגען, געדאַנקען און גע־פילן צו דעם סאָציאַל אַקצעפּטירטן. דער זעלבער כלל־באַוווסטזיין, אין וועלכן דער יחיד גאַרט זיך אויפצולעזן, זוכט טאָטאַל צו באַהערשן זיינע יחידים־מיטגלידער. עס איז שיין, ווייל אַלע באַטראַכטן עס פאַר שיין. עס איז די אָנגענומענע מאָדע. עס איז עטיש, ווייל דאָס איז די אָנגענומענע עטיק. רעד סאָציאַליזירנדיקער אידעישער איינפלוס ווערט אַזוי פּאַסיק אויסגעדריקט אין דעם שפּריכוואָרט: „די שטימע פון פאָלק איז די שטימע

(6) "Dress serves not only as a criterion of difference, but as a signal of identification. It is the visible feather which first draws the flocking birds together. Whether it is a coverall of the whole person, or simply a badge with a number and a photograph, it is a ticket of admission and a sign of belonging".

HORACE M. KALLEN

Cultural Pluralism And The American Idea.

פון גאָט !". דער יחיד דאַרף האָבן אַן אויסערגעוויינלעכן אינערלעכן כוח און מוט זיך טיילוויז שעפעריש אָפּצוזונדערן פונעם אַלגעמיין סאָציאַל אַקצעפּטירטן. עס פאָדערט זיך שטאַרקע אינערלעכע כוחות נישט צו ווערן פולשטענדיק דערטרינקען אין דעם כלל, אין וועלכן זיינע סאָציאַלע איינ־סטינקטן זוכן זיך פריוויליק אויפצולעזן. דער יחיד איז דעריבער דער שטענדיקער אומפאַרמיידלעכער קרבן פון דעם סאָציאַלן דרוק. דער כלל צוימט אַרום זיינע מיטגלידער מיט פּסיכאָלאָגישע ווענט פונעם אַלגע־מיין אַקצעפּטירטן. דער יחיד דאַרף האָבן אַ זייער שטאַרקע שעפערישע וויזיע, צו קאָנען אַריבערקוקן אויף דער צווייטער זייט פון דער צוים. די הויפּט־שפּייז פון יחידס סאָציאַלן דענקען באַשטייט אין דער אימיטאַציע פון כלל.

וועלכע עס איז סאָציאַלע פילאָזאָפיע אָדער טעאָריע, וואָס גיט זיך אָפּ מיט מענטשלעכע צווישנבאַציונגען און איגנאָרירט די צוויי ווידער־שפּרעכנדיקע מענטשלעכע אייגנשאַפטן: — דעם באַגער זיך אויפצולעזן אין דער סביבה און דעם באַגער זיך אַרויסצודערהייבן איבער דער סביבה — מוז אַריינגעשטופּט ווערן אין אַ טעמפּן ווינקל. דאָס פּראָבלעם אין סאָציאַלן לעבן, פּונקט ווי אין דער דערציִונג, וואָס גרייט צו צום לעבן, איז, ווי אַזוי צו שאַפן דעם נייטיקן עקוויליבריום. צו שאַפן אַן אידעאַלע האַר־מאָניע צווישן די צוויי היפּוכדיקע נייגונגען אינעם מענטש. די דאָזיקע ווידערשפּרוכן קומען צום אויסדרוק אין אַלע ווינקעלעך פון לעבן און האָבן זייערע ווירקונגען און איינפלוסן אויף די סטאַטישע און דינאַמישע כוחות אין באַוועגן די מענטשלעכע געשיכטע.

בלויז ווינציקע גרויסע גייסטער, אינטעלעקטועלע פּיאָנערן, קאָנען זיך אַקטיוו שעפעריש, טיילוויז אַרויסדערהייבן פונעם אַלגעמיין סאָציאַל־אַקצעפּטירטן. אויך אפילו זיי, די שעפערישע היסטאָרישע פּערזענלעכ־קייטן, וואָס קוקן ווייט אַריבער די צוימען פונעם אַלגעמיין אָנגענומענעם און סאָציאַל איינגעשטעלטן, זענען נאָך אַלץ, ביז געוויסע גראַדן, געבונדן מיט טויזנטער פעדים צו זייערע צייט־סביבות. זיי קאָנען זיך נישט פול־שטענדיק באַפרייען פון זייערע אייגענע ירושה־וואָרצלען. זיי זענען ווי פּראָמעטעוס צוגעבונדן צו אַ פעלדז, פאַר די זינד פון ברענגען דאָס צוגע־גנבעטע פייער צו דער מענטשהייט.

ערשט ווען די באַדינגונגען פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג ווערן רייף, סיי דורך די ענדערונגען אין דער סביבה וואָס קומען, סיי פון די אָנגעזאַמלטע דערפאַרונגען אין ניי־אַרויסגערופענע נויטן, און סיי דורך

דעם איינפלוס פון דער היסטאָרישער פּערזענלעכקייט, וואָס דאָס מיינט אייגנטלעך דער איינפלוס פון דעם „באַוווּסטזיין" אויף דעם „זיין", דעמאָלט ווערן ערשט געמאַכט די ערשטע ערנסטע שפּאַלטן אין די סאָציאַלע צווי־מען. די טרעגער פון די נייע אידעאָלאָגיעס ווערן די פּאַרגייער פון אַ נייעם געזעלשאַפטלעכן אידעען־איינשטעל ביי אַ ברייטערן אָדער שמעלערן קרייז מענטשן.

בדרך כלל איז דעם מענטש געוואַלדיק שווער זיך צו שיידן מיט אַן איינגעשטעלטן אופן פון טראַכטן, נאָכדעם ווי זיין וועלט־אָנשויונג ווערט שוין אַ פולשטענדיק פּאַרפיקסירטע. עס איז אים שווער איבערצו־רייסן מיט די פריערדיקע גייסטיקע אָנלאָגן. עס איז פּונקט אַזוי שווער זיך צו שיידן מיט פּאַראייגנטע אידעען, ווי מיטן סאַמע נאָענטסטן, ווי זיך שיידן מיט אַן אייגן שטיק לעבן. וואָס מער דער מענטשלעכער אידעען־איינשטעל ווערט פּאַראייגנט און פּאַרפיקסירט, אַלץ מער ווערט ער סוב־יעקטיוויזירט און אַלץ ווייניקער פעיק אויפצונעמען מאָמענטן פון אָביעק־טיווקייט פון דעם מאָבילן סאָציאַלן לעבן. דער אָפּגרונט צווישן די הער־שנדיקע פּאַרסטאַטישט ווערנדיקע אידעען, און די נויטן אַרויסגערופענע סיי דורך די געענדערטע רעאַליטעטן און סיי דורך דעם איינפלוס פון די עקספּאַנענטן פון נייערע אידעאַלן, ווערט אַלץ מער פּאַרטיפט, ביז אידעישע איבערברוכן.

נאָך אַ וויכטיקע סיבה, פאַרוואָס אידעישע איינשטעלונגען ווערן אַלץ מער פאַראייגנט און סוביעקטיוויזירט, שטאַמט אויך פון דעם היפּוכ־דיקן אינדיווידואַליסטישן אינסטינקט. דורך דער מענטשלעכער שוואַכ־קייט פון זעלבסטאַרויסווייז און זעלבסטדערהייבונג איבער דער צוזאַמענ־געשמאָלצענער מאַסע. דאָס קומט צום אויסדרוק דורך דער מענטשלעכער שוואַכקייט צו וועלן פאַרזיכערן דעם נצחון פון „אייגענעם אמת". מענטשן זוכן אַלעמאָל צו באַווייזן, אַז זיי ווערן געפירט פון ריינעם און אַבסאָלוטן אמת. יעדער טראַכטנדיקער יחיד איז ביי זיך זיכער, אַז זיינע מחשבות און זיינע מעשים ווערן דיקטירט פון ריינעם יושר און אומאָפּפרעגנדיקן אמת. יעדער מענטש איז זיכער, אַז זיין גאָט איז דער גאָט פון סאַמע גערעכטי־קייט. זיינע מיינונגען קאָן ער אַלעמאָל באַרעכטיקן, אַז זיי שטאַמען פון זיין איבערצייגונג, אַז זיי זענען געקומען צו אים דורך פּשוטע לאָגישע קאַלקו־לאַציעס.

די מענטשלעכע שוואַכקייט זיך זעלבסט צו באַרעכטיקן קאָן מען שטאַרקער באַמערקן ביי געזעלשאַפטלעכע פירער, טאָן־געבער און ביי

גרעסערע און קלענערע פּאָליטישע פיגורן. ביי מענטשן, וואָס דערהייבן זיך, אָדער ווערן דערהויבן איבער אַ גרעסערער אָדער קלענערער גרופּע, באַמערקט זיך דער דראַנג צו ווערן פאַרזיכערן דעם נצחון פון אייגענעם סוביעקטיוון אמת אַ סך מער בולטער. דער דראַנג פון ווערן זיך אַרויס־ווייזן אַלס דער שטענדיק גערעכטער איז נישט מער ווי אַ פאַרטיידיקונג פון אייגענעם עגאָ. דאָס איז אייגנטלעך נישט מער, ווי איינע פון די מאַ־ניפעסטאַציעס פון „זעלבסטאַרויסווייז"־אינסטינקט. ביי קינדער מאַניפעס־טירט זיך דער אינסטינקט מער אָפענער און אויפגעדעקטער. דערוואַק־סענע פּרוּוון דאָס אַמאָל פאַרדעקן אונטערן שלייער פון באַשיידנקייט. מענטשן האָבן דעריבער די שוואַכקייט מבטל צו מאַכן דעם צד שכנגדס מיינונג, כדי צו באַווייזן די אייגענע גערעכטיקייט. דאָס שאַפט ביים יחיד אַ געוויסע פּסיכישע זעלבסטדערהייבונג. יעדער יחיד, פּונקט ווי יעדער געשלאָסענער כלל פילט, אַז נאָר ביי אים ליגט באַהאַלטן דער גאַנצער אמת. יעדער קאָלעקטיוו פילט, אַז בלויז ער פאַרטרעט די גאַנצע גערעכ־טיקייט. דער קעגנער איז דאָך אַלעמאָל אומגערעכט און פאַלש. דאָס איז אַזאַ קאָנקורענץ־פאַרזוך, כדי זיך צו קאָנען דערהייבן איבערן צווייטן יחיד אָדער כלל, דורך אַן אַבסאָלוטע זעלבסטבאַרעכטיקונג פון דער אייגענער מחשבה און פון די אייגענע מעשים. דורכן צוטוליען זיך צום אייגענעם אמת, ווערט דער אמת אַלץ מער פאַראייגנט און סוביעקטיוויזירט.

אַזוי שנעל ווי ביים מענטש פאַרמירט זיך אויס זיין קריטעריע פון אמת, מוז ער לאָגישערווייז אָנהייבן זוכן מיטלען ווי אַזוי צו פאַרשטאַרקן זיין זעלבסטבאַרעכטיקונג. צו באַווייזן די גערעכטיקייט פון זיין אמת. אַמאָל דריקט זיך די זעלבסטבאַרעכטיקונג אויס אין אַרגומענטאַציע מיט די, וואָס האָבן אַ גאַנץ אַנדערע קריטעריע פון אמת, אָדער דורך אָרגאַניזאַציע צו פאַרשטאַרקן זיין שטרעבונג דורך צוגרייטן די מאַכט־מעגלעכקייטן צו פאָרמירן דאָס לעבן אין איינקלאַנג מיט זיין פּערזענלעכן אָדער גרופּן גלויבן, וואָס פליסט אַרויס פון זיין קריטעריע פון אמת.

דער פירער, וואָס שטעלט זיך אַוועק אָדער ווערט אַוועקגעשטעלט דורכן המון אויפן פּיעדעסטאַל, ווערט זיך פון דאָרט נישט אַראָפּלאָזן פרייווי־ליק קיין אומגערעכטער און דערנידעריקטער. אין דראַנג נאָך זעלבסטדער־הייבונג פילט ער, אַז ער מוז אַלעמאָל זיין דער גערעכטער פאַר דער געשיכ־טע און פאַר דער אייביקייט. ער איז טאַקע איינגעגלויבט אין אייגענעם אמת. ער איז איבערצייגט, אַז זיינע געדאַנקען און מעשים ווערן געפירט פון דער „אַבסאָלוטער" גערעכטיקייט און „ריינעם שכל". אין זעלטענע פאַלן,

ווען אַ פירער גיט צו זיינע אייגענע טעותים, איז דאָס בלויז אויף צו באַווייזן, אַז ער קאָן זיך אַליין דערהייבן איבער זיך, כדי זיך צו דערהייבן אין די אויגן פון זיינע נאָכפאָלגער אָדער אונטערטעניקע. דער פירער פון מאַסן איז אָפט גרייט צו ברענגען די גרעסטע צאָל פאָלקס־קרבנות, כדי דורכצופירן זיין סוביעקטיוון ווילן. דאָס אַלץ איז בלויז צו באַווייזן און צו פאַרזיכערן דעם נצחון פון אייגענעם אמת.

דער פאַרגעזעלשאַפטלעכטער אידעען־איינשטעל ווערט סיי ביים יחיד און סיי ביים כלל אידענטיפיצירט מיטן אַלגעמיין אָנגענומענעם סאָציאַלן באַוווסטזיין. ער ווערט אַ טייל פון דער אינדיווידועלער פּסיכיק. ביים יחיד ווערן זיינע אידעען אַזוי אומאָפּטיילבאַר פון אים, פּונקט ווי זיינע פיזישע קערפּער־טיילן. ביים כלל ווערן זיי אויסגעדריקט אין אַ פאַרגליווערטן פאָלקס־וועג, אַ פאַרקערפּערונג פון פאָלקס־טראַדיציאָנאַליזם. דער אָפּגרונט צווישן דעם איינגעשטעלטן סאָציאַלן באַוווסטזיין און דער מאָבילער רעאַליטעט ווערט אַלץ מער אויסגעברייטערט און פאַרטיפט. אין דעם אייביקן געראַנגל צווישן דעם נעכטן און היינט, צווישן די פריערדיקע און שפּעטערדיקע דערפאַרונגען און נויטן, בלייבט דער מענטש דער פאַרעקשנטער פאַרטיידיקער פון זיין פון פריער איינגעשטעלטן לעבנס־קוק. ער קלאַמערט זיך אין די פאַראייגנטע אידעען, אין זיינע סוביעקטיווע אמתן, וואָס זענען אַרויסגעוואַקסן פון אַ שוין פאַרבייגעגאַנגענעם נעכטן. ער פּרובירט זיך אָנהאַלטן אין זיין פאַראייגנטן אידעען־איינשטעל מיט אַלע זיינע כוחות. ער ראַציאָנאַליזירט עמאָציאָנעל זיין פון פריער צוגעוווינטן אופן פון זען זיינע שייכותן מיט דעם אַרום. דאָס איז אַ זעלבסט־פאַרטיידיקונג פון אייגענעם עגאָ, וואָס געפינט זיך אַן אויפגעלעזטער אין אַ כלל־באַוווסטזיין.

דער יחיד ווערט אָפט צעריסן אין דעם אייביקן קאָנפליקט צווישן זיינע איצטיקע און פריערדיקע דערפאַרונגען, צווישן דעם נעכטן און היינט, צווישן דעם סאָציאַל־אָנגענומענעם און זיינע פּערזענלעכע דערפאַרונגען, שטרעבונגען, נויטן, גלויבן און וויזיעס. אין דעם דאָזיקן קאָנפליקט זוכט דער מענטש שוץ און הילף אין דעם פאַרזוך מבטל צו מאַכן די נייע רעאַליטעטן. דער מענטש בלייבט אָפט פולשטענדיק בלינד צו די נייגעשאַפענע קאָמפּליקאַציעס, וואָס די געענדערטע באַדינגונגען האָבן אַרויסגערופן. אויב די מסקנות, וואָס ווערן געצויגן פון די נייע רעאַליטעטן פּאַסן זיך נישט אַריין אין זיין פון פריער אויסגעאַרבעטן פאַרפיקסירטן אידעען־איינשטעל, לייקנט ער אָפּ די נייע רעאַליטעטן. אויף ווי ווייט עס

איז אים נוגע, זענען קיין שום גרונטיקע ענדערונגען נישט פאָרגעקומען.

פאַרשטייט זיך, אַז די עקסטרעמע מאַניפעסטאַציעס פון פולשטענ־דיקן און אַבסאָלוטן נעגירן דעם היינט קאָן מען צום בולטסטן באַמערקן ביי עלטערע מענטשן, וועמענס וועלט־אַנשויונג איז שוין אַ פולשטענדיק פאַרשלאָסענע און פאַרפיקסירטע. די אַלגעמיינע נטיה פון אַ גייסטיק פאַר־ענדיקטן און שוין אויסגעשטאַלטיקטן מענטש איז זיך וואָס שטאַרקער צו קלאַמערן אינעם אייגענעם פסיכיש־גייסטיקן פאַרמעגן. דער יחיד היט אָפּ זיין פאַראייגנטע וועלט־אָנשויונג, זיין שליסל־לאָך, פונקט ווי זיין אויג אין קאָפּ. דער נעכטן ווערט אַלעמאָל מער פאַרהייליקט ווי דער היינט. דאָס אָפּגעזונגענע ליד זינגט זיך מיט מער פּאַטאָס. דער מענטש קאָן זיך נישט דערלויבן צו לאָזן, מירנישט־דיר־נישט, אַוועקשווימען שטיקער פאַראייגנט לעבן. אָפּט זענען די געטער אַליין מאַכטלאָז קעגן דער הערשאַפט פון פאַראייגנטן עמאָציאָנאַליזירטן נעכטן [7]

ווען נייע פאַקטן און באַווייזן לאָזן זיך נישט סינטעטיזירן און ווידערשפּרעכן דער פון פריער פאַראייגנטער וועלט־אָנשויונג, דעמאָלט זוכט נישט אַלעמאָל דער מענטש צו רעווידירן די אייגענע איינשטעלונגען, נאָר עס שטאַרקט זיך ביי אים די נטיה צו ווענדערן די פאַקטן, זיי דורכצוזייען דורכן אייגענעם סוביעקטיוון קוק־ווינקל. מענטשן ווערן צו אָפט אַרעסטירט פון זייערע אייגענע דאָגמאַטישע איינשטעלונגען, פון וואַ־נען עס איז זיי זייער שווער זיך אַרויסצודראַפּען. אויב אַ מענטש האָט שוין יאָ די נייטיקע אינטעלעקטועלע כוחות זיך זעלבסט צו רעווידירן, קומט עס אויך פאָר בלויז אונטער אַ שטאַרקן דרוק פון שרייענדיקע פאַקטן. וואָס האָבן ערגעץ־ווו פּאָטענציעלע אוטיליטאַרע ענדצילן. אידעאָלאָגישע ענדערונגען קומען דעריבער נישט פאָר פלוצים. דאָס איז אַ זיך אַנטוויק־לענדיקער פּראָצעס. אַ מענטש מוז זיך פריער אָפּקילן פון אַ פריערדיקער אידעישער איינשטעלונג. דערפאַר טאַקע זענען לאָגישע אַרגומענטאַציעס נישט אַלעמאָל קיין ווירקזאם מיטל. עס מוז פריער מאָדיפיצירט ווערן דעם צד־שכנגדס אויפנאַמע, זיין קוק־ווינקל.

---

(7) "We have such frequent blocks to admitting that we may be acting on the basis of irrelevant emotion rather than as clear minded and reasonable beings. We are generally satisfied to fool ourselves".

Rationalization And Abattoir
by JAMES MARSHAL

עס טרעפט זייער זעלטן, אַז אין אַ סאָציאַל־אידעישער דיסקוסיע זאָל וועלכער עס איז צד זיך דערקלערן פרייוויליק באַנקראָט און אָננעמען דעם קעגנערס מיינונגען. אפילו ווען עס ווערט אָנגעווענדט די שאַרפסטע לאָגישע אַרגומענטאַציעס, העלפט עס אַלץ נישט, אַז דיסקוטירנדיקע צדדים זאָלן זיך נעענטער באַרירן. ביידע צדדים זענען באַקליידט אין שווערע אי־דעאָלאָגישע פאַנצערס. די פאַקטן און די לאָגישע אַרגומענטאַציעס ליגן איינגעראַמט אין אַ פאַראייגנטער אָרגאַניש־אידעישער גאַנצקייט. דאָס זיי־טיקע אויג קאָן אָבער אָפט באַמערקן, אַז די צדדים פאַרטרעטן האַלבע און שטיקלעך אמתן, אָדער אַ זייער ווייטן אָפשיין פון אַן אמת, איינגעראַמט אין אַ גאַנצער וועלט־אָנשויונג. זיי שפאַרן זיך אָן אויף שטיק־לעך אמתן, כדי עס זאָל זיך באַקומען אַן אידעישע גאַנצקייט. דעם מענטש איז בדרך־כלל שווער אָנצונעמען בלויז אַ שטיקל אמת און דאָס איבעריקע אָפצוּוואַרפן, ווייל עס גייט דאָ נישט אין די ברעקלעך, נאָר אין דער אי־דעישער גאַנצקייט, וואָס ווערט אָנגענומען אָדער צוריקגעוואָרפן. דער מענטש האָט מערסטנס אַן „אַלץ״־ אָדער „גאָרנישט״־באַציונג ווען עס קומט צו סאָציאַל־אידעישע פראָבלעמען. ווען מען זאָגט אַן „א״, זאָגט מען שוין אויך אַ „ב״, אפילו ווען אין דער רעאַליטעט ווערט דער „א״ נישט באַגלייט פונעם „ב״. הוילע לאָגיק און פאַקטן, וואָס ווערן נישט באַגלייט מיטן קיין עמאָציאָנעלן אַפעל, האָבן אַ גאַנץ קנאַפּן איבערצייגונגס־כוח [8].

צו לאַנג קאָנען אָבער נייע רעאַליטעטן און די נייע דערפאַרונגען, וואָס קומען פון זיי אַרויס, פולשטענדיק נישט איגנאָרירט ווערן. עס באַ־ווייזן זיך יחידים מיט גרויס־וויזיע, אינטעלעקטועלע פּיאָנערן, מענטשן וואָס זענען ווינציקער געבונדן מיט די שטריק פון אַלגעמיין־אַקצעפּטירטן טראַדיציאָנאַליזם און האָבן אויך דעם נייטיקן וויסן צו פאַרשטיין די קעגנ־וואַרט און האָבן אַ געוויסע וויזיע פאַר דער צוקונפט. זיי הייבן אָן צו לייגן די פונדאַמענטן פאַר אַ נייעם אָדער באַנייטן אידעען־איינשטעל. אויב די הנחות, אויף וועמען די ענדצילן פון די נייע סאָציאַלע אידעען זענען גע־בויט, האָבן אַן עלעמענט פון רעאַליזם און די נייע אידעאַלן באַפרידיקן

(8) "An idea is true so long as to believe, it is profitable to our lives, that it is good for as much as it profits".

Pragmatism, by WILLIAM JAMES

אויף וועלכן עס איז אופן די אייגננוציקייט און די עמאָציאָנעלע און ראַ־ציאָנעלע זוכענישן און בלאָנדזשענישן פון די פּאָטענציעלע נאָכפאָלגער, דעמאָלט ווערט דער אידעען־איינשטעל רעלאַטיוו באַשטענדיקט אין אַ ברייטערן אָדער שמעלערן כלל־באַוווסטזיין. די נייע רעאַליטעטן מוזן סוף־כל־סוף, נאָך לאַנגע פּאַרשפּעטיקונגען, אויף אַ געוויסן אופן ענדערן דאָס פון פריער פאַראייגנטע קוק־ווינקל. דער מענטש הייבט אָן צו פּאַראייגע־נען נייע ווערטן.

עס וואַקסן אָן סתירות צווישן דעם צוגעוווינטן אופן פון דענקען און די נייע רעאַליטעטן. דאָס קומט פּאָר נישט בלויז ביי אַ געזעלשאַפט־לעכן אידעען־איינשטעל פון וועמען די רעאַליטעטן האָבן זיך שוין לאַנג אַוועקאַנטוויקלט, נאָר אויך אַ נייער אידעען־איינשטעל, אַן אַרויסגעוואַק־סענער פון נייערע רעאַליטעטן טראָגט אויך שוין אין זיך זעלבסט די אייביקע סתירה פון דעם נעכטן, היינט און מאָרגן. אַ נייער סאָציאַל־אידעישער איינשטעל איז פון איין זייט נאָך שטאַרק געבונדן צו די באַל־דיקע סביבה־באַדינגונגען, וואָס שטעקן נאָך טיף מיט זיינע וואָרצלען אין דער ירושה און פון דער צווייטער זייט, אַנטוויקלט זיך אַ טענדענץ ביי יעדן נייעם אידעען־איינשטעל זיך לויז צו מאַכן פון די שטריק פון נעכטן. דער צוקונפטיקער ציל, וואָס א נייער אידעען־איינשטעל טראָגט מיט זיך, זוכט זיך וואָס שנעלער צו באַפרייען פונעם טראַדיציאָנאַליזם. א נייער אידעען־איינשטעל פּאַרפּליט אָפטמאָל אין דער לײדיקייט אַריין, אויף די פליגל פון אייגענער זעלבסטבאַגייסטערונג. אַן אידעען־איינשטעלונג איז אַלעמאָל פאַרבונדן מיט אַ באַשטימטן סאָציאַלן ציל. זוכנדיק אַ קפיצת הדרך צום געשטעלטן ציל, דוכט זיך דעם מענטש אויס, אַז עס וועט אים זיין לייכטער צו דערפליען צו זיין ענדציל, אויב ער וועט פון זיך וואָס שנעלער אַראָפּוואַרפן די לאַסט פונעם געוועזענעם, וואָס איז פאַרקער־פּערט אין אַ פּאַרסטאַטישטן טראַדיציאָנאַליזם און האָט אַ נטיה אים צו בינדן און צוריקצוהאַלטן. צוזאַמען מיטן געוועזענעם, זוכן די טרעגער פון נייע אידעישע איינשטעלונגען אויך אַרויסצוּוואַרפן שטיקער היינט, וואָס איז נאָך אַלץ ירושהדיק ענג דורכגעקניפּט מיטן געוועזענעם. דער פּועל יוצא דערפון איז, אַז דער נייעסטער אידעען־איינשטעל, מעג ער זיין ווי רעאַליסטיש, קומט אין סתירה מיט דער פאַראַנענקייט, מיטן היינט. יעדע רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגיע זוכט זיך אויסצוברייטערן צו אַן אַלץ אַרומנעמענדיקייט, זיך צו פּאַרפיקסירן און זיך צו באַשטענדיקן און פּאַר־וואַנדלט זיך שנעל אין אַ האַלבן אמת.

אַלע פּראָבלעמען, וואָס מאַטערן פּאָטענציעלע נאָכפאָלגער פון אַ נייער סאָציאַלער אידעע, הייבן אָן דורכצוגיין די פּריזמע פון דער נייער וועלט־אָנשויונג. די נייע אידעען זוכן צו פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין דער אָפּעריר נדיקער סביבה. די טענדענצן קאָן מען באַמערקן אפילו ביי יעדן אָנפאַנגלעך געזעלשאַפטלעכן „איזם״, אָן אונטערשיד צי זיין איינפלוס־ספערע אָפּערירט אין אַ באַגרענעצטן קרייז פון אַ גרופּע, פּאַרטיי אָדער סעקטע, אָדער אין ברייטערן פּאָלקישן שטח. אין ווייטגייענדיקע פאַלן זענען דאָס די נייע אידעאָלאָגיעס און פילאָזאָפיעס די פאָרגייער פון גרויסע און וויכטיקע סאָציאַלע איבערקערענישן. ספּעציעל איז דאָס געווען בולט צו באַמערקן אין די געשעענישן פון די לעצטע דריי יאָרהונדערטער. דער ענגליש־פראַנצויזישער מאַטעריאַליזם פון אכצנטן יאָרהונדערט, דער דייטשישער אידעאַליזם פון ניינצנטן יאָרהונדערט און דער איינפלוס פונעם מאַרקסיזם אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג, ספּעציעל אויף גרויסע טיילן פון דער אייראָפּעישער אינטעליגענץ צום סוף פון לעצטן און אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט. דאָס זענען אַלץ געווען פּראָלאָגן צו שפּעטערדיקע טיף־גייענדיקע אידעאָלאָגישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע איבערקערענישן.

כאָטש נישט אַלעמאָל האָבן נייע אידעען, אַלס פּאָרלויפער, געשפּילט די ראָל פון אַ דירעקטן סאָציאַל־פּאָליטישן רעוואָלוציאָנערן כוח, דאָך זענען זיי געווען אַן אָנזאָג און אַן אויסדרוק פון פּאָטענציעלע ענדערונגען, וואָס זענען פאַרגעקומען אינעם קאָמפּליצירטן סאָציאַלן געוועב. נייע אידעען גרייטן צו די געדאַנקען און געפילן פון אַקטיווערע טיילן פון פאָלק, און העלפן אונטערגראָבן די גייסטיקע פונדאַמענטן פון אַ שוין זיך וואַקלענדיקן אַלטן סדר. סאָציאַלע און פּאָליטישע קריזיסן גרייטן צו די באַדינגונגען און שאַפן די נייטיקע פּסיכאָלאָגישע סיטואַציע אופצונעמען נייע אידעען, נייע אמתן, וואָס ווערן אַלץ מער סוביעקטיוויזירט. כדי דאָס פּאָטענציעלע זאָל זיך פאַרבינדן מיט דער נייער רעאַליטעט, איז נייטיק אַ שטויס פון דרויסן. נייע אידעען ווערן נישט געבוירן אין איין טאָג. ווי שטאַרק עס זאָל נאָר נישט זיין זייער רעוואָלוציאָנערער שווונג, זענען זיין אַלץ אַן אַרויסוווקס סיי פון אַ היינט, וואָס האָט זיינע וואָרצלען אינעם נעכטן און סיי אין דעם איינפלוס פון דער היסטאָרישער פערזענלעכקייט. פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון נייע אידעען פאָדערט זיך אַ פּאַסיקע סביבה און אַ קרייז מענטשן וועמען די פּראָבלעמען רירן אָן אויף וועלכן ס׳איז אופן. אָט די מענטשן ווערן אָפט די אַפּאָסטאָלן פון אַ נייער

אָדער באַנייטער וועלט־אָנשויונג, וואָס קאָן אונטער געוויסע גינסטיקע באַדינגונגען ווערן אַן אַלגעמיין־געזעלשאַפטלעך אַקצעפּטירטער.

נייע געזעלשאַפטלעכע אידעען פֿאַרכאַפּן קודם־כל די פאַנטאַזיע פון דער יוגנט, וואָס איז רעלאַטיוו ווינציקער אָנגעלאָדן מיט דער לאַסט פון טראַדיציע און פאַרשטייפט ווערנדיקע איינשטעלונגען. די יוגנט, וואָס רייסט זיך צום לעבן, צו שעפערישקייט און וועמענס וועלט־אָנשויונג איז נאָך נישט קיין געשלאָסענע, קיין פולשטענדיק פאַרפיקסירטע, איז דעריבער אַלעמאָל מער מסוגל צו ווערן מיטגעריסן מיט נייע אָדער באַנייטע און נאָך נישט קיין פּאָפּולערע און אַלגעמיין־אַקצעפּטירטע געדאַנקען. פּאָליטישע דעמאַגאָגן זוכן דעריבער קודם־כל צו פאַרכאַפּן די געדאַנקען פון דער יוגנט. וואָס רייסט זיך צו נאָך נישט קיין אַנטדעקטע וועלטן. די פּאָטענציעלע שעפערישקייט פון דער יוגנט קאָן דעריבער אויך אויסגענוצט ווערן פאַר דעסטרוקטיווע צילן. די יוגנט איז נאָך נישט פעסט איינגעמויערט אין דעם אַלגעמיין־אָנגענומענעם און האָט אָפט די באַוועגלעכקייט זיך קעגנצושטעלן און נישט גרינג שלום צו מאַכן מיטן עקזיסטירנדיקן, וואָס איז געשאַפן און צוגעגרייט געוואָרן פון זיינע פאָרגייער. אין דער יוגנט ליגט אַ גרויסער שעפערישער כוח, וואָס זוכט איבערצובייגן דאָס וואָג־צינגל פון דעם סאָציאַלן גלייכגעוויכט. די יוגנט האָט דעריבער די נייטיקע וויזיע פון אַ צוקונפט־ציל, וואָס איז ווינציקער צוגעבונדן צו אַ נעכטן.

„ונבאו בניכם ובנותיכם,
זקניכם חלומות יחלמון,
בחוריכם חזונות יראו״.

יואל ג. 1.

„און אייערע זין און אייערע טעכטער
וועלן זאָגן נביאות,
אייערע זקנים וועלן חלומען חלומות
און אייערע יונגעלייט
וועלן זען וויזיעס״.

די יוגנט קאָן אונטער גינסטיקע באַדינגונגען האָבן די נייטיקע כוחות צו שווימען קעגן שטראָם. דאָס איז דער אייביקער אויסדרוק פון דעם קאַמף פון די יונגע דורות, ספּעציעל אין תקופות פון סאָציאַלע איבערברוכן.

אַ סאָציאַל־אידעישער וועלט־באַנעם איז אין זיין לכתחילהדיקייט אַ פּאָטענציעלער פאָרגייער פון טיפע ענדערונגען. דאָס איז אָבער נישט אַלעמאָל אַזוי. גאַנץ אָפט שטאַרבן אָפּ אידעאָלאָגיעס אין זייער פריסטער יוגנט. ניי־געפּרעדיקטע אידעען זענען גאַנץ אָפט קורץ־דויערנדיקע און

נעמען אַרום אַ שטאַרק באַגרענעצטן קרײַז. זיי נעמען זיך נישט אָן אין לעבן, נישט אין דער ברייט און נישט אין דער טיף. אָדער עס פעלן די נייטיקע היסטאָרישע פערזענלעכקייטן זיי, דורכצוזעצן, אָדער זייערע פֿאַר־בינדונגען מיט די רעאַל־היסטאָרישע נויטן און פֿאָדערונגען זענען בלויז אויבנאויפיקע און צופעליקע, אָדער אַמאָל בײדע צוזאמען. די געפּרעדיקטע אידעע ווערט דעמאָלט זייער שנעל אימפּאָטענט. אויב זיי נעמען זיך נאָך אָן ביי אַ געוויסן קרײַז נאָכפאָלגער, ווערט די אידעע ביי זיי אַ פֿאַרדאָג־מאַטיזירטער טויטער קולט. אַזעלכע סאָציאַלע אידעען שטאַרבן נאָך אײדער זיי מאַכן די ערשטע טריט פון זייער זעלבסטרעאַליזירונג, זיי האָבן נישט דעם כוח צו דערשלעפּן זייערע פּאָסאַזשירן צו דער צוגעזאָגטער סטאַציע. אויף וויפל אַזאַ סאָציאַלע אידעאָלאָגיע האַלט זיך נאָך אויף ביי די נאָכפאָלגער, איז דאָס אָדער מיטן כוח פון אַ דרויסנדיקער מאַכט, אָדער פון אַן אינערלעכער צוגעוווינטקייט און פֿאַראײגנטקייט. די אידעע אין קאַמף פֿאַר איר אויפהאַלט פֿאַרשטאַרקט ביי אירע אָנהענגער די עמאָציאָ־נעל באַווירקטע לאָגיק, וואָס האָט דעם איינציקן ציל: זיך צו באַרעכטיקן. די אידעע ווערט בלויז אַ טויטער און דעסטרוקטיווער נאָכשלעפּער נאָך געשעענישן און צוימט די דינאַמישקייט פון דער זיך אַנטוויקלענדיקער קעגנוואַרטיקער רעאַליטעט.

“Human pride
Is skillful to invent most serious names
To hide its ignorance”
SHELLEY. P. B. Queen Mab.

## 5

דער מענטשלעכער כלל, פונקט ווי דער יחיד, שטויסט זיך כסדר אָן אין פּראָבלעמען, וואָס נייטיקן זיך אין אַ לעזונג. דער ערשטער שריט צום וויסן איז צו געפינען דאָס פּראָבלעם אין דער ריכטיקער צייט און אויפן ריכטיקן אָרט. פּראָבלעמען, וואָס וואַקסן אַרויס פון מענטשלעכע צווישנבאַציונגען און זייערע אינערלעכע שייכותן צום אַרום, זענען נישט קיין סטאַטישע דערשיינונגען, דערפאַר איז זיי שווער אָפּצוצוימען און דעפינירן. די שוועריקייט באַשטייט אין דעם, וואָס אַ פּראָבלעם שטייט אַלעמאָל אין דינאַמישע באַציונגען סיי מיטן „פריער" און סיי מיטן „אַרום". ווען מיר ווילן אָנכאַפּן די סיבה פון אַ דערשיינונג, כאַפּן מיר אָן אַן עפעקט פון אַ נאָך פריערדיקער דערשיינונג. די קוואַלן פון וויסן אויף צו דערזען ווי אַזוי צו לעזן אַ סאָציאַל פּראָבלעם, פונקט ווי דאָס פּראָבלעם גופא, ליגן נישט בלויז אין די פאַקטן אָדער אין די אָנגעזאַמלטע ידיעות, נאָר אויך אין די נישט־באַשטענדיקטע שייכותן, אין דער אינטעראַקציע, וואָס ענדערט זיך כסדר.

די אויפגאַבע פון וויסן, ספּעציעל אין פראַגן פון מענטשלעכע צווישנבאַציונגען, איז נישט בלויז אויף צו באַשטעטיקן דעם כאַראַקטער פון דער אָפּגעזונדערטער דערשיינונג, נאָר אויך צו קאָנען אורטיילן זיינע פּאָטענצן און זיינע באַציונגען מיט די אַרומיקע דערשיינונגען. דאָס רע־דוצירן אונדזער וויסן בלויז צו אינפאָרמאַציע ליידיקט אויס די מענטש־לעכע דערפאַרונגען פון זיינע שעפערישע קוואַליטעטן. דאָס וואָלט בלויז פאַראורזאַכט רעפּעטיציע. איבערחזרונג איז אָבער נישט אידענטיש מיט אַנטוויקלונג. עס איז נישט קיין פראַגע פון סתם זיך אָנהאַלטן אין אַ דער־

שיינונג, וואָס ווערט נישט מאָדיפיצירט דורך נייערע דערפאַרונגען און במילא מיט נייערע ענדערונגען.

געזעלשאַפטלעכע אינטעראַקציע, וואָס דריקט זיך אויס אין שטענ־דיקע קעגנווירקונגען פון מענטש און מענטש, און מענטש און סביבה, איז אַן אומאויפהערלעכער פּראָצעס, וואָס ברענגט אין באַוועגונג דאָס סאָציאַלע לעבן. אַזאַ באַוועגונג גייט אָבער להיפּוך צום מענטשלעכן דאַרשט נאָך באַשטענדיקייט, זיכערקייט און אַלץ אַרומנעמענדיקע אידעישע גאַנצקייט. די באַוועגלעכקייט, וואָס ווערט אַריינגעבראַכט דורך אונדזער כסדרדיק אָנגעזאַמלט וויסן, צעטרייסלט אונדזער פאַרסטאַטישט ווערנדיקן פּערספּעק־טיוו. וויסן קומט צום אויסדרוק דורך דער אינטעראַקציע, וואָס קומט פאָר אין דעם גאַנצן סאָציאַלן אָרגאַניזם. די אָנזאַמלונגען פון אַקטיוון וויסן באַצייכנט אַן איבערגאַנג פון נישט־דירעקטירטע ענדערונגען אין ענדע־רונגען דירעקטירט צו באַשטימטע ענדצילן. די דירעקטירטע ענדערונגען קומען אַלעמאָל אין קאָנפליקט מיטן צוגעוווינטן פאַראייגנטן פּערספּעקטיוו, מיט די אַלטע איינגעוווינטע און פאַראייגנטע אידעישע איינשטעלונגען.

וויסן באַזירט זיך סיי אויף דער פּערצעפּציע פון די באַזונדערע אָבסערווירטע פאַקטן אָדער סיבות פון אַ דערשיינונג און סיי אינעם פאַר־וואַרפן בריקן צווישן די באַזונדערע סיבות, פאַקטן און דערשיינונגען. כדי מיר זאָלן קאָנען ציען ריין־וויסנשאַפטלעכע מסקנות, זענען נייטיק צוויי פאָרבאַדינגונגען: ערשטנס, אַז אַלע מעגלעכע פאַקטן, די מינדערוויכטי־קערע פּונקט ווי די סאַמע וויכטיקסטע, יעדע מינדעסטע סיבה, וואָס טראָגט נאָר צו אויף וועלכן עס איז אופן צו די רעזולטאַטן, זאָלן נישט אַרויסגע־לאָזן ווערן פון חשבון. צווייטנס, איז נייטיק, אַז די אינערלעכע שייכותן צווישן די פאַקטן אָדער סיבות זאָלן ווי געהעריק און שטאַרק אָביעקטיוו אויסגעפאָרשט און עטאַבלירט ווערן. וויסן באַשטייט פון אָנגעזאַמלטע מענטשלעכע דערפאַרונגען און זייערע אינערלעכע שייכותן. דער אוצר פון מענטשלעכן וויסן זאמלט זיך כסדר און ווערט קיינמאָל נישט קיין איבערגעפולטער און שניידט זיך אַלץ טיפער אַריין אינעם לעבן און אין דער נאַטור.

אין וואָס פאַראַ שייכות שטייט „וויסן״ צום „גלויבן?״. גלויבן איז אַ לייבלעך קינד פון וויסן. „גלויבן״ געפינט זיך אָבער אַלעמאָל אין אַ פּראָצעס פון אָפּגרענעצן זיך פונעם „וויסן״. די אָפּגרענעצונג איז די זעלבע ווי אַן אידעישער געזעלשאַפטלעכער לעבנס־קוק גרענעצט זיך אָפּ פון

די אור־באַדינגונגען, וואָס האָבן אים אויסגעפאָרמירט. „גלויבן" איז אַן אָפּגערוקטע און פאַרשפּעטיקטע פאַר׳סך־הכלונג פונעם „וויסן". בעת וויסן איז קיינמאָל נישט קיין פאַרענדיקטע דערשיינונג, עס האָט אַלעמאָל אַ דינאַמישן ווירקונגס־כוח אויפן לעבן, ווערט גלויבן איינגעהילט אין אַ פאַרענדיקטער באַשטימטקייט. דער גלויבן ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ דע־פּיוזירטן שאָטן פון אונדזער וויסן פון דער רעאַליטעט. וויסן איז דורכאויס אַ דינאַמישער כוח, וואָס שטויסט פאָרויס דאָס לעבן און האַלט זיך אַליין אין אַ כסדרדיקן באַנייען זיך, און ענדערט דערמיט דאָס מענטשלעכע צוזאַמענלעבן. דאָס אַלץ שווער־ווערנדיקע געוויכט פון מענטשלעכע דער־פאַרונגען ענדערט כסדר די סאָציאַלע סביבה. דער „גלויבן" אָבער האָט אַ נטיה צו איגנאָרירן נייע פאַקטן און ניי־דערהאַלטענע דערפאַרונגען און זיך אָפּגרענעצן פון נייע רעאַליטעטן, מיט וועמען „וויסן" האַלט זיך אין איין באַהעפטן. יעדער גלויבן דריקט זיך אויס אין אַ פאַרסטאַטישטע פּערצעפּציע. שוין דער זאָג אַליין: „איך גלויב!" דריקט מיט זיך אויס פאַרשטייפט־ווערנדיקע באַשטימטקייט, וואָס איזאָלירט זיך אַלץ מער פון דעם נישט־באַשטענדיקן און כסדר פליסנדיקן לעבן[9].

„וויסן" פאַרוואַנדלט זיך אין „גלויבן", ווען די פאַראַלגעמיינערטע סאָציאַל־אידעישע מסקנות פון דעם פריערדיקן אָנגעזאַמלטן וויסן ווערן פאַרשטייפט און באַוועגן זיך מער נישט מיט מיט די ענדערונגען, וואָס די אַלץ נייערע געזאַמלטע מענטשלעכע דערפאַרונגען טראָגן אַריין אין לעבן פון דער געזעלשאַפט און אין די מענטשלעכע צווישנבאַציונגען.

דאָס קרעאַטיווע וויסן, דאָס וויסן, וואָס איז נישט איזאָלירט פון פּראַקטישע מעשים, טראָגט אַלעמאָל אין זיך אַן עלעמענט פון אומזיכער־

---

(9) "There is a dissociation of knowledge from the act of knowing. We find that experience tends to detach itself from the act in which it originates and to become accessible independently of them. This objective aspect of the act is well elaborated in Hegel's philosophy, notably in his distinction between the sub-jective mind on one hand and the objective and absolute on the other."

ESSAYS ON THE SOCIOLOGY OF CULTURE (p. 64)
by — KARL MANNHEIM
New York, Oxford University Press 1956

קייט. וויסן האָט די שטרעבונג צו דערגרייכן דאָס אוניווערסאַלע „זיין". דאָס איז אָבער נישט קיין פאַרפיקסירטע אוניווערסאַלקייט. פונדעסטוועגן רעדוצירט עס זיך שנעל צו באַשטענדיקייט און צו „גלויבן". דאָס וואָרט „גלויבן" אַן פאַר זיך שפרייט זיך אויס פאַרן גלויביקן אין אַן אילוזאָריש פסיכאָלאָגישן פונדאַמענט פון זיכערקייט און פאַר׳סך־הכלט דאָס וויסן, וואָס איז אין זיין תוך דינאַמיש, אין אַ סטאַטיש פאַרענדיקטן גלויבן. צוליב דער נישט־באַשטענדיקייט פון וויסן, וואָס געפינט זיך אין אַ כסדרדיקן פּראָצעס פון ענדערן זיך און באַרייכערן זיך, שאַפט זיך ביים מענטש אַ געוויסן עמאָציאָנעלן אומצוטרוי. דאָס פאַראורזאַכט, אַז דער מענטש זאָל זיך שטעלן איבער און הינטער זיך זעלבסט. דער מענטש זוכט זיך צו באַהאַלטן הינ־טערן גלויבן, ווי אין זיין מעכטיקסטן באַשיצער קעגן דער דינאַמישקייט און אומבאַשטענדיקייט פון וויסן [10]

וויסן אין דער פּראַקטישער אַפּליקאַציע, וואָס קומט דורך דער כסדרדיקער זאַמלונג פון מענטשלעכע דערפאַרונגען, ענדערט אומאויפ־הערלעך אונדזער לעבן. די ענדערונגען רופן אַלעמאָל אַרויס דאָס געפיל פון אומזיכערקייט. אַ געפיל, אַז דער פאַראייגנטער באָדן רוקט זיך אַוועק פון אונטער די פיס. דאָס „ווערן", אין וועלכן דער מענטש לעבט, איז דע־ריבער אָנגעפילט מיט דער שטרעבונג צו אַ „זיין". דער „זיין" איז אין דער מענטשלעכער פסיכיק דאָס אמתדיקע, דאָס רעאַלסטע און דאָס באַשטענ־דיקע, אין וועלכן דער מענטש פילט זיך זיכער. דער פאַרפיקסירטער אמת, אָדער דער גלויבן ענדערט זיך נישט אַזוי לייכט און איז לויטן מענטשלעכן סוביעקטיוון אורטייל שטענדיק גילטנדיק. דער אמת דערשיינט פאַרן מענטש אַלס פּערפעקט. בלויז דאָס אומפּערפעקטע נייטיקט זיך אין אַן ענדערונג. דער גלויבן דערשיינט פאַרן מענטש ווי דער קאָמפּלעטער, פאַרענדיקטער אמת, אין וועלכן דער מענטש געפינט זיין אָנהאַלט און זיין אינהאַלט אין לעבן. דאָס איז אין זיך זעלבסט אַן אידעיש פאַרפיקסירטער

---

(10) "Creeds are at once the outcome of speculation and efforts to curb speculation".
A.N. WHITEHEAD. Adventures of Ideas p. 66.
Cambridge University Press 1933

„זיין", וואָס דערשיינט ווי אַן עכטער אָנהאַלט און ווי דעם מענטשס באַשי־צער און לעבנס־באַגלייטער [11].

דער גלויבן אָדער די איבערצייגונג טראָגט מיט זיך די שטרעבונג אָפּצוקערן פונעם בייטנדיקן, פונעם „ווערן" און וואָס שנעלער צו דער־גרייכן דעם רו־צושטאַנד פון דעם „זיין". זיך צו פאַראַנקערן אינעם באַ־שטענדיקן. דער גלויבן דינט ווי אַ קאָמפּענסאַציע פאַר דער אימפּאָטענץ פון „ווערן" צו דערגרייכן אַ סטאַבילן „זיין".

דער מענטשלעכער אידעען־איינשטעל קומט צום אויסדרוק אין אַן איבערצייגטן גלויבן. דער גלויבן אָדער איבערצייגונג איז סטאַטיש און וואַקסט אַרויס פון דער דינאַמישקייט פון וויסן און פון דער סביבה. דער גלויבן ווערט אַלץ מער באַשטענדיקט און איז אין זיין לעצטן סך־הכל שפּעקולאַטיוו און איז אונטערגעוואָרפן צו מיינונגס־פאַרשידנקייטן און קומט אין כסדרדיקן קאָנפליקט מיט די אַנדערש דענקענדיקע, אַנדערש פילנדיקע און אַנדערש גלויבנדיקע.

די פּאַקטישע זיכערקייט, דאָס „וויסן" פירט צו דער אומזיכערקייט פון אַ „גלויבן", וואָס באַטראַכט זיך פאַר דער אַבסאָלוט אמתער זיכערקייט. דער מענטש קלאַמערט זיך אין זיין גלויבן, ווי אין זיין זיכערסטן באַשיצער אויף וועמען ער קאָן זיך פולשטענדיק פאַרלאָזן. ווייל וואָס איז נאָך זיכערער ווי אַ מענטשלעכע איבערצייגונג? דאָס איז אָבער אַ סוביעקטיוו־עמאָציאָ־נעלע זיכערקייט, וואָס איז אין שטענדיקן קאָנפליקט מיט די אַנדערש דענ־קענדיקע. דער גלויבן פירט שוין במילא אַוועק דעם מענטש, אַז ער זאָל זיך אַלץ מער אָפּגרענעצן פונעם דינאַמישן וויסן, וואָס באַהעפט זיך אַלץ מער מיט דער רעאַליטעט. די מענטשלעכע איבערצייגונג אָדער זיין גלויבן רעדוצירט זיך צו אַן אָפּשיין פון דער רעאַליטעט און ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ האַלבן אָדער שטיקל אמת אָפּגעריסן פון לעבעדיקן לעבן.

דער וועג פון „וויסן" צום „גלויבן" שטעלט מיט זיך פאָר אַן אי־בערגאַנג פון ראַציאָנאַליזם צום עמאָציאָנאַליזם. פון אַ רעלאַטיוון אָביעק־טיוויזם צו אַ פאַרשטאַרקט ווערנדיקן סוביעקטיוויזם. פון קאָנקרעטקייט

(11) "The thing which concerns all of us as human beings, is precisely the greatest attainable security of values in concrete existence".

JOHN DEWEY. The Quest For Certainty. p. 53

צו אַבסטראַקטקייט. דער דאָזיקער איבערגאַנג איז אַן אַבסאָלוט נויטווענ־דיקער, ווייל ער העלפט מיט צו שטילן דעם נאַטירלעכן מענטשלעכן דורשט נאָך זיכערקייט, שלימות און באַשטענדיקייט, פון וואַנען די מאָבילע רעאַליטעט האַלט אים אין איין דערווייטערן. מעג די דאָזיקע זיכערקייט, באַשטענדיקייט און סטאַבילקייט זיין אַ ריין סוביעקטיוו עמאָציאָנעלע[12].

דערפאַר ווייל מיר קאָנען פסיכיש און אידעיש נישט נאָכיאָגן און באַהערשן די אינערלעכע מאָבילקייט פון לעבן, וואָס קומט אַלס פועל־יוצא פון כסדרדיקע אָנגעזאַמלטע דערפאַרונגען און וויסן, דאָס איז אמת סיי בנוגע דעם לעבן פון א יחיד און סיי אין דעם לעבן פון אַ כלל, וואָס האַלט זיך כסדר אין איין אָפּנייגן פון מענטשלעכן דראַנג צום דערגרייכטן, צום „זיין" און צו אַלץ אַרומנעמענדיקייט — ווערט דעריבער נאַטירלעך, אַז מיר זאָלן זיך איינשאַפן אַן עמאָציאָנעל גייסטיקן און ראַציאָנאַליזירטן סאבסיטוט, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ גלויבן. דער גלויבן, וועלכער וואַקסט אַרויס פון דער איבערצייגונג, פאַרמירט ביי אונדז דעם אויסגע־בענקטן, פאַרענדיקטן, באַגרענעצטן און דאָך אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקן לעבנס־קוק. דער גלויבן דינט אונדז פאַר אַן אַבסאָלוט נויטווענדיקע באַ־רעכטיקונגס־באַזע פאַר אַלע אונדזערע מיינונגען און מעשים. די אָפּוועזנ־קייט פון באַשטענדיקייט אינעם וויסן, וואָס האַלט זיך אין איין סינטעטיזירן מיט דער אַלץ באַנייטער רעאַליטעט, צווינגט דעם מענטש, ער זאָל זיך איינשאַפן עפּעס, וואָס זאָל אים געבן דאָס געפיל פון באַפרידיקונג אין דער זיכערקייט, סטאַטישקייט און אַבסאָלוטקייט, אפילו ווען דאָס איז אַ ריין אילוזאטאָרישע זיכערקייט.

דאָ האַנדלט זיך נישט אין פאַראורטיילן „גלויבן" און אין אַרויסהייבן און גלאָריפיצירן „וויסן" אַלס דעם איינציקן עמוד־האש פאַר אונדזערע באַציִונגען צו דער וועלט און אין מענטשלעכן צוזאַמענלעבן. עס איז נישט קיין פראַגע פון באַשטימען וואָס עס איז נייטיקער אָדער וויכטיקער:

---

(12) "Scientific method establishes objectivity by a trial of his belief. It has for obvious reasons generated many synonyms for "belief"; such as hypothesis, theory, postulate. It has even used such words as law and principle in this meaning. But all signify a present perception of idea prophetic of a future event".

HORACE M. KALLEN. CULTURAL PLURALISM AND THE AMERICAN IDEA

„גלויבן" אָדער „וויסן". דער גלויבן איז פּונקט אַזאַ וויכטיקער באַשטאַנד־טייל פון אונדזער מענטשלעכן באַוווּסטזיין, ווי דאָס וויסן. זייערע השפּעות זענען צווישן זיך קעגנווירקנדיק. מענטשן קאָנען אָן קיין גלויבן נישט לעבן. מיר קאָנען נישט אויסקומען אָן דער סוביעקטיוויזירטער איבער־צייגונג, וואָס דריקט זיך אויס אין אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקן גלויבן, פּונקט ווי מיר קאָנען נישט אויסקומען אָן די אוצרות פון געזאַמלטן וויסן, וואָס באַרייכערט זיך מיטן לעבן צוזאַמען. כאָטש דער גלויבן איז אַ פאַר'סך־הכלונג פונעם וויסן, דאָך איז צווישן זיי אויסגעשפּרייט אַ באַשטימטע מחיצה. דער גלויבן טראָגט מיט זיך די שטענדיקע נטיה זיך אָפּצוגרע־נעצן און זיך אָפּצורוקן פון די נייע און פרישע פלוסן פון לעבן, וואָס גיסן זיך כסדר אַריין מיט אַן אַלץ פאַרגרעסערטער שנעלקייט אין דעם געוירשנטן אוצר פון מענטשלעכן וויסן.

דער גלויבן שאַפט אין אונדז די נייטיקע פאַראַנקערטקייט, סטאַ־בילקייט און וואָרצלדיקייט, וואָס איז אַזוי נייטיק אין אונדזער מענטשלעך צוזאַמענלעבן. דער גלויבן האַלט צוזאַמענגעבונדן דעם כלל דורך זיין שותפותדיקן גייסטיקן פאַרמעג. דער גלויבן באַפרידיקט די מענטשלעכע לײדנשאַפט פאַר באַשטענדיקייט, רו און זיכערקייט, און שטאַרקט דעם סוביעקטיוון אמת, וואָס איז אַזוי נייטיק פאַר דער מענטשלעכער זעלבסט־באַרעכטיקונג.

כדי צו שטאַרקן דעם גלויבן אַלס אַ שוץ־וואַנט פאַר דער זעלבסט־באַרעכטיקונג, הייבן מיר אים אָן צו ראַציאָנאַליזירן. מיר שפּאַרן דעם גלויבן אונטער מיט פאַר'שכלדיקטע קאַלקולאַציעס. מיר בויען אויף טעאָריעס אויף צו באַרעכטיקן אונדזער קוק־ווינקל, די ראַם פאַר אונדזער גלויבן. מיר זוכן צו באַווייזן, אַז אונדזער איבערצייגונג אָדער גלויבן איז דער אויסדרוק פון דער אמתדיקער רעאַליטעט. דאָס איז נישט צו שווער צו באַווייזן פאַרן גלויביקן, ווייל אַ גרעסער אָדער קלענער קערנדל פון אַ גאַנץ אָדער האַלב פאַראיבערגייענדיקער רעאַליטעט ליגט נאָך ערגעץ באַהאַלטן אין דעם גלויבן, צו וועלכן דער מענטש קלאַמערט זיך. דער גלויבן, וואָס זוכט שלימות און אַלץ־אַרומנעמענדיקייט, פאַרוואַנדלט זיך דעריבער אין אַ האַלבן, אַ שטיקל אָדער בלויז אַ ווייטער אָפּשיין פון אַן אַמאָליקן אמת. די מאָס פון רעאַליטעט, וואָס געפינט זיך נאָך אינעם גלויבן, איז אָפּהענגיק פון דער באַוועג־פּאָזיציע אינעם היסטאָרישן קרייז (אָרביטע) פון דער אַלץ־אַרומנעמענדיקייט.

דער גלויבן, וואָס דרינגט אַרויס פון מענטשלעכע צווישנבאַציונגען, ווערט פאַרפיקסירט אין אַ פאַראייגנטן אמת. דער דאָזיקער אמת איז אָבער צו סוביעקטיוו, אַז ער זאָל זיך נישט אָוועקרוקן פונעם וויסן, וואָס וואַקסט אַרויס פון דער אָביעקטיווער רעאַליטעט. ווען מיר דערקלאַרירן, אַז אונדזער גלויבן איז דער גלויבן פון אמת, מאַכן מיר אַ פאַרזוך צו באַווייזן, אַז דער דאָזיקער אמת איז אַן אַלגעמיינער און האָט אַן אייגענע דרויסנדיקע, זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ. עס ליגט אין דער מענטשלעכער שוואַכקייט צו גענעראַליזירן זיין גלויבן און צו ווען באַווייזן, אַז זיין אמת איז נישט בלויז אַן אַרויסוווּקס פון זיין אייגענער באַציונג צו דער דערשיינונג, נאָר ער מאַכט אַלע פאַרזוכן צו אָביעקטיוויזירן דעם אייגענעם סוביעקטיוון גלויבן, ווען ער פאַרבינדונגען מיט די פאַקטן און זייערע אינערלעכע שייכותן זענען גאַנץ לויזע און נישט קיין באַשטענדיקע. ריכטיקער, פאַרשטייט זיך, וואָלט געווען, ווען מיר דערקלערן, אַז נישט מיין גלויבן שפאַרט זיך אָן אויף דעם אַבסאָלוט אומאָפּהענגיקן אמת, נאָר פאַרקערט: „לויט מיין גלויבן איז די דערשיינונג אמת", אָדער „דער אמת שטימט יאָ אָדער נישט מיט מיין פאַראייגנטן גלויבן".

היות אָבער דער אמת קאָן זיך נישט אָפּטיילן פון סוביעקטיוון גלויבן, קאָנען מיר אים דערפאַר וויסנשאַפטלעך נישט דעפינירן. טעאָלאָגן און פילאָזאָפן האָבן פאַרגאָסן גענוג טינט אויף צו אוניווערסאַליזירן און צו דעפינירן דעם באַגריף אמת. דער אמת אָבער, וואָס קומט צו אונדז פון מענטשלעכע צווישנבאַציונגען, אין וועלכע דער באַטראַכטער איז אַליין פאַרוויקלט, קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין, אַז מיר זאָלן אים וויסנשאַפטלעך אָביעקטיוו דעפינירן. אויסערלעך דאַכט זיך, אַז עס איז אַ גאַנץ פּשוטע זאַך: אַלץ וואָס איז נישט קיין ליגן איז אַן אמת. דער אמת קאָן אָבער נישט פאַראַלגעמיינערט ווערן און אַריינגעשטופּט ווערן אין דעפיניטיווע באַשטימטע גרענעצן. דאָס העכסטע, וואָס אונדזער סאָציאַלער גלויבן קאָן דערגרייכן, איז בלויז אַ האַלבן אָדער שטיקל סוביעקטיוון אמת, וואָס געפינט זיך אין שטענדיקן מלחמה־צושטאַנד מיט דעם צווייטן האַלבן אָדער שטיקל אמת, וואָס איז פאַראייגנט געוואָרן דורך עמעצן אַנדערש.

אפילו ביי די סאַמע ערלעכסטע און נישט קריגערישע נאַטורן ווערט אַרויסגערופן אַ באַשטימטע זעלבסטצופרידנקייט, ווען זיי קאָנען אויף וועלכן עס איז אופן, מיט געוואַלד אָדער דורך איבערצייגונג, באַצווינגען אַלע אנדערע אמתן און זיי צודעקן מיטן אייגענעם גלויבן.

עס זענען פאַראַן אַן אַ שיר „אמת־טעאָריעס" און שפּעקולאַציעס. די

אַלגעמיין אָנגענומענסטע איז פּאַר אונדז די פּשוטע דעפיניציע, וואָס מיר געפינען אינעם ווערטערבוך: „אמת, איז יעדע דערשיינונג, וואָס שטימט מיט די פאַקטן אָדער מיט דער רעאַליטעט". ווען עס קומט צו פּראָבלע־מען, וואָס דרינגען אַרויס פון סאָציאַלע צווישנבאַציונגען, איז אין איין זייט די רעאַליטעט נישט קיין באַשטענדיקע און אין דער צווייטער זייט, בעמען מיר אויף די סאַמע רעאַלסטע פאַקטן אין אַ פאָרויסבאַשטימטער אידעישער ראַם. מיר פאַלן דעריבער צו אָפט אַריין אין אַ ריי אומפּאַר־מיידלעכע סוביעקטיווע שפּעקולאַציעס אוןווידערשפּרוכן. די סאָציאַלע וועלט, אין וועלכער מיר זענען אַליין פאַרפלאָנטערט, דערשיינט אַלעמאָל אין צוזאַמענהאַנג מיט די גייסטיקע אַקטיוויטעטן פון דעם אָבסערווירערס סוביעקט, וואָס פאָרמירט אויס די ראַם און די פאָרם, אין וועלכע די רעאַ־ליטעט ווערט אויפגענומען. דער אַרום ווערט אַלעמאָל אָבסערווירט אין ליכט פון אַ סטרוקטיווער אידעישער גאַנצקייט און איינהייט. אַלץ ווערט אַריינגעפּאַסט אין די ראַמען פון אַן אייגענעם גלויבן. עס זענען דעריבער פאַראַן אָן אַ שיר פּסיכאָלאָגישע שוועריקייטן אינעם פאַרזוך צו סיסטעמאַ־טיזירן און צו דעפינירן די באַציונגען צווישן דער אָקצעפּטירטער און פאַרהאַרטעוועט ווערנדיקער קאָנצעפּציע פון אייגענעם אמת און גלויבן, מיט די פאַקטן אויף וועלכע עס דאַרף זיך בויען דאָס אוניווערסאַל־אָביעק־טיווע אמתדיקע וויסן. די באַציונגען צווישן די פאַקטן און אמת, צווישן וויסן און גלויבן, ווערן כסדר געבראָכן.

דער מענטשלעכער דורשט נאָך שלימות שאַפט ביי אים די אילוזיע, אַז ער האָט די אידעישע גאַנצקייט געפונען אין דער געשטאַלט פון זיין אייגענעם אמת, וואָס קומט צום אויסדרוק דורך זיין גלויבן. אָט די אילו־זאָטאָרישע גאַנצקייט־קאָנצעפּציע ווערט אַלץ מער פאַרהאַלבט און פאַר־שטיקלט. ווידערשפּרעכנדיקע סאָציאַל־אידעישע איינשטעלונגען אָדער גלויבנס רופן אַרויס ווידערשפּרעכנדיקע פּרושים פון איין און דער זעלבער נישט באַשטענדיקער רעאַליטעט. די אידעישע פאַרשידנקייטן זענען אָבער נישט אַלעמאָל געבינדן צו באַשטימטע סאָציאַל־עקאָנאָמישע נויטן און פאָדערונגען.

בעת מיר זוכן יענעם איבערצוציגן, דאָס הייסט, צודעקן יענעם מיט מיין גלויבן, מישן מיר אַלעמאָל צונויף אונדזער אידעען־איינשטעל, אונדזער קריטעריע אָדער גלויבן, מיט די פאַקטן גופא. דער גלויבן ווערט צעמישט מיט דער רעאַליטעט, וואָס ווערט אויפגענומען אין אַ פאָרויס־באַשטימטער ראַם.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט בלויז האָט די פאָרויסבאַשטימטע אידעישע איינשטעלונג דעם כוח צו באַשטימען ווי אַזוי די רעאַליטעט זאָל אויפגע־נומען ווערן, נאָר די רעאַליטעט, די פאַקטן, האָבן מיט דער צייט אויך אַ געוויסן קעגנווירקונגס־כוח אויף דעם גלויבן. די פּערצעפּציע פון דער רעאַליטעט באַשטייט פון די זיך קעגנווירקנדיקע כוחות. דער גלויבן באַ־שטימט ווי אַזוי די פאַקטן זאָלן ווערן אויפגענומען, און די פאַקטן באַווירקן מיט דער צייט אויך דעם גלויבן. דער גלויבן בלייבט אָבער אַלץ אַ מער פּאַסיווערע נאָכשאָטונג פון די רעאַלע פאַקטן. אונדזער גלויבן יאָגט זיך אַלעמאָל נאָך דעם וויסן ווי אַ פאַרשפּעטיקטער נאָכגייער.

יעדע איבערצייגונג און אידעישע באַשטענדיקייט פון סוביעקטיוון אמת באַשטייט פון אַ גלויבן. א מענטש נייטיקט זיך אין זיין איבערציי־גונג, אויף צו רעכטפאַרטיקן זיינע געדאנקען, געפילן און מעשים. אַזוי שנעל ווי דעם מענטש דוכט זיך אויס, אַז ער איז איבערצייגט, גלויבט ער. דער גלויבן איז אַ פּאַנצער, א פעסטונג אזא, אויף צו באשיצן זיך פונעם איינפלוס פון די אַנדערש גלויביקע. דער גלויבן דינט אָבער אויך ווי אַ באַזע אינעם סאָציאַלן געראנגל, פון וואנען צו אטאקירן די אנדערש גלויי־ביקע. דער גלויבן ווערט אזוי פאַראייגנט, אז עס ווערט שווער זיך צו שיידן מיט אים, אפילו ווען די פאקטן און באדינגונגען, וואָס האָבן גע־בוירן דעם גלויבן, האָבן זיך שוין לאנג אוועקגערוקט אין דער פאַר־שווונדנקייט. דער גלויבן זוכט באַשטענדיקייט, ווייל דעם מענטש איז שווער צו באַנעמען אַ „יאָ" מיט אַ „ניין" אין איין און דער זעלבער צייט און דאָס אַריינוועבן זיך אין זיין האַרמאָניש פאַרפיקסירטער אידעישער גאַנצ־קייט, נאָך וועלכער דער מענטש שטרעבט אַזוי שטאַרק.

אָפט דאַכט זיך דעם מענטש אויס, אַז ער טרעט אַרויס מיט אַ שטאַרק רעוואָלטירנדיקן מוט קעגן גלויבן בכלל. פּאַקטיש טרעט ער בלויז אַרויס קעגן אַ באַשטימטן גלויבן, וואָס דערשיינט פאַר אים ווי אָפּגעלעבט און דינט אים מער נישט ווי קיין פּסיכישן אָנהאַלט אין לעבן. ער נעגירט איין גלויבן און בייט אים אויס מיט דער צייט אויף אַ צווייטן. דער נייער גלויבן ווערט ראַציאָנאַליזירט, פאַראייגנט און רעלאַטיוו באַשטענדיקט.

צו אָפט האָבן אָנפאַנגלעך רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפטלעכע אי־דעען, וואָס האָבן געשטורעמט די פעסטונגען פון גלויבן בכלל, מיט דער צייט זיך פאַרוואַנדלט אין זייער אייגענעם היפוך, אין אַ פאַרסטאַטישטן גלויבן. פריער דריקן זיך אויס די סאָציאַלע אידעען אין שכלדיקע קאַל־קולאַציעס, וואָס האָבן די פּאָטענצן צו באַפרידיקן באַשטימטע אוטיליטאַרע

צילן, שפּעטער דערשיינען די אידעען אין אַן אַפּעלירנדיקע איבערצייגונג, וואָס ווערט עמאָציאָנעל ראַציאָנאַליזירט. נאָכדעם גייען די אידעען איבער אין אַ פּאַרטריקנטן פאָרמאַליזם און אין אַ גלויבן, און נאָך שפּעטער אין אַ בלינדן און אָפט שטאַרק פאַנאַטישן גלויבן. אַפילו דער קאַמף קעגן רעליגיע און דאָגמע איז צו אָפט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אייגענער דאָגמאַטישקייט און פאַרביטן די אַנטי־רעליגיעזקייט אין אַן אייגענער רע־ליגיע. דערביי איז נישטאָ קיין אונטערשיד, צי דער נייער גלויבן איז מיט אָדער אָן אַ גאָט. אמונה הייבט זיך אָן דאָרט, וווּ דער באַגרענעצטער אָביעקטיוויזם און שכלדיקייט קאָן מער נישט שאַפן קיין קאָנטאַקט מיט דער מאָבילקייט פון וויסן און במילא אויך שוין מיט דער רעאַליטעט פון דער סאָציאַלער סביבה. דאָס וואָס עס איז פאַר דער רעעקזאַמינירטער לאָגיק אַן אַבסורד, איז פאַרן גלויבן אַבסאָלוטער העכסטער און נישט־אָפּ־פרעגנדיקער אמת. די סאָציאַלע אידעען ווערן פאַרוואַנדלט אין אַן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָנגענומענער אַקסיאָמע. אַקסיאָמאַטישע לאָגיק דערפירט צו אַן „אָדער־אָדער״־צוגאַנג, אַז אויב עס איז נישט ווייס, איז עס מסתמא שוואַרץ.

הנחות, וואָס ווערן געבויט אויפן באַזיס פון אַ „גלויבן״, ספּעציעל אין פראַגן, וואָס שטאַמען פון סאָציאַלע באַציִונגען, האָבן אַ נטיה צונויפ־צומישן און צו פאַרטונקלען די באַגריפן פון „באַדאַרפט״ און „איז״. צווישן דעם ציל, צו וועלכן מיר שטרעבן און דער דינאַמישער רעאַליטעט, פון וועלכער אונדזער גלויבן זוכט אונדז אָפּצוזונדערן. ווען מיר נעמען אָן די הנחה, אַז „אַלע מענטשן ווערן געבוירן גלייך״, מיינט דאָס הויפּטזעכ־לעך אַן אויסדרוק פון אַ פאַרלאַנג, פון אַן אידעע אָדער ציל, אז אלע מענ־טשן דאַרפן זיין גלייך. די השערה, אויף וועלכער די אידעע דאַרף זיך אָנ־שפּאַרן, איז נישט דער „איז״, נאָר דער גלויבן, דער פאַרלאַנג אָדער דער אידעאַלער ציל. צווישן דעם „באַדאַרפט״ און דעם „איז״ עקזיסטירן געוויי־סע קעגנזייטיקע זיך באַווירקנדיקע שייכותן. די באַציִונגען צווישן „דאַרף״ און „איז״, צווישן דעם אידעאַל און די רעאַליטעט, זענען די זעלבע ווי צווישן „וויסן״ און „גלויבן״. דאָס וויסן, אַז אַלע מענטשן זענען נישט גלייך, ברענגט צו דעם אידעאַלן ציל, צו דער איבערצייגונג און גלויבן, אַז אַלע מענטשן וואָלטן באַדאַרפט זיין גלייך. אין דער שטרעבונג צו דעם אידעאַלן ציל, צום גלויבן, פאַרלירן מיר דעם קאָנטאַקט מיט דער רעאַ־ליטעט. דער גלויבן, אַז אַלע מענטשן וואָלטן באַדאַרפט זיין גלייך, ווערט באַטראַכט פאַר דער אמתדיקער רעאַליטעט, ווי דאָס אמתדיקע וויסן.

אָדער ווען מיר באנוצן זיך מיטן שפּריכוואָרט: „די גערעכטיקייט קומט אַרויף ווי בוימל אויפן וואַסער". מיר ווייסן גאַנץ געטוי, אַז מיר לעבן אין אַ וועלט פון אומגערעכטיקייט. מיר ווייסן אפילו פון אונדזערע אייגענע דערפאַרונגען, אַז נישט אַלעמאָל זיגט די גערעכטיקייט. אונדזער ציל, דער אידעאַל צו וועלכן מיר שטרעבן איז, אַז די גערעכטיקייט וואָלט באַדאַרפט זיגן. מיר שלעפּן אַראָפּ אונדזער אידעאל און אונדזער ציל אויף דער זינדיקער ערד דורך דעם פארלאנג, אַז גערעכטיקייט וואָלט באדארפט אלעמאָל זיגן. דער אידעאל, דער „וואָלט באדארפט" ווערט דאָ אויך פאַר־ביטן אויפן „איז". פּונקט ווי בוימל קומט ארויף אויפן וואַסער, אַזוי מוז אויך ארויפקומען די גערעכטיקייט. נישט אומזיסט האָט דאָס פאָלק ליב מעשיות, וואָס ענדיקן זיך מיט אַ גוטן סוף. מעשיות, ווו די גערעכטיקייט זיגט און דער רשע ווערט באַשטראָפט. דעם פאַרלאַנג און דעם גלויבן אין דער גערעכטיקייט אַרט נישט, וואָס די מעשה איז נישט רעאַליסטיש, נישט אמתדיק. דאָס פאַרלאַנגטע ווערט קאָאָדיפיצירט אין אַ גלויבן.

פון ריינעם אַבסטראקט־לאָגישן שטאנדפּונקט וואָלטן מיר באדארפט באַטראַכטן פּראָבלעמען, וואָס וואַקסן אַרויס פון סאָציאַלע באַציונגען, דורך אונטערשיידן צווישן דעם „דע־פאַקטאָ" און דע־יורי, צווישן דעם גערעכטן פאַרלאַנג און דאָס פאַרלאַנגטע, צווישן וויסן און גלויבן. פּאַקטיש איז אין סאָציאַלע „וויסנשאפטן" אוממעגלעך צו ציען אַ שארפע ליניע, אָפּצוגרע־נעצן דעם וויסן פון דעם גלויבן.

די מענטשלעכע פאַרבינדונגען מיטן גלויבן זענען דעריבער נישט אָפּהענגיק פון אַ פאָרזיכטיקן אויסקלייב פון פאַקטן און באַווייזן. פון דעם רעאַלן „איז" און פון די שייכותן צווישן זיי אין די געענדערטע סביבה־באַדינגונגען און סאָציאַלע באציונגען. דער גלויבן האָט אויך א צוקונפט־ווענדונג, ער איז אויך פארבונדן מיטן אידעאַלן ציל. דעריבער ווערן פאקטן אַזוי צוגעקליבן, אַז זיי זאָלן זיך ארייַנפּאסן, זיך קייטלען מיט די פון פריער אידעישע איינשטעלונגען, מיטן פארפיקסירטן גלויבן. גלויבן האָט דעריבער פון איין זייט אַ פאַרגאַנגענהייט־ווענדונג, אַ פאַרפיקסירט ווערנדיקער פועל־יוצא פון אַ פריערדיק וויסן. פון דער צווייטער זייט, האָט גלויבן א צוקונפטיקע ווענדונג, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין די זיך איבערצייגטע אידעאַלן און געשטעלטע צילן.

גערעכט איז דעריבער אין דער הינזיכט וויליאַם דזשיימס, ווען ער זאָגט, אַז דער „מענטשלעכער גלויבן ווערט ראשית־כל דיקטירט דורך דעם ווילן צו גלויבן". די אינסטינקטיווע סימפּאַטיע, וואָס נעמט אָן די

פאָרם פון אַ גלויבן, שפּילט אַ פאַרגרעסערטע ראָל אין אונדזער אידעען־אויסוואַל, ווי די סאַמע אָביעקטיווסטע לאָגישע קאַלקולאַציעס. דערפאַר טאַקע, כדי צו זיין ערלעך צו זיך אַליין, וואָלטן מיר זיך באַדאַרפט באַציען מיט אַ געוויסער מאָס סקעפּטיציזם צו אַלע אונדזערע נישט רעעקזאַמי־נירטע מיינונגען. אויב מיר גיבן זיך נישט אָפּ קיין חשבון הנפש, העלפט עס, אַז עס זאָלן ביי אונדז פאַרשטאַרקט ווערן דער אָנהאַלט אין אונדזערע בלינדע אימפּאָטענטע אמונות. מיר וואָלטן זיך באדארפט אזוי אָפט אידעיש צו רעעקזאמינירן, אויף וויפל אונדזער שטאַרק באַגרענעצטער אָביעקטי־וויזם דערלויבט אונדז נאָר. „אַ נישט קריטיש עקזאמינירט לעבן" — זאָגט סאָקראַטעס — „לוינט זיך נישט צו לעבן און אַ נישט קריטיש־עקזאַמי־נירטע פילאָזאָפיע איז פונקט אַזוי נישט צופרידנשטעלנדיק".

עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז „גלויבן" ווערט אַלעמאָל רעדוצירט צו טעיזם, אַז גלויבן און רעליגיע איז אַלעמאָל דאָס זעלבע. דער אינהאַלט פון רעליגיע, פונקט ווי פון יעדן אַנדערן אידעישן וועלט־באַנעם, באַ־שטייט טאַקע פון גלויבן. דער אינהאַלט אָבער פון אַלע מענטשלעכע אי־בערצייגונגען, ווי ברייט אָדער באַגרענעצט זיי זאָלן נאָר נישט זיין, באַ־שטייען אויך פון פשוטן גלויבן. אויך אפילו אַטעיזם ווערט רעדוצירט צו אַ גלויבן. מיט גלויבן זענען אויסגעשפּרייט אַלע וועגן און בייוועגן, וואָס פירן דעם מענטש צו זיינע געגאַרטע נאָענטע אָדער וויטגייענדיקע צילן. גלויבן קאָן דעריבער זיין אַטעיסטיש פונקט ווי טעיסטיש. די וואָרצלען פון אַלע ערלעכע וויכטיקע מענטשלעכע מעשים שטעקן אין אַ טיפן גלויבן. דער מענטש מוז האָבן אַ גלויבן פונקט ווי ער מוז זיין איבערצייגט אין זיינע מעשים. בלויז עקסטרעמער זעלבסטצופרידענער ציניזם קאָן זיך איינזשאַווערן אין מענטשלעכן באַוווסטזיין ווי אַ דעסטרוקטיווער כוח און אָפּשוואַכן אָדער אפילו אינגאַנצן אָפּטויטן דעם גלויבן בכלל. אַזאַ מענטש, ביי וועמען דער גלויבנס־כוח איז אַטראָפירט געוואָרן, האָט פאַרלוירן זיין וועג אין לעבן און איז מער נישט פעיק צו געפינען אַן אַנדערן וועג. ער איז אָפּגעטראָטן פון זיינע פריערדיקע סאָציאַלע און מאָראַליש־עטישע צילן און איז מער נישט פעיק צו געפינען זיין וועג צו וועלכע עס איז אַנדערע צילן, וואָס זאָלן געבן אַן אָנהאַלט און אַן אינהאַלט זיין לעבן אין דער געזעלשאַפט.

דער גלויבן אין אייגענעם אמת, דער אָנהאַלט אין אייגענעם לע־בנס־וועג, גיט אַ געפיל פון גערעכטיקייט דעם סאַמע אומגערעכטן. דער

קאַמף פאַרן פאַראייגנטן אמת קאָן טרייבן דעם מענטש צו גרויסע גענזעל־שאַפּטלעך נוצלעכע העראָישע מעשים. מענטשן זענען אָפּט גרייט צו גיין אויף קידוש־השם אין דער פאַרטיידיקונג פון אייגענעם אמת, וואָס פּאַסט זיך אַריין אין אַן אַלגעמיינעם גרופּן־אמת, אויפצוגעבן דאָס אייגענע לעבן פאַר די אינטערעסן פון דער גרופּע אָדער פאָלק. אין דער זעלבער צייט ווערן אויך די סאַמע מערדערלעכע אַקטן אינספּירירט אין נאָמען פון קאַמף פאַר אמת, יושר און גערעכטיקייט. די ווילדסטע מענטשלעכע מאָרד־גע־פילן ווערן אָפּט אויפגערייצט צו די אוממענטשלעכסטע אַקטן מיט דער פולסטער סוביעקטיווער זעלבסטבאַרעכטיקונג, אַז זיי ווערן באַגאַנגען אין נאָמען פון אַן אייגענעם גלויבן, פון אַן אייגענער פּריוואַטער אָדער גרופּן־גערעכטיקייט. פעלקער־מאָרד און נקמה־אַקטן ווערן אָפּט באַגלייט מיט אַ שטאַרק פאַראייגנטן גערעכטיקייט־געפיל. מעג די דאָזיקע גערעכטיקייט־זוכעניש באַטראַכט ווערן ביי די אומשולדיק־ליידנדיקע קרבנות, ווי פּשוט־טער מאָרד. דער גלויבן אין אייגענעם אמת, וואָס דינט ווי אַן אָנהאַלט אין לעבן, קאָן פירן און פאַרפירן.

יעדע וועלט־אָנשויונג באַשטייט פון אַ גלויבן. אויף וויפל דער איי־גענער אמת זאָל נאָר נישט ווערן אונטערגעשפּאַרט און פאַרפעסטיקט דורך רייך־שכלדיקע השערות, מוז זי אַלץ אין סאַמע לעצטן סך־הכל רעדוצירט ווערן צו אַ גלויבן. יעדער מענטש באַטראַכט זיך, די וועלט אַרום און זיין באַציונג צום אַרום, צו דער נאַטור און צו זיינע מיטמענטשן, אין ליכט פון אַ באַשטימטער איבערצייגונג, וואָס איז נישט מער, ווי אַ סוביעקטיוויזיר־טער גלויבן. דער מענטשלעכער אני־מאמין רייסט זיך אַלץ מער אָפּ פון וויסן, וואָס ענדערט זיך צוזאַמען מיט דער רעאַליטעט. „וויסן" איז אייביק דינאַמיש, ווייל עס סינטעטיזירט זיך כסדר מיט די ניי־דערהאַלטענע דער־פאַרונגען, וואָס ענדערן די רעאַליטעט.

פון איין זייט איז „גלויבן" דער שטענדיקער פאַרשפּעטיקטער נאָכגייער, דער שאָטן פון „וויסן". פון דער צווייטער זייט האָט אָבער דער גלויבן אַן אייגענעם, גאַנץ אייגנאַרטיקן, כאָטש פּאַסיווערן, דאָך אַ שטאַרק שעפערישן כוח. דער גלויבן איז דער פאָטער פון דער האָפענונג, פּונקט ווי וויסן איז דער פאָטער פון גלויבן. אָן קיין גלויבן איז אויך נישטאָ קיין האָפענונג. די האָפענונג דערבליקט דעם ציל, גיט אים דירעקציע און פילט אָן מיט אינהאַלט די מעשים, וואָס פירן צום ציל. דער „האָף" און דער „גלויב" ליגן אויף קעגנזייטלעכע פּאָלוסן. בעת דער „גלויב" האָט אַ פאַרגאַנגענהייט־ווענדונג, האָט אָבער די „האָפענונג" אַ צוקונפטיקע

ווענדונג, וואָס דריקט זיך אויס אין דער שטרעבונג צו אַ ציל, אין דעם פאַרהייליקטן אידעאַל.

צווישן דעם „האָף" און „גלויב" איז אָבער דאָ אַן ענגע פאַרבינ־דונג. עס איז די זעלבע פאַרבינדונג ווי פונעם נעכטן מיטן מאָרגן. פונקט ווי דער מאָרגן מוז האָבן אַ נעכטן, אַזוי מוז אויך די האָפענונג האָבן אַ גלויבן. מענטשן, וואָס פאַרלירן זייער האָפענונג אין זייערע סאָציאַל־עטישע און מאָראַלישע צילן, האָבן אויך פאַרלוירן זייער גלויבן. גלויבן און וויסן זענען ווי דער פּאָזיטיווער און נעגאַטיווער עלעקטרישער שטראָם, וואָס זייער ווירקונגס־כוח קומט בלויז צום אויסדרוק דורך זייערע קעגנזייטיקע קאָנטאַקטן. זיי באַוועגן און פילן אויס אונדזער גאַנץ לעבן. דער שעפע־רישער גלויבן, ווערנדיק איזאָלירט פון נישט באַשטענדיקן וויסן, זוכט פונדעסטוועגן זיין מיטהילף, כדי זיך צו רעאַליזירן, צו דערנענטערן זיך צו זיינע צילן, וואָס ווערן אינספּירירט דורך דער האָפענונג.

פונקט ווי דער „גלויבן" איז דער שטענדיקער סאַטעליט פונעם „וויסן", אַזוי איז אויך די „האָפענונג" דער שטענדיקער סאַטעליט פון „גלויבן". די האָפענונג שפּילט דאָ די ראָל פון דעם פאַרמיטלער, דעם קאָנטאַקט־פּונקט צווישן גלויבן און וויסן. די האָפענונג דערלאָזט נישט די פולשטענדיקע איזאָלירונג פון גלויבן פון דעם פריער פאַרפיקסירטן וויסן. פון דעם וואָס האָט זיך פריער אָפּגעשטעלט און פאַרטריקנט געוואָרן אינעם מענטשלעכן באַוווסטזיין.

קיין שום טעאָריע פון מענטשלעכע צווישנבאַציונגען, פון פאַרגאַנ־גענעם אָדער איצטיקן לעבן, קאָן גאָר אַנדערש נישט באַטראַכט ווערן, ווי נאָר דורך דער פּריזמע פון דער פאַראייגנטער וועלט־אַנשויונג, וואָס איז אַלעמאָל סוביעקטיוו באַאַרבעט און געפינט זיך אין אַ שוין פולן אָדער טיילווייזן פאַרפיקסירטן צושטאַנד. אַלס פועל־יוצא, געפינט זיך אין יע־דער סאָציאַלער טעאָריע, אפילו אין דער סאַמע „וויסנשאַפטלעכסטער" און ראַציאָנעלסטער, אַ געוויסער דאָמינירנדיקער עלעמענט פון ריינער אמונה. די שייכותן צווישן גלויבן און טעאָריע זענען קעגנזייטיק־קנדיק און זיך בייטנדיק. יעדע טעאָריע איז אָנגעשפּאַרט אַחוץ אויף רעאַ־לע פאַקטן, אויך אויף אַ ריין סוביעקטיוון גלויבן [13].

(13) "Every assertion and every denial of objectivity is an act of faith presently taking what it says for its own future evidence and its future".

HORACE M. KALLEN. CULTURAL PLURALISM AND THE AMERICAN IDEA. p. 13

סאָציאַל־אידעישע איינשטעלונגען ווערן, ווי שוין פריער דערמאָנט, געשפּייזט פון דריי גאַנץ באַזונדערע און זיך קעגנווירקנדיק־באַאיינפלוס־טע קוואַלן. מיר וואָלטן זיי געקאָנט רעדוצירן לויט די פּאָפּולערע פּאָלקס־באַגריפן צו: מאָגן, האַרץ און מוח. אונטער מאָגן ווערט פאַרשטאַנען נישט בלויז די פיזישע זעלבסטבאַפרידיקונג, נאָר אַלץ, וואָס האָט נאָר די פּאָ־טענציעלע פעיקייטן, רעאַלע אָדער אילוזאָרישע, צו באַפרידיקן געוויסע ברייטע אוטיליטאַרע צילן. דאָס הייסט, דער איינפלוס פון די באַלדיקע רעאַלע נויטן, האָפענונגען און שטרעבונגען, וואָס ווערן פאַראורזאַכט פון יחידישע און סביבה־נויטן, וואָס וואַקסן אַרויס פון די מענטשלעכע צווישנ־באַציונגען, דער איינפלוס פון די ירושה־דערפאַרונגען און פון די אייגענע פריערדיקע גייסטיקע אנלאַגן, וואָס קומט פון אונדזער וואָרצלדיקייט אינעם סאָציאַלן אָרגאַניזם. דאָס אַלץ קומט צום אויסדרוק דורך אונדזער עמאָציאָנעלער באַציונג, דורך דעם וואָס עס ווערט אין דער פאָלקס־שפּראַך אָנגערופן דאָס האַרץ. סיי די נויטן פון האַרץ און פון מאָגן ווערן ראַציאָ־נאַליזירט דורכן מוח. די מענטשלעכע מחשבה טראַכט שוין צו אַלערליי טעאָריעס און השערות, כדי צו באַרעכטיקן די אייגענע אמונה, וואָס זוכט זיך אויסצושפּרייטן צו אַ פאַרענדיקטער גאַנצקייט. אונדזער עמאָציאָנעלע באַציונג איז, אויב נישט דער גאַנצער, אָבער דאָך דער הויפּט־בעל־הבית, וואָס באַווירקט אונדזערע ראַציאָנעלע שייכותן צו דער וועלט און צום סאָציאַלן אַרום פון וואַנען מיר זענען אַ טייל.

די הויפּט־אונטערשידן פון „וויסן" און „גלויבן" ליגן הויפּטזעכלעך אין דעם, וואָס דאָס וויסן, ווי דינאַמיש עס זאָל נאָר נישט זיין, און כאָטש מיר דאַרפן כסדר נאָכלויפן דאָס זיך אַנטוויקלענדיקע וויסן, דאָך באַהערשן מיר עס. אַנדערש איז אָבער מיטן גלויבן, וואָס מאַניפעסטירט זיך אין אַן איבערצייגונג. מיר ווערן טאָטאַל באַהערשט פונעם גלויבן. כדי זיך נישט פילן אינגאַנצן קיין שפּילעכל אין די הענט פונעם גלויבן, מאַכן מיר אַלע פאַרזוכן עס צו ראַציאָנאַליזירן און אונטערצושפּאַרן מיט פאַרשכלדיקטע אַרגומענטאַציעס. מיר באַהערשן דאָס וויסן און מיר ווערן באַהערשט פון אונדזער גלויבן, פון אונדזער איבערצייגונג.

דער מענטשלעכער גלויבן קאָן אָפּט ווערן אַזוי וויט אָפּגערוקט פונעם וויסן, אַז ער פאַרלירט וועלכן עס איז קאָנטאַקט מיט דער רעאַלי־טעט, מיט דער גאָענטקייט פון וויסן. די זעלבסטבאַרעכטיקונג אינעם ראַ־ציאָנאַליזירן אזא טויטן גלויבן ליגט בלויז אין דער הנחה, וואָס איז אָנ־

געשפּאַרט אויף אַ פריערדיקן גלויבן. דאָס איז אַזאַ הוילע אַבסטראַקטע אינטעלעקטועלע גימנאסטיק, וואָס האָט שוין אינגאַנצן נישט קיין שום באַריר־פּונקטן מיט דער דינאמישער רעאַליטעט. אזא גלויבן באַרעכטיקט זיך, אַז זיין הנחה איז אָנגעשפּאַרט אין אַן „עפּעס", וואָס ליגט אויסער דער מענטשלעכער דערפאַרונגס־וועלט, אינגאנצן אָבער אָפּגעריסן פון א גע־וועזענע דערפאַרונג איז אפילו אַזאַ גלויבן אויך נישט. עס איז אַ גלויבן, וואָס איז אָנגעשפּאַרט אויף א שוין לאַנג פארשוווּנדענער הנחה. דער מענטש האלט זיך נאָך אלץ אָן בלויז ביי פריערדיקע מסקנות פון דער שוין לאנג פארשווונדענער הנחה. אזא גלויבן איז געבויט אויף א פונדא־מענט, וואָס באַשטייט פון נישט עפּעס אַנדערש, נאָר פון ריינעם גלויבן. דער מענטש ווערט דעמאָלט אינגאַנצן אימוניזירט פון יעדן סאָרט וויסן, וואָס קאָן צעשטערן זיין אילוזאָרישן סיסטעם פון גלויבן.

א נייער סאָציאַל־אידעישער איינשטעל דערקלערט טאַקע מלחמה דעם אלטן אקצעפּטירטן גלויבן. מיט דער צייט אָבער ווערן אויך די נייע אידעישע איינשטעלונגען אלץ מער פאַרוואַנדלט אין אַ טויטער אמונה. אויף אמונה קאָן מען שוין קיין קשיות נישט פרעגן. איך גלויב ווייל איך וויל גלויבן. אָדער איך גלייב ווייל איך דאַרף דעם גלויבן, ווי אַ בלינדער נייטיקט זיך אינעם שטעקן אַלס אַן אָנשפּאַר און וועגווייזער.

"I want the winds of all cultures
to blow freely about my house:
but not to be swept off my feet
by any".

GANDHI

## 6

אינעם מענטש, אין יעדן יחיד און נאָך מער אין אַ צוזאַמענבונד פון יחידים, אין אַ געזעלשאַפט, ווירקן אייביקע צוויי קעגנזעצלעכע היסטאָריש נויטווענדיקע כוחות: דאָס קאָנסערוואַטיווע, דער נעכטן, דאָס געוועזענע און דאָס רעוואָלוציאָנערע, די וויזיע און שטרעבונג צו אַ גע־ענדערטן מאָרגן. דער געפּעכט צווישן די צוויי היפּוכדיקע כוחות קומט אַלעמאָל פאָר אויפן באָדן פון אַ היינט. עס קומט פאָר אַ שטענדיקער גע־ראַנגל צווישן דעם סאָציאַל־אַקצעפּטירטן צוזאַמען מיטן אינדיווידועל־איינגעווויִנטן, קעגן דעם אומבאַקאַנטן, נאָך נישט אויסגעטראָטענעם, נאָך נישט דורכגעמאַכטן. אָבער אויך דאָס רעוואָלוציאָניזירנדיקע, דאָס נאָך דערווייל פרעמדע און אומבאַקאַנטע, איז אַ פּועל־יוצא פון א היינט, פון אַ באַשטימטער סביבה, וואָס שטעקט מיטביידע פיס אין ירושהדיקע וואָרצלען. דער געראַנגל פון די ווידערשפּרוכן דריקט זיך היסטאָריש אויס אין דעם קאַמף פאַר דעם אויפהאַלט אָדער פאַר דער מאָדיפיצירונג פון דעם נויטווענדיקן אויפהאַלט פון אַ סאָציאַלן עקוויליבריום. די אויפהאַל־טונג פון אַ סאָציאַלער גאַנצקייט איז אָפּהענגיק פון דעם געשאַפענעם גלייכגעוויכט. דער גלייכגעוויכט איז אָבער קיינמאָל נישט קיין אַבסאָלוט סטאַטישער. דער געראַנגל באַוועגט דאָס צינגל פון דער וואָגשאָל צווישן דעם נעכטן און דעם פּאָטענציאָנעלן מאָרגן. אַמאָל האָט דער קאָנסערוואַטי־ווער נעכטן די אויבערהאַנט און מיט דער צייט, פאַרקערט, די וויזיע פונעם מאָרגן. די וויזיע פון א צוקונפט־ציל זוכט זיך אַלעמאָל לויז צו מאַכן פון

די אָקצעפּטירטע טראַדיציאָנעלע שטריק און זוכט זיך פון זיי צו באַ־פרייען.

ווען אַ סאָציאַל־אידעישער איינשטעל פאַרלירט דעם קאָנטאַקט מיט די כוחות פון אַ שעפערישער קעגנוואַרט, ווען די איינשטעלונגען פון אַ באַשטימטן פאָלקס־וועג ווערן פאַרסטאַטישט, די רעאַליטעט רוקט זיך אַוועק דורך דער אייביקער מאָבילקייט פון דער מענטשלעכער סביבה, דעמאָלט ווערן די פון פריער סאָציאַל־גייסטיקע אָנלאַגן אַלץ מער פאַר־קלויסטערט און פאַרדאָגמאַטיזירט. סאָציאַל־אידעישע איינשטעלונגען שפּיגלען אָפּ דאָס גאַנצע מענטשלעכע טראַכטן און פילן, פון אַ גרעסערן אָדער קלענערן פאַרנעם. אידעאָלאָגיעס אָדער וועלט־אויפפאַסונגען האָבן, פונקט ווי די מענטשן ביי וועמען זיי האָבן זיך באַזעצט, אַ נאַטירלעכע איינגעבוירענע וויטאַליטעט פון לעבנס־אויפהאַלט. דורך דער פאַראייגנט־קייט און געשלאָסנקייט פון זיינע אידעען ווערט דער מענטש באַהערשט פון די טראַדיציעס פון דער אייגענער און אַבסאָלוט נויטווענדיקער וואָרצל־דיקייט. פונקט ווי דער שטאַרבנדיקער, ראַנגלט זיך אויך דער האַלב־ אָדער גאַנץ אַקטיוו־אָפּגעלעבטער אידעען־איינשטעל פאַר זיין פּאָזיציע אין לעבן. אידעען פון אַ זיך אַקטיוו אַוועקרוקנדיקער רעאַליטעט ווערן אַלץ מער פאַרקערפּערט אין אַ טראַדיציאָנעלער איינשטעלונג. אַזוי שנעל ווי דער אידעישער וועלט־באַנעם פארלירט זיין קרעאַטיוון קאָנטאַקט מיט די אור־באַדינגונגען, וואָס האָבן אים אויף דער וועלט געבראַכט, ווערט ער נאָך מער פארהייליקט. אין דער זעלבער צייט רופן נייע אידעען און באגריפן, ארויסגעוואקסענע פון געענדערטע סאָציאל־סביבהדיקע כוחות, זיך צו באַ־פרייען פון די טראַדיציאָנעלע צוימען, זיך לויז צו מאַכן פונעם געכטן. דער געראַנגל קומט פאָר, נישט געקוקט דערויף וואָס אויך די געענדערטע סביבה און סאָציאַלער דרוק האָבן נאָך אַלץ גאַנץ באשטימטע באריר־פונקטן אפילו מיט דער ווייטסטער פארגאנגענהייט. אינעם פארבייגעגאנ־גענעם ליגן דאָך די סיבות פון אונדזער גאנצער עקזיסטענץ. אַ סאָציאל־אידעישער איינשטעל איז אלעמאָל איינגעפּאסט אין דער מענטשלעכער פאַראייגנטקייט, דורך וועלכן ער אָבסערווירט די דרויסנדיקע וועלט און זיינע אייגענע שייכותן צו דעם ארום. די מענטשלעכע באגריפן, געוווינ־הייטן און די גאַנצע טראדיציאָנעל־ירושהדיקע קולטור לייזט זיך זייער שווער אויף, און דאָס ערשט, נאָך אַ לאַנגן און ווידערשפּעניקן געראנגל פון די ביי־אַנטקעגנקומענדיקע רעאַליטעטן, לאנג עקזיסטירנדיקע אָדער ערשט דערזעענע.

פונקט ווי דאָס לעבן פון אונדזערע אור־עלטערן קומט צום אויס־דרוק אין אונדזער גאַנצער עקזיסטענץ, אַזוי ווערן אויך די פון פריער פאַראייגנטע גייסטיקע אָנלאַגן נישט פולשטענדיק פאַרשווינדן. זיי סינטע־טיזירן זיך נאָר מיט די נייע אָנלאַגן און ענדערן דעם סאָציאַל־אידעישן פערספּעקטיוו. מיר הייבן אָן קוקן אויף אונדזערע שייכותן צום געענדערטן אַרום דורך אַ מאָדיפיצירטן שליסל־לאָך.

דער איבערגאַנג פון אַ גרופּן־באַוווסטזיין פון דור צו דור אָדער פון תקופה צו תקופה באַשטייט פון אַ טאָפּלטן פּראָצעס: ערשטנס, איז דאָס אַן אינטערפּעטיווער פּראָצעס. יעדעס דור און יעדע באַזונדערע סאָציאַל־אידעישע גרופּע טייטשט אויס זיינע געירשנטע טראַדיציעס און די גאַנצע איבערגעגעבענע פאָלקס־קולטור אויף זיין אייגענעם אופן. צווייטנס, איז דאָס אַ סעלעקטיווער פּראָצעס. יעדעס דור און יעדע גרופּע, אינערהאַלב דער געזעלשאַפט, קלייבט אָפּ יענע עלעמענטן פון דער קולטור־ירושה, וואָס האַרמאָניזירן זיך מיט זיינע קעגנווערטיקע וועלט־אָנשויונגען. דער געירשנטער גרופּן־באַוווסטזיין, וואָס קומט פון פאַרגאַנגענע סאָציאַלע נויטן און דערפאַרונגען, שטעלט זיך איין אין א לעבנס־וועג און ווערט אויסגעדריקט אין אַ שטאַרק פאַראייגנטן טראַדיציאָנאַליזם, וואָס דינט ריין פּראַקטישע צוועקן: די ירושה ווערט אויסגענוצט אין געראַנגל פאַר די אייגענע סאָציאַל־אידעישע לעבנס־צילן. מען קאָן ריכטיק נישט דער־זען די אינטערפּעטיווע פּראָצעסן אָן די סעלעקציעס וואָס קומען פאָר, ווען נייע דורות נעמען אויף און מאָדיפיצירן די קאָלעקטיוו־אָנגעזאַמלטע אי־דעען און סאָציאַלע דערפאַרונגען, וואָס האָבן זיך אָפּגעזעצט אין אַ געוויס פאָלק, אָדער גרופּן־טראַדיציאָנאַליזם. די טראַנסענדירונג פון סאָ־ציאַלע אידעען און טראַדיציעס מאכן דעריבער דורך פאַזן פון כסדרדיקע ענדערונגען. אונטער נאָרמאַלע זיך אַנטוויקלענדיקע באַדינגונגען ווערן די ירושות איבערגעשאַפן אין יעדן דור, צוגעפּאַסט צו די נויטן און אי־דעישן לעבנס־קוק פון די באַזונדערע גרופּן אין אַ געזעלשאַפט. די ענדע־רונגען פון די געירשנטע פאָלקס־טראַדיציעס זענען פון איין זייט אַ פאַר־שפּעטיקטע נאָכשאָטונג פון די געענדערטע רעאַליטעטן פון צייט־ און אָרט־באַדינגונגען, און פון דער צווייטער זייט, דינען זיי אויך די צוקונפט־צילן.

דער געירשנטער סאָציאַלער באַוווסטזיין איז אין זיין איבערגאַנג פון דור צו דור, אין זיין אויסשטאַלטונג, אָפּהענגיק פון די כוחות־באַציונגען, פון די פּראָגרעסיווע און רעגרעסיווע פאַקטאָרן. נישט בלויז יחידים, נאָר גאַנצע געזעלשאַפטן קאָנען רעגרעסירן צו אַ פריערדיקן

גייסטיקן קלימאַט. דאָס קומט פאָר דעמאָלט ווען די סעלעקציעס און די אינטערפּרעטאַציעס פון אונדזערע גייסטיקע ירושות איגנאָרירן די געגנ־דערטע רעאַליטעטן. ווען אַ באַדייטנדיקע גרופּע האָט עקשנותדיק פאַרע־זערווירט אַ פריערדיקע סאָציאַל־אידעישע אָריענטאַציע אין איר גאַנ־צער טאָטאַלקייט, דעמאָלט ווען די יורשים זענען נישט איבערקלייבעריש און ווען אַזאַ גרופּע האָט די קאָנטראָל איבער דעם גאַנצן סאָציאַלן אָרגאַ־ניזם, שאַפט זיך אַ סאָציאַל־היסטאָרישע רעגרעסיע. אָן די דאָזיקע פאַקטן איז שווער צו באַנעמען דעם אַלגעמיינעם פלוס פון די פאַראייגנטע גע־דאנקען און וועלט־אָנשויונג.

יעדער סאָציאַל־אידעישער געראַנגל איז אייגנטלעך נישט מער ווי אַ פאַרזוך צו פאַרטיידיקן און אויפצוהאַלטן דעם סאָציאַלן עקוויליבריום, אָדער צו איבערשיכטן די כוחות־פאַרהעלטענישן און שאַפן אַ נייעם סאָ־ציאַלן גלייכגעוויכט. אין פרשת־הדרכים פון תקופות ווערט ביי די טרעגער פון נייע סאָציאַלע אידעען פאַרשטאַרקט די טענדענץ וואָס מער זיך אָפּ־צורייסן פונעם אַלטן, פון אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיטן פון פריער גייס־טיק אָנגעלאָדענעם. זיי זוכן זיך לויז צו מאַכן פון אַלץ, וואָס בינדט זיי צום נעכטן, כדי וואָס שנעלער זיך צו דערנענטערן צו די זיך געשטעלטע ענד־צילן. זיי גיסן אויס דאָס אַלטע, מיט דער האָפענונג, אַז דאָס וועט מאַכן פלאַץ פאַרן נייעם. די אינערציע פון יעדער נייער רעוואָלוציאָנערער וועלט־אָנשויונג האָט אַ נטיה צו פאַרוואַרפן דאָס שעדלעכע, דאָס פאָר איר אומנייטיקע, צוזאַמען מיטן וואָרצלדיקן אַבסאָלוט נויטווענדיק נוצ־לעכן. די וואָס שטעלן זיך אין געראַנגל קעגן די איבערבלייבענישן פונעם נעכטן אינעם היינט, ווערן פאַרוואַנדלט אין טרוימער פון אַ נאָך נישט דערגרייכטן אָפּגעריסענעם מאָרגן. זיי זוכן אַזוי שטאַרק אָפּצורייסן דעם מאָרגן פונעם היינט, נישט געקוקט דערויף וואָס אין דער פּראַקטיק פון לעבן ווערן זיי געבונדן צו היינטצייטיקע מיטלען אויף צו דערגרייכן די ענד־צילן פון אַ מאָרגן. זיי רייסן זיך אָפּ פון געוועזענעם צוזאַמען מיט נייטיקע שטיקער לעבעדיקן היינט. זיי נעגירן דעם היינט אין אַ פאַרזוך זיך אָפּצושאָקלען פון דעם געוועזענעם.

די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געמאַכט אַ פאַרזוך אָפּ־צושאַפן דעם אַלטן קאַלענדאַר. א נייער בראשית. די וועלט הייבט זיך אָן ציילן פון דעם היסטאָרישן איבערברוך, פון דער פראַנצויזישער רעוואָלו־ציע. די רוסישע רעוואָלוציע האָט געמאַכט ענלעכע פאַרזוכן אויף צו נע־גירן אַלץ וואָס האָט נאָר עקזיסטירט פריער. די וועלט פון פרייהייט און

גליק האָט זיך אָנגעהויבן מיטן יאָר 1917. די נאַציאָנאַלע רעוואָלוציע אײ־נעם יידישן לעבן, מיט דער אָנטשטייונג פון מדינת ישראל האָט געבראַכט צו געוויסע ענטוזיאַסטן די טענדענץ אויסצושניידן אַ רייכע צוויי טויזנט־יאָריקע קולטור־ירושה. דאָס איז אַלץ דערפאַר, וואָס די צוויי טויזנט יאָר זענען געווען פאַרבינדן מיטן גלות, און דער רעוואָלוציאָנערער ציל איז דאָך געווען וואָס שנעלער זיך צו באַפרייען פון גלות.

יעדער היסטאָרישער איבערברוך, נישט בלויז אין מעשה, נאָר אויך אפילו ווען זי איז בלויז באַגרענעצט צו דער מחשבה, אין יעדן נייעם אידעישן וועלט־באַנעם, שאַפט זיך די נטיה זיך אָפּצורייסן פון געוועזענעם און צוזאַמען דערמיט פון שטיקער רעאַליטעטן פונעם היינט, אויף וועמען דער צוקונפט־ציל דאַרף זיך אָנשפּאַרן און פון וואַנען ער דאַרף ציען זיין יניקה. אַ רעוואָלוציאָניזירנדיקער אידעען־איינשטעל פאַרלירט צייטווייליק דאָס געפיל פון קאָנטינואיטעט. עס דוכט זיך אויס, אַז די וועלט הייבט זיך אָן מיט אים. אויך דאָס קינד, פאַר וועמען די וועלט איז ניי און עס הייבט זיך ערשט אָן צו רייסן צום לעבן, האָט די זעלבע געפילן צו אַלץ וואָס א־ז פאָרגעקומען פאַר זיין געבורט. די וועלט איז צוזאַמען מיט אים געבוירן געוואָרן. וועגן די דאָזיקע שטימונגען האָט אַזוי טרעפלעך געזאָגט דזשאָרזש סאַנטאיאַנאַ: „די וואָס קאָנען נישט געדענקען די פאַרגאַנגענהייט, זענען פאַרשאָלטן זי איבערצוחזרן״.

ערשט מיט דער פולער רייף־ווערנדיקייט פונעם קינד, אָדער פון אַ רעוואָלוציאָנערער אידעאָלאָגיע, אָדער וועלט־באַנעם פון אַן איבער־ברוך־צייט, דאָס הייסט, ווען אַ נייער סאָציאַל־אידעישער סדר האָט זיך שוין פולשטענדיק עטאַבלירט, ערשט דעמאָלט ווערט ווידער געבוירן דער באַנייטער אינטערעס צום פריערדיקן, צום פאַרגאַנגענעם נעכטן, דער פונדאַמענט פון היינט. מען הייבט ערשט אָן אויפסניי אָפּצושאַצן די פאַר־לאָזטע פאָלקס־ירושות. דער נעכטן ווערט צוריק אינקאָרפּאָרירט אינעם היינט. מען הייבט צוריק אָן מחיה־מתים זיין די אַלטע דורך דורות אָנגע־זאַמלטע מנהגים און קולטור. מען הייבט צוריק אָן צו פאַראייגענען אַלטע שטיקער פאַרבייגעלאָפן לעבן, פון וואַנען מיר זענען אַ נאַטירלעכער פועל־יוצא. סוף־כל־סוף ווייזט זיך אַרויס, אז דער נייער סדר איז גאָרנישט אַבסאָלוט ניי. ער איז אַן ארויסוווקס פון א נעכטן. עס איז בלויז א שטאַפּל אין דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. אין דער אייגענער רייף־ווערנדיקייט, הייבט מען צוריק אָן צו זוכן דעם אייגענעם שורש.

דער גרייז־גרויער נעכטן שטייט ווי אַ וואַכזאַמער שומר איבערן היינט, ער היט דעם פּאָטענציעלן מאָרגן, אַז ער זאָל זיך נישט אָפּרייסן פון אייגענעם וואָרצל, אַז ער זאָל זיך נישט אויפלייזן און ווי קיין אויסגע־הוילטער אַוועקפליען אין דער ליידיקייט. אַ וואָרצל אַן פּאַר זיך איז נאָך נישט קיין לעבן. עס מיינט ליגן באַגראָבן אין דער ערד, אונטער דער לאַסט פון אַ טויטן טראַדיציאָנאַליזם. אַ געזונט קאָלירפול לעבן מוז אָבער האָבן וואָרצלען. לעבן מיינט אומאונטערגעבראָכענער המשך. דער נאָך לעבעדי־קער נעכטן גרייט צו דעם פּרוכטבאַרן באָדן פאַר פאָלקישער וואָרצלדי־קייט. דער עסענץ פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע באַשטייט פון זאַמלען, אָפּהיטן און אויפהאַלטן אָנגעזאַמלטע קולטור־ווערטן פון די פריערדיקע דורות אויף צו באַרייכערן די קעגנוואַרט.

קולטור־ירושה מיינט פיל מער ווי אַן איבערגעבליבן קונסט־ווערק, אַ מאָנומענט אָדער אַן אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונג. עס טראָגט מיט זיך פיל מער, ווי די אייגנשאַפט צו באַפּרידיקן און שטילן אונדזער קוריאָזי־טעט אין דעם וואָס עס איז געווען. גערירשנטע קולטור פון אַ פאָלק באַ־שטייט פון אַ פאַרגייסטיקטע פאַר׳סך־הכלונג פון מענטשלעכע נויטן, דער־פאַרונגען, שטרעבונגען און האָפענונגען, וואָס זענען געקומען צום אויס־דרוק אין די אָנגעזאַמלטע פאַראייגנטע טראַדיציאָנעלע קולטור־ווערטן. די דאָזיקע ווערטן זענען דער פונדאַמענט, אויף וועלכן עס האַלט זיך אונדזער גאַנצע עטניש־שותפותדיקע עקזיסטענץ. נישט געקוקט אויף אַלע סעלעק־ציעס, אינטערפּרעטאַציעס און איבערשאַפונגען פון דער גערירשנטער פאָלקס־קולטור און טראַדיציעס פון יעדן שפּעטערדיקן דור באַזונדער, בלייבט אַלץ די ירושה דער צעמענט, וואָס האַלט צונויף דעם פאָלקס־אָר־גאַניזם און שפּייזט זיין עקזיסטענץ. אין זיי ליגן די קוואַלן פון חיונה פאַר אונדזער עטנישן המשך. געשיכטלעכע אַנטוויקלונג פון אַ פאָלק איז אַ פּראָצעס פון כסדרדיקן אָפּרייסן זיך און כסדר צוריק פאַרבינדן זיך מיט די אוועקגייענדיקע נעכטנס. עס ליגט טאַקע אַ טיפער געדאַנק אין דער העגעליאַניש־מאַרקסיסטישער גענעראַליזירטער הנחה, אַז יעדער שפּע־טערדיקער דור קאָן אין איין אין דער זעלבער צייט באַטראַכט ווערן אַלס צעשטערער, פּרעזערווירער און פאַרזעצער פון דער גערירשנטער קולטור און די ווערטן פון פריערדיקע דורות.

בלויז אונטער קאַטאַקליזמישע אויפטרייסלונגען קאָן טרעפן, אַז אַ פאָלקס־איינהייט, אָדער געוויסע טיילן פון אַ פאָלק, זאָל אינגאַנצן און אויף אַלעמאָל פאַרלירן זיינע נעכטנס אויף זיין געשיכטלעכן וועג. אונטער נאָר־

מאַלע אַנטוויקלונגס־באַדינגונגען ווערן טיף וואָרצלדיקע פאָלקס־ירושות פון נאָענטע און ווייטע נעכטנס קיינמאָל אינגאַנצן נישט אויפגעלעזט. וויפל מיר זאָלן נאָר נישט ווענדן זיך פון זיי באַפרייען, קומען זיי צו אונדז צוריק. גאַנץ אָפט דערשיינען זיי פאַר אונדז מיט נייע באַפּוצונגען. די געזונטע טראַדיציעס פון אונדזער עבר בייטן זיך נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל ווען זיי דערגרייכן אונדז, זענען זיי שוין נישט די זעלבע וואָס אין זייער אור־שפּרינגלעכקייט. זיי ווערן כסדר מאָדיפיצירט, זיי קומען צו אונדז שוין צו־זאַמענגעגאָסענע פון פריערדיקע און שפּעטערדיקע קולטור־ירושות. די אייערנעכטנס סינטעטיזירן זיך מיטן נעכטן איידער זיי גיסן זיך אַריין אינעם היינט. דער טראַדיציאָנאַליזם איז געזונט און קרעאַטיוו, ווען ער סינטע־טיזירט זיך מיט די נייערע פאָלקס־דערפאַרונגען, וואָס דריקן זיך אויס אין די ניי־געשאַפענע ווערטן און אין ניי־געשאַפענע לעבנס־שטייגערס. אונדזערע סאָציאַל־היסטאָרישע איבערלעבונגען, שאַפונגען און שטרע־בונגען, פאַרקערפּערט אין טראַדיציע און אין דער גערירשנטער קולטור־ירושה, דערגרייכן צו אונדז פון די ווייטסטע אייביקייטן און באַהערשן אונדז. אַ נאָרמאַל זיך אנטוויקלענדיקער עטנישער אָרגאַניזם קאָן נישט אַנטלויפן פון זיין ירושה, פונקט ווי מיר קאָנען נישט אַנטלויפן פון די פיזיש־גערירשנטע גענעטישע אייגנשאַפטן.

בלויז אין צייטן פון געשיכטלעכע איבערברוכן ראַנגלט זיך דער ניי־געבוירענער אידעען־איינשטעל מיט זיינע ירושה־טראַדיציעס. נייע אידעאָלאָגיעס זוכן לכתחילה צו באַזייטיקן אלץ, וואָס קאָן נאָר שטערן זייער רעוואָלטירנדיקן שווונג. דאָס איז אָבער בלויז אַ פאַרבייגייענדיקע דערשיינונג. אַ נאָרמאַל זיך אנטוויקלענדיקער קיבוץ קאָן זיך באין אופן נישט אָפּשניידן פון אייגענעם שורש און קאָן פון זיך זעלבסט נישט אַנט־לויפן. אין די טיפענישן פון פאָלקס־לעבן וועבן זיך נעכטנס כסדר צוזאַ־מען מיטן אַנטקעגנקומענדיקן היינט. דער מענטש מוז אַלעמאָל מיטנעמען דעם נעכטן אויף זיין געשיכטלעכן וועג. עס קאָן נישט זיין קיין מאָרגן אָן קיין נעכטן. די וויזיעס פון מאָרגן קאָנען זיך נישט אָפּרייסן פון דער רעאַ־ליטעט און פאַרפליען אין די הימלען. דאָס קאָן בלויז פאָרקומען ווען אַ פאָלק, אָדער טיילן פון אַ פאָלק באַגייען זעלבסטמאָרד, דעמאָלט איז אָבער אויך מער נישטאָ קיין אייגענער מאָרגן. אַ נאָרמאַל שעפעריש לעבן ליגט בלויז אין זיין המשך. אַ פאָלק הייבט קיינמאָל נישט אָן פון בראשית. אויך די מעשה בראשית האָט געהאַט פאר אונדז אומבאַקאַנטע אור־בראשיתן. אַ נייער און געזונטער לעבנס־סדר טוט בלויז אָן די גערירשנטע פאָלקס־

טראַדיציעס אין אַ באַנייטער הלבשה, כדי זיי זאָלן פאַרן נייעם דור דערשיינען היינצייטיק און פאַריונגערט.

איצטיקע מענטשלעכע האַנדלונגען ווערן באַווירקט און אין אַ גרויסער מאָס דיקטירט דורך טראַדיציעס און געוווינהייטן פון דער ווייטסטער פאַרגאַנגענהייט. איינע פון די אַנדערשקייטן פון מענטש און חיה איז דאָס, וואָס דער מענטש גיט כסדר איבער זיינע אָנגעזאַמלטע סאָציאַלע דערפאַרונגען, פאַרקערפּערט אין דער קולטור און טראַדיציע, צו די נייערויסוואקסנדיקע דורות. די דערפאַרונגען פאָרמירן אונדזערע עפעקטיווע פאַרלאַנגען און באַדערפענישן. אין אונדזערע ירושות ליגט די שפּייז פאַר אונדזער גאַנצן שותפותדיקן קיום און המשך. מיר זענען בלויז אַן איבערחזרונג, באַרייכערט מיט די דערפאַרונגען, קולטור־ירושות און לעבנסשטייגערס פון די אַלץ נייע געשאַפענע סביבה־באַדינגונגען. מיר ווערן פולער דורך די וואַקסנדיקע געשיכטלעכע קאָמבינאַציעס פון די צוזאַמענגעגאָסענע נעכטנס [14].

---

(14) "We can retain and transmit our own heritage only by constant remaking our own environment. Piety to the past, is not for its own sake, nor for the sake of its past, but for the sake of a present so secure and enriched that it will create a yet better future".

JOHN DEWEY. HUMAN NATURE AND CONDUCT. p. 21

דויד פלאַקסער

## וואָרצלען

וועבן זיך נעכטנס,
אויפן געשיכטלעכן וועג.
אַ געטלעכע מתּנה
פאַר קומענדיקע טעג.

פאַרטריקנט דער גומען
אין אייביקן גאַנג,
קוואַלן פון נעכטן
אַ פרישער געטראַנק.

זאַמלען זיך נעכטנס
מיט טרויער און פרייד,
פאַרטיפן די קוואַלן
פון ירושהדיקע ווייטן.

טיפער די קוואַלן
אין די נעכטיקע טעג,
רייכער דער גאַנג
אויפן מאָרגנדיקן וועג.

אַ מאָרגן, וואָס פאַרלוירן
האָט זיינע נעכטיקע טעג,
אַ בלאָנדזשענדיקער שטערן,
וואָס געפינט נישט זיין וועג.

דער מענטשלעכער קאָנסערוואַטיזם קומט צום אויסדרוק דורך זיין צוגעוווינטקייט, פאַראייגנטקייט פון די אידעישע אנלאַגן און דורך דעם גאַנצן גערשנטן טראַדיציאָנאַליזם און פאָלקס־קולטור. דאָס אַלץ ווערט אויפגעהאלטן און אָפּגעהיט דורך אונדזער עמאָציאָנעלער פארבינדונג מיטן געוועזענעם, וואָס ליגט טיף באַגראָבן אין אונדזער גאַנצן סאָציאַל־עטישן באוווסטזיין.

דער טראַדיציאָנאַליזם, וואָס איז אַ טיף שעפערישער כּוח דורך זיין באַרייכערן די קוואלן פאר אונדזער המשך, דער זעלבער טראדיציאָנאליזם שפּילט אויך א נעגאטיוו־דעסטרוקטיווע ראָל. אויף וויפל אונדזער שטאַרק באַגרענעצטער אָביעקטיוויזם און אונדזער וויזיע דערלויבט אונדז נאָר, וואָלטן מיר באדארפט מאכן דעם געהעריקן אָפּקלייב. מיר דאַרפן באַטראַכטן דעם סאָציאַלן נוצן אָדער שאָדן, וואָס געוויסע טראדיציאָנעלע כּוחות ברענגען דער נאָרמאַלער אנטוויקלונג פון א קיבוץ. מיר דארפן זיך אָנשטרענגען אָנצוהאלטן א גלייכגעוויכט און אונטערזוכן וועלכע מאני־פעסטאציעס פון טראדיציאָנאליזם איז פאר אונדז שטארק נוצלעך אָדער שטארק שעדלעך. דער נוצלעך קאָנסטרוקטיווער טראדיציאָנאַליזם איז אין זיין תּוך סינטעטיש, ער איז א כּסדר צוזאַמענגעגאָסענער פון דעם ווייטערן און נענטערן נעכטן צוזאַמען מיטן היינט. אזא טראדיציאָנאַליזם שטעלט זיך נישט אין וועג פאר דער ווייטערדיקער פאָלקס־אנטוויקלונג. פארקערט,

ער באַרייכערט דעם באָדן פון אונדזער וואָרצלדיקייט. אונדזער לעבן ווערט אָבער אויך אָפּט באַהערשט פון אַ טראַדיציאָנאַליזם, פון אַ טויטן נעכטן, וואָס אַנטוויקלט זיך נישט מיט דעם געשיכטלעכן גאַנג. דאָס איז אַ טויטע האַנט, וואָס לייגט שטיינער אויפן געשיכטלעכן וועג און דערלאָזט נישט דעם היינט זיך אַריינאַנטוויקלען אינעם מאָרגן.

פון איין זייט קאָן טאַקע נישט געמאָלט זיין קיין געזונטער מאָרגן אָן קיין געזונטן נעכטן און פון דער צווייטער זייט, איז ווען דער טראַדיציאָנאַליזם פאַרלירט זיין שעפערישן כאַראַקטער, ווען ער שטייט פאַרעקשנט און לאָזט זיך נישט צוזאַמענגיסן מיט די נייע רעאַליטעטן, דעמאָלט ווערט ער געזעלשאַפטלעך שעדלעך. דעמאָלט איז דאָס שוין נישט קיין ירושה, נאָר פאַרקערט, ער שלעפּט אונדז צו זיך אין קבר אַריין דורך נישט דערלאָזן, אַז מיר זאָלן זיך אויסגראָבן פון פאַרגאַנגענעם נעכטן. אַזאַ טראַדיציאָנאַליזם באַשטייט פון אַ ווייטן אייערנעכטן, וואָס גיסט זיך נישט צוזאַמען מיטן נעכטן און איז דעריבער שעדלעך פאַרן היינט. דאָס לעבן אונטער דער הערשאַפט פון אַזאַ טראַדיציאָנאַליזם ווערט באַהערשט פון אַ טויטן אָפּשיין פון אַ ווייטן עבר. אַזאַ צושטאַנד סטאַגנירט דאָס מענטשלעכע צוזאַמענלעבן. אמבעסטן ווערט אַזאַ צושטאַנד אויסגעדריקט דורך דעם אַלטן ענגלישן פאָלקסווערטל: „די מילן קאָנען נישט מאָלן מיט די שוין לאַנג דורכגעלאָפענע וואַסערן".

אַ יחיד אָדער אַ כלל, וואָס ווערט באַהערשט פון אַזאַ טויטן טראַדיציאָנאַליזם, איז מער נישט פעיק צו באַפרוכפּערן די קעגנוואַרט אויף צו באַגעגענען די צוקונפט. דאָס זענען שטיינער אויפן וועג פון דער ווייטערדיקער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. דער באַהערשטער פון אַזאַ אימפּאָטענטן אידעישן וועלט־באַנעם אידענטיפיצירט זיך דעמאָלט אינגאַנצן מיט אַ ווייטן נעכטן און ווערט אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער באַלדיקער רעאַלער סביבה און פון די נויטן פון דער צייט. ער זוכט צו באַגראָבן דעם מאָרגן אינעם פאַרשווונדענעם נעכטן [15].

---

(15) The irrationality of neurotic symptoms is due to the fact that they represent modes of acting and feeling of the past which are in no intelligible relation to the present".

FRANZ ALEXANDER. OUR AGE OF UNREASON. p. 181.

די נוצלעכע גייסטיקע אנלאגן פון קולטור־ירושות שפּילן אָבער אַן אַבסאָלוט נייטיקע און שעפערישע ראָל. אַחוץ דעם, וואָס דער נוצלעכער טראַדיציאָנאַליזם איז אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין צעמענטירן דאָס סאָציאַלע לעבן, שפּייזט ער אויך דעם היינט. ער שטייט נישט אין וועג דער געשיכט־לעכער אַנטוויקלונג, נאָר גיסט זיך כסדר צוזאַמען מיט די אַלץ ניי־געשאַ־פענע לעבנס־פאָרמען. די געזונטע טראַדיציעס זענען דעריבער נישט בלויז שפּייז פאַרן פאָלקס־קיום, נאָר שאַפן אויך די נייטיקע וויטאַליטעט פאַר אַ קרעאַטיוון המשך.

פעלקער קאָנען אינעם שווונג פון רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען אַריבערשפּרינגען היסטאָרישע באַרג־שפּיצן. זיי קאָנען זייער אַ סך דער־גרייכן נישט בלויז דורך סינטעטיזירן די אייגענע מיט פרעמדע דערפאַ־רונגען, נאָר דורך פולשטענדיק געליענע דערפאַרונגען פון אַנדערע פעל־קער, וואָס האָבן דורכגעמאכט אַ שנעלערע און אַן אייגענע נאָרמאַלע בהדרגהדיקע אַנטוויקלונג. מער צוריקגעשטאַנענע פעלקער (צוריקגע־שטאַנענקייט אינעם זין פון באַגרענעצטערע היסטאָרישע דערפאַרונגען און אינעם זין פון ווערן פולשטענדיק באַהערשט פון אַ טויטן טראַדיציאָנאַ־ליזם) קאָנען אין צייטן פון שטורמישע איבערברוכן אויסמיידן סאָציאַלע אַנטוויקלונגס־תקופות, אָבער זיך אַליין קאָנען זיי נישט אַריבערשפּרינגען. פעלקער קאָנען אונטער גינסטיקע באַדינגונגען און מיט געוויסע אינערלעכע שוועריקייטן אַריבערשפּרינגען פון טיפן מיטלאַלטער, אָדער גאָר פון אל־טערטום, צום סאַמע אולטרא־מאָדערנעם מאָרגן, פון אַ פרימיטיוו לעבן צו אַן אַטאָמישער און אַטאָמאַטיזירטער ציוויליזאַציע. אָבער אָפּשניידן זיך פון נאָענטן פרימיטיוון נעכטן קאָנען זיי נישט. רעוואָלוציעס זוכן טאַקע אַ קפיצת הדרך צו זייערע אידעאַליזירטע צילן, דורכן אָפּשאָקלען זיך פון אַלטן, דורך אָפּשניידן זיך פון נעכטן. אַ פאָלק, וואָס דערגרייכט טאַקע אויף אַזאַ אופן זיין וועג צו דער צוקונפט, ווערט אינערלעך אויסגעטריקנט. מיט דער גאַנצער טעכנישער דערגרייכונג בלייבט עס גייסטיק פאַראָרעמט, ווייל עס פאַרשמעלערט אָדער האַקט איבער די קוואַלן פון וואַנען דער מאָרגן דאַרף שעפּן זיין גייסטיקע יניקה. פּונקט ווי די וואָרצלען פון געוויסעביימער אין דער טריקעניש גראָבן זיך אונטער דער ערד און ציען זיך אין דער ריכטונג פון וואַסער, זיי ברעכן דורך אַלע צוימען, כדי צו ציען זייער שפּייז, אַזוי גראָבט אויך אַ געזונט נאָרמאַל פאָלק זיינע וואָר־צלען אין דער טיפעניש פון דער אייגענער פאַרגאַנגענהייט. כדי דאָס גראָבן זאָל זיין שעפעריש, איז דאָס נישט אויף אָפּצוהיטן דאָס גע־

וועזנע צוליב אַן אַבסטראַקטער פּאַרהייליקטקייט, נאָר בלויז אויף צו באַפּרוכפּערן דעם היינט און דעם אַנטקעגנקומענדיקן מאָרגן. ווען אַ פֿאָלק רייסט זיך אָפּ פון זיין שורש, ווערט עס גייסטיק פֿאַראָרעמט און פֿאַר־טריקנט און לעבט אַ פֿאַרבלאַסטע, וואָרצללאָזע אָרעמע עקזיסטענץ [16].

אַ סך מינוסן האָבן זיך געשאַפֿן ביי טיילן און ביי גאַנצע פעלקער־גרופּן, וועמען די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג האָט זיי אָפּגעריסן פון זייער אייגענעם נעכטן און דערמיט פֿאַרשטעלט דעם וועג צו זייער אייגענעם וואָרצלדיקן המשך. אַ סך פעלקער־גרופּן האָבן זייערע אייגענע קולטור־ירושות אַרויסגעוואָרפן אויפֿן געשיכטלעכן מיסטקאַסטן. ספּעציעל איז דאָס צו באַמערקן אין די לענדער פון אימיגראַציע אין דער נייער וועלט. אין די לענדער האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן פֿאַרשידענע עטנישע עמיגראַנטן־כוואַליעס. עס זענען געקומען אין די לענדער שטיקלעך און טיילן פון פעלקער, וואָס האָבן אין זייערע אַלטע איינגעזעסענע היימען געהאַט אַן אייגענע טיף־וואָרצלדיקע געשיכטע, טראַדיציע און פֿאָלקס־קולטור. אין לויף אָבער פון אַ דור אָדער צוויי אין דעם נייעם לאַנד האָבן די אַלע אָפּגעריסענע שטיקלעך פון פעלקער אַרויסגעריסן פון זיך יעטוועדן סימן פון זייער פריערדיקער פֿאָלקישער ירושה. זיי האָבן זיך איבערגעקאָכט אינעם היסטאָרישן שמעלץ־טאָפּ. זיי האָבן זיך צוזאַמענגעשמאָלצן און אַרויסגעשמאָלצן פון זיך יעדן איבערבלייב פון זייערע פריערדיקע קול־טור־ירושות. זיי האָבן זיך אויפגעלעזט און זייערע פריערדיקע אינדיטעטן זענען פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. זיי זענען אַרויסגעקומען פון שמעלץ־אויוון, ווי אַ צוזאַמענגעגאָסענע, פּנימלאָזע, וואָרצללאָזע און פֿאַרפלאַכטע מאסע. אין זייער איבערפלאַנצן זיך אויפן נייעם באָדן האָבן זיי זייער ניי פֿאָלקס־לעבן באַדאַרפט אָנהייבן פון בראשית. דאָס האָט גורם געווען צו זייער אַ סך מינוסן.

יידן פונקט ווי אַנדערע עטנישע גרופּעס אינעם גרויסן אַמעריקע קאָכן זיך און שמעלצן זיך צוזאַמען אינעם זעלבן שמעלץ־טיגל. פון דער

---

(16) "To laud habit as conservative, while praising thought as the main spring of progress, is to take the surest course to making thought abstruse and irrelevant and progress a matter of accident and catastrophe".

JOHN DEWEY. HUMAN NATURE AND CONDUCT. p. 67.

גרויסער היץ ווערן די יידישע פאָלקס־טראַדיציעס אויסגעטריקנט. די פאָלקס־זאַפטן ווערן אויסגעוועפּט. דער ייד ווערט אָבער נישט פולשטענ־דיק אויפגעלעזט ווען ער קומט אַרויס פון שמעלץ־טאָפּ. עפּעס בלייבט נאָך אין אים אַ געוויסע יידישע אייגנאַרטיקייט. ער קומט טאַקע אַרויס פון שמעלץ־טאָפּ א גייסטיקער אָרעמאַן, אַ קולטורעל נאַקעטער ייד. ער איז אָבער פאָרט נישט קיין אַבסאָלוט צוזאַמענגעגאָסענער מיט די אַנדערע געוועזענע עמיגראַנטישע פאָלקס־גרופּן. ער שמעלצט זיך און צעשמעלצט זיך נישט צוזאַמען מיט דער ניי־צוזאַמענגעשמאָלצענער מאַסע. היסטאָ־רישע, רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און קעגנוואַרטיקע סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַדינגונגען האָבן פאַרוואַנדלט דאָס יידישע פאָלק אין אזא סובסטאַנץ, וואָס לאָזט זיך נישט אַזוי לייכט אויפלעזן און פולשטענדיק צוזאַמענשמעלצן.

אַ טייל פירנדיקע אַמעריקאַנער אינטעלעקטואַליסטן האָט טאַקע געשראָקן די געשאפענע קולטורעלע און טראדיציאָנעלע בלויזן, וואָס ווערן פאַראורזאכט פון אמעריקאנער שמעלץ־טאָפּ. זיי האָבן אַרויסגערוקט די אידעע פון אַ קולטור־פּלוראליזם אויפן אמעריקאַנער באָדן. אָנשטאָט אַ פולשטענדיקע אויפלעזונג פון די קולטורן פון די פארשידענע עטנישע גרופּן, דאַרף די אַנטוויקלונג געריכטעט ווערן אַזוי, אַז די פאַרשידענע עמיגראַנטישע קולטורן און די באַזונדערע פאָלקס־טראַדיציעס זאָלן זיך סינטעטיזירן מיט דער נייער קולטור־סביבה. אַזאַ סינטעז קאָן פאַרטיפן און דערהייבן דאָס אַלגעמיינע קולטור־לעבן. זייערע שטימען זענען אָבער געווען צו שוואַך און זענען געקומען צו שפּעט צו קאָנען משפּיע זיין דעם גאַנג פונעם היסטאָרישן „סטים־ראָלער". די געשאַפענע בלויזן וועט בלויז די צוקונפט־געשיכטע, די וייטערדיקע אַנטוויקלונג קאָנען אָנפילן מיט נייעם אינהאַלט.

די נאַטירלעכע נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון אַ פאָלק, וואָס ווערט נישט אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל פון דער ערד, ליגט אין זיין נישט אונ־טערגעבראָכענער עקזיסטענץ, אין אַ המשך פון זיין עטנישער איינהייט. דער דראַנג פון זעלבסטפּרעזערוואַציע איז אַן איינגעבוירענער אינעם לעבן בכלל. די פּרעזערוואַציע פון אַ פאָלק, זיין קיום איז אָבער נישט אַלעמאָל אידענטיש מיט פאָלקס־המשך.

פיל אַלטע פעלקער האָבן נישט אונטערגעבראָכן זייערע פיזישע און סאָציאַלע גרופּן־עקזיסטענץ. זיי האָבן טאַקע עקזיסטירט אַלס איינהייט־לעכע פאָלקס־גרופּע, זייער קיום איז געווען אַ געזיכערטער, זייער המשך

איז אָבער געווען אַ שטאַרק באַגרענעצטער. זיי זענען געבליבן שטעקן אין דער פאַרגאַנגענהייט און זיך נישט ווייטער באַרייכערט מיט נייע דערפאַרונגען, מיט נייע געענדערטע סביבות, מיט וועמען דער אייגענער עבר זאָל זיך סינטעטיזירן. זייער עקזיסטענץ איז באַשטאַנען פון אַ פּרוכטלאָזע זעלבסטאימיטירונג, אַ כסדרדיקע איבערחזרונג פון אַן איי־געגעם אימפּאָטענטן נעכטן. אזא סטאַטישער צושטאַנד האָט סטעריליזירט די נאָרמאַלע פאָלקס־אַנטוויקלונג.

אַ סך פעלקער אויפן אַזיע־אַפריקע קאָנטינענט האָבן דורך דורות און תקופות זיך זעלבסט איבערגעחזרט. כאָטש די פעלקער האָבן נישט געהאַט קיין פּראָבלעם ווי אַזוי אויפצוהאַלטן זייער אידענטישקייט אַלס סאָציאַל־עטנישע איינהייט, זייער פאָלקישער קיום איז געווען אַ געזיכער־טער, דאָך איז דאָס געווען אַ קיום אָן אַ המשך. אין בעסטן פאַל, אַ שטאַרק באַגרענעצטער המשך. זיי האָבן זיך זעלבסט רעוועלירט דורך אַ פּרוכט־לאָזע זעלבסטאימיטאַציע. זייערע נייע דורות האָבן טאַקע איבערגענומען זייערע אַלטע אָרעמע קולטורעלע און טראַדיציאָנעלע ירושות. די ירושות זענען אָבער נישט געווען אַזעלכע, וואָס זאָלן שטויסן צו דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. זייערע ירושות האָבן זיך נישט סינטעטיזירט מיט די געענ־דערטע און אַלץ נייערע סביבה־איינפלוסן. די אייערנעכטנס האָבן זיך נישט צוזאַמענגעגאָסן מיט די נעכטנס, כדי צו באַגעגענען א באַנייטן היינט. די געירשנטע טראדיציעס זענען אָנשטאָט אַ וואָרצל פון וואַנען א פאָלק ציט זיין יניקה פאַרן ווייטערדיקן המשך, געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ פעס־טונג אויף צו באַשיצן און אָפּהיטן די סטאַגנירנדיקע פאַרגאַנגענהייט. נייע ענדערונגען און איינפלוסן זענען געווען שטאַרק באַגרענעצט. בלויז רעוואָ־לוציאָנערע וועלט־קאַטאַקליזמען האָבן געקאָנט דערמעגלעכן אויפצוּוועקן די פעלקער פון זייער לעטאַרגישן שלאָף.

עס דאַכט זיך מיר אויך, אַז איינע פון די הויפּט־סיבות פון דעם גרויסן קולטור־בייטראַג צו דער וועלט פון דעם קליינעם יידישן פאָלק, ליגט אין דער יידיש־פאָלקישער נצחדיקייט, אין זיין קיינמאָל נישט היס־טאָרישער איבערגעריסנקייט. די איבער דריי טויזנט־יאָריקע יידישע גע־שיכטע איז באַשטאַנען נישט בלויז פון קיום, פון אַ געמאַטערטער עקזיס־טענץ, נאָר אויך פון איין לאַנגן כסדר זיך באַרייכערנדיקן המשך. יידן האָבן געלעבט אונטער אַזוי פיל פאַרשיינדאַרטיקע לעבנס־באַדינגונגען, אונטער כסדר געביטענע צייט־ און אָרט־סביבות פון לענדער און קאָנטינענטן, אונטער לעבנס־באַדינגונגען פון אוממענטשלעכע גזירות און גירושים,

שייטערהויפנס און קאַלך־אויוונס און אין שטענדיקן וואַנדערן. יידן האָבן אין זיך איינגעזאַפּט אַ רייכטום פון אַזוי פיל קולטור־איינפלוסן פון פעלקער און לענדער. זיי האָבן זיך אָבער נישט אָפּגעריסן פון אייגענעם היסטאָרישן וואָרצל. דאָס האָט פאַרשטאַרקט דעם שותפותדיקן לעבנס־דראַנג און גע־נערט די יידישע קשה־עורפדיקייט. די אַלץ מער באַרייכערטע יידישע פאָלקס־קולטור און טראַדיציעס זענען געוואָרן פרוכטבאַרע וואָרצלען פאַרן יידישן המשך. המשך נאָך פיל מער ווי קיום איז געוואָרן די אייביקע לעבנס־זאָרג פונעם יידישן פאָלק אין אַלע צייטן און אונטער אַלע באַדינ־גונגען.

יידן האָבן אין זיך איינגעזאַפּט קולטור־איינפלוסן פון כסדר געבי־טענע סביבות פון לענדער און פעלקער אין לויף פון טויזנטער יאָרן. די אַלע גרויסע פאַרשידנאַרטיקע רייכע קולטור־השפּעות האָבן באַין־אויפן נישט איבערגעריסן די כסדר זיך באַרייכערנדיקע יידישע קולטור־ירו־שות, נאָר זיך סינטעטיזירט מיט די אַלץ מער וואַקסנדיקע איינפלוסן. דער יידישער עבר איז געוואָרן אַן אַלץ מער פאַרטיפטער קוואַל צו באַרייכערן דעם היינט. דער יידישער קיום איז דעריבער אַלעמאָל באַגלייט געוואָרן מיט זאָרג פאַרן המשך. יידן זענען אַ וועלט־פאָלק נישט בלויז אין זין פון זיין צעשפרייטקייט, נאָר אויך אין דעם, וואָס זיי האָבן אין זיך פאַראייגנט אַזוי פיל קולטור־איינפלוסן פון צייטן און סביבות און געשאַפן אַ פאַרביקן סינטעז פון אַן אייגענער וואַקסנדיקער קולטור־ירושה. דער כסדר סינטע־טיזירנדיקער יידישער עבר לעבט אינעם היינט און איז משפּיע דעם מאָרגן. דער יידישער עבר איז פיל ברייטער און טיפער ווי די ענגע גרע־נעצן פון אַ פאָלק אויף זיין לאַנד, מיט רעלאַטיוו באַגרענעצטערע דערפאַ־רונגען און איינפלוסן, וואָס קומען פון אַ נאָרמאַל אָפּגעגרענעצטער סביבה פון אַ לאַנד.

דאָס אַלץ מיינט נישט צו זאָגן, אַז יידן האָבן דאָ אָדער דאָרט נישט דורכגעלעבט צייטן פון סטאַגנאַציע. אַחוץ דרויסנדיקע געטאָ־איזאָלאַציע, האָבן זיך יידן אויך פרייוויליק איזאָלירט פון דער דרויסנדיקער וועלט, כדי זיך צו פּרעזערווירן און צו באַשיצן פון די אומאויפהערלעכע שטורעמס, וואָס האָבן פאַראורזאַכט אַזוי פיל אומגליקן אויפן יידישן פאָלקס־אָרגאַניזם. אויסער דעם זענען ביי יידן אין אלע צייטן, אַזוי ביזן היינטיקן טאָג, געווען שטאַרק איינפלוסרייכע עלעמענטן, וואָס האָבן געזוכט צו באַגראָבן די יידישע קעגנוואַרט און צוקונפט אין אַ טויטן נעכטן. עלע־מענטן, וואָס האָבן מיט זיך געטראָגן די קערנדלעך פון אַ טויטן טראַדיציאָ־

נאַליזם און האָבן נישט צוגעלאָזט צו די נאַטירלעכע פּראָצעסן פון קולטו־רעל־היסטאָרישע סינטעזעס פונעם נעכטן מיטן היינט, אויף צו שאַפן אַ קאָלירפולן אייגענעם פאַרברייטערטן און פאַרטיפטן פאָלקישן מאָרגן.

מיט דער גאַנצער יידישער איזאָלאַציע, אַרויפגעצוווּנגענע און פרייוויליקע, האָבן יידן זיך כסדר באַרייכערט גייסטיק און קולטורעל און פאַרטיפט אַלץ מער די אייגענע פאָלקס־קולטור. ווי לאַנג יידן האָבן פאַר־געזעצט און זיך נישט אָפּגעריסן פון אייגענעם וואָרצל זענען די קאָליר־פולע איינפלוסן געווען אַ גרויסע מיטהילף אין דער יידיש־קולטורעלער אַנטוויקלונג. די דרויסנדיקע איינפלוסן, וואָס סינטעטיזירן זיך מיטן איי־גענעם שורש, זענען אַ מעכטיקער פאַקטאָר אין דער אייגענער אַנטוויק־לונג.

“For dear me, why abandon a belief
Merely because it ceases to be true ?
Cling to it long enough, and not a doubt.
It will turn again ; for so it goes”.

E. A. ROBINSON
The Black Cottage

## 7

יעדער נייער געזעלשאַפטלעכער אידעען־איינשטעל, יעדער „איזם“, נעמט זיך בלויז אָן אין באַגרענעצטע אָדער ברייטערע ראַמען ביי אַ גרופּע, קלאַס, פאָלק אָדער צווישן־פעלקערלעך אויף אַזוי פיל, אויף וויפל דער נייער „איזם“ רעפלעקטירט געוויסע רעאַלע ענדערונגען אין דער סביבה און נייע איינפלוסן אויף די יחידים. די ענדערונגען קאָנען פאָר־קומען סיי דורך אויסערלעכע ריין אָביעקטיווע באַדינגונגען און סיי דורך אינערלעכע ריין סוביעקטיווע איינפלוסן. דאָס הייסט, דורך דער צוריקווירקונג פון דער דערהויבענער פערזענלעכקייט אויף דער סביבה. די נייע סאָציאַלע אידעען מוזן לכתחילה באַזיצן א באשטימטן פּאָטענציעלן כוח אויף צו באַפרידיקן געוויסע — גאַנץ אָפט דערווייל נאָך נישט קיין אויסקריסטאַליזירטע — שטרעמונגען און באַדערפענישן און געוויסע אייגננוצן פון די מעגלעכע נאָכפאָלגער. יעדער איבערברוך ווערט פאַר־אורזאַכט דורך פריערדיקע עוואָלוציאָנערע פּראָצעסן פון כסדרדיקע סינ־טעטישע קאָמבינאַציעס פון פאַרגאַנגענע נעכטנס. געשיכטע מיינט המשך און הייבט זיך קיינמאָל נישט אָן פונעם „אויפסניי“, נאָר דאָרט ווו אַנ־דערע האָבן איבערגעלאָזט. די רעאַליזירונג פון אַן „איזם“, אויף וויפל זיינע אידעען זענען רעאַליזירבאַר, שאַפט בלויז אַ סינטעז פונעם אַלטן מיטן נייעם.

גאַנץ אָפּט זעען מיר ביי אַ פאָלק, פּאַרטיי, באַוועגונג, סעקטע און אפילו אויך ביי קלענערע גרופּן, ווי אינעם פּראָצעס פון פאַראייגענען אַ נייעם אָדער באַנייטן אידעען־איינשטעל, ווערן זיי זייער שנעל פאַרטריקנט און אימפּאָטענט. זיי ווערן שנעל באַהערשט פון אַ שטאַרק פאַראייגנטן טויטן טראַדיציאָנאַליזם. דער קאָנסערוואַטיזם צייטיקט זיך ביי זיי זייער שנעל. נאָך איידער זייער אידעישער צוקונפט־ציל האָט זיך אָנגעהויבן צו רעאַליזירן, נאָך איידער זייער וועלט־באַנעם האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט צו אַן איינהייטלעכער אַלץ ארומנעמענדיקער וועלט־אָנשויונג, נאָך איידער זיי האָבן אידעיש דערגרייכט דעם הויך־פּונקט פון עליה, האָבן זיך אינער־לעך געשטאַרקט די טויטן־קעמערלעך פון זייער ירידה. זיי ווערן שנעל דעגענערירט. אַן אידעאָלאָגיע, פּונקט ווי אַ פיזיש לעבעדיקער אָרגאַניזם, ווערט אָפּט פאַרטריקנט אינעם פאַרזוך צו אייגענער זעלבסטרעאַליזירונג. אפילו די אָפּאָזיציאָנעלע אידעאָלאָגיע פאַלט אָפט אַליין אַריין אין אַ פיל מער פאַרגליווערטן צושטאַנד ווי דער אַרום, וועמען זי זוכט רעוואָלוציאָ־נער צו ענדערן. רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגיעס, וואָס רייסן זיך אָפּ פון דער דינאַמיק פון לעבן, ווערן אָפטמאָל מער פאַרשטייפט ווי די אַרומיקע סביבה, וואָס מאַכט דערווייל דורך קליינע נישט צו שטאַרק באַמערקבאַרע ענדערונגען. ביי אידעען וואָס פאַרלירן דעם קאָנטאַקט מיטן לעבן, ווערט זייער לכתחילהדיקע דינאַמישקייט אין זיך זעלבסט אַלץ מער פאַרסטאַ־טישט. זיי, די טרעגער פון נייע „איזמס" ווערן אָפּט געבונדן דורך דער טויטער האַנט פון אַן אייגענעם אַטראָפירנדיקן טראַדיציאָנאַליזם. זיי ווערן צו שנעל אימוניזירט קעגן דער דינאַמיק פון לעבן. זיי פאַלן אַריין אין אַ מורא פאַר ווייטערדיקע טיף־גייענדיקע אינערלעכע אידעישע רעוויזיעס. עס באַפאַלט זיי אַ שרעק פאַר א נייעם חשבון־הנפש, וואָס קאָן נאָך צע־שטערן דעם אַלט־צוגעוווינטן און פאַראייגנטן אופן פון טראַכטן. דער פאַראייגנטער פארטריקנטער האלב־אמת ווערט א פאָן פון קאמף קעגן אנדערש טראַכטנדיקע און קעגן עמיצן אַנדערשס האלבע אמתן. ביי מענטשן בכלל שאפט זיך אַלעמאָל א נטיה צו משפּטן פרעמדע געדאנקען און מיי־נונגען אויפן באזיס פון זייערע אייגענע פארסטאטישט געוואָרענע דערפא־רונגען און איינפלוסן. ווען עס קומט צו אידעאָלאָגיעס, פארלירן מענטשן שנעל זייערע פעיקייטן זיך צו דערהייבן אפילו צו א טיילוויז באגרענעצטן אָביעקטיוויזם. ווייל ווען דאָס וואָלט נאָר מעגלעך געווען, וואָלט עס גע־מיינט מבטל צו מאכן אן אייגענע איינגעגלויבטקייט, וואָס איז שוין געוואָרן אומאָפּטיילבאַר פונעם מענטש.

אַ לעבנס־אַנשויונג, אפילו אין איר אָפּאָזיציע־צושטאַנד, אַנטוויקלט אירע אייגענע אַמאָל גאַנץ פלאַכע טראַדיציאָנעלע איינשטעלונגען. אויך די אָנהענגער פון אַן אידעישער אָפּאָזיציע ציען זייער יניקה פון דער אימיטאַציע. די געשלאָסענע וועלט־אַנשויונג, וואָס איז נאָך נישט קיין אַלגעמיין־אָקצעפּטירטע, אימיטירט אַ קוואַנטיטאַטיוו קלענערן כלל, און שטאַרק זיך אינערלעך מער, ווייל זי געפינט זיך אין א מלחמה־צושטאַנד. און האָט נישט די אַלגעמיינע סאָציאַלע הסכמה פאַר איר אידעען־איינשטעל. אויך דער אָפּאָזיציאָנער איז נישט קיין פולשטענדיק אָפּגעריסענער פון דער ברייטער סביבה, וואָס ער זוכט אומצובייטן, רעפאָרמירן און אידעיש באַהערשן. ארויסטרעטנדיק קעגן אַן אלטן סדר, איז ער אַליין א פּראָדוקט פון אים. דער אקטיווער אָפּאָזיציאָנער שטייט נאָך מיט איין פוס אויף איין ברוכשטיק פון לעבן און מיטן צווייטן — אין אַן אויסגעחלומטן, נאָך נישט דערגרייכטן ברעג. ער אַליין הענגט פּסיכיש אין מיטן און הוידעט זיך אויף די כוואַליעס פון לעבן, צווישן נעכטן און דעם נאָך נישט דערגרייכטן מאָרגן. עס פעלט אים אויס דאָס געפיל פון זיכערקייט אין דעם רעאַלן היינטצייטיקן באָדן. עס קומט ביי אים פאַר אַ שטענדיקער ויתרוצצו צווישן נעכטן און מאָרגן. צווישן דער ירושה, וואָס לעבט אין אים און באַווירקט אַלע זיינע מעשים און באַציונגען, און זיין שטאַרקן אינערלעכן באַגער צו פליען אין די נאָך דערווייל אומבאַקאַנטע ספערן, און זיך אָפּצורייסן פון זיך זעלבסט. דער מענטש באַמערקט אָפט נישט, אַז ער איז בלויז אַ זאַמדל מיט אַן אייגענעם מיקראָסקאָפּישן ווידערשטאַנד־כוח אין דעם בין־השמשות־שטורעם פון אומבאַקאַנטע איבערגאַנגען. אָבער אויך פון זאַמדלעך מיט אַ באַוווּסטזיין ווערן אָפט געשאַפן מעכטיקע בערג, וואָס באַשווערן די אָנהענגער איבער זיך זעלבסט אַריבערצושפּרייזן.

סיי די אידעען פון קאָנסערוואַטיווונדיקן נעכטן און סיי סאָציאַלע אידעען, אַרויסגעוואַקסענע פון די שטרעבונגען און נויטן פון דער קעגנוואַרט, באַקרעפטיקט דורך אַן אויסגעחלומטן מאָרגן,ביידע: דער נעכטן און דער מאָרגן, דאָס סטאַטישע און דאָס דינאַמישע, ביידע זענען באַגרעצט צו האַלבע וועלטן. כאָטש דער מענטש גאַרט נאָך שלמותדיקייט און אַלץ־אַרומנעמענדיקייט, דאָך זענען זיינע וויזיעס באַגרענעצט צו האַלבע וועלטן, צו האַלבע אָדער צו שטיקלעך אמתן. דאָס ערשטע, דער קאָנסערוואַטיווער פאַקטאָר, באַשטייט פון אַ נעכטן, וואָס איז פאַרעקשנט קעגן אַ היינט און נאָך מער קעגן אַ מאָרגן, וואָס קאָן אים נאָך אינגאַנצן פאַרניכטן. דאָס צווייטע, די אידעען אַרויסגעוואַקסענע פון די נייע געענדערטע רעאַ־

ליטעטן, פאַרפליען אין זייערע וויזיעס צו א נאָך נישט דערגרייכטן מאָרגן. זיי נעגירן דעם נעכטן, צוזאַמען מיט שטיקער היינט. זיי בלייבן זייער אָפט ביי אַ שטאַרק פאַראָרעמטן וואָרצללאָזן היינט און מיט אַ נישט דער־גרייכטן מאָרגן. דאָס ווערט אַזוי פּאַסיק אויסגעדריקט אינעם יידיש־פאָלקסטימלעכן פילאָזאָפישן ליד, וועמענס שאפער איז דוכט זיך מיר געווען ד״ר חיים זשיטלאָווסקי.

„שוין אַוועק דער נעכטן.
נאָך נישטאָ דער מאָרגן.
געבליבן איז בלויז —
אַ שטיקעלע היינט,
איז עס אויך פול מיט זאָרגן״.

אונטער נאָרמאַלע אַנטוויקלונגס־באַדינגונגען, אפילו אונטער באַ־דינגונגען פון היסטאָרישע איבערברוכן, אין צייטן פון אַ שטאַרקן סאָציאַלן באַגער זיך צו באַפרייען פונעם געוועזענעם, גיסן זיך דאָך די נעכטנס כסדר אַריין אין די מאָרגנס און באַפרוכפּערן זיי. די קאָנפליקטן צווישן נעכטן און מאָרגן קומען בלויז פאָר אויפן באָדן פון אייביקן אומגליקלעכן היינט.

שוין אינעם מהות פון א נייעם אידעען־איינשטעל, וואָס איז ביי זיין געבורט נאָך פול מיט וויטאַליטעט, ווערט גלייך אינערהאַלב גע־נעסטלט אַ שטארק וואקסנדיקער קאָנסערוואַטיווער כוח. אַ כוח, וואָס שפּייזט און שטאַרקט די גייסטיקע זעלבסטפּרעזערוואַציע. דאָס ווערט געטאָן אָדער דורך קאָמפּראָמיסן מיטן עקזיסטירנדיקן אָדער דורך אַ רעוואָלוציאָנערן אָנגריף קעגן עקזיסטירנדיקן. אין זעלבסטשוץ זיך צו פּרעזערווירן שטאַרקט זיך דער אינערלעכער קאָנסערוואַטיווער כוח. גלייך ביים אָנהייב פון אויסקריסטאַליזירן זיך פון א נייער פאַרגעזעלשאפטלעכטער וועלט־אָנשויונג, פאָרמירן זיך טויט־קעמערלעך פון אינערלעכער פאַר־גליווערטקייט. כאָטש אויסערלעך רעוואָלוציאָנער, דאָך אַלץ מער אינער־לעך פאַרסטאַטישט. זיין ציל איז בלויז איבערצובייטן דעם אַלטן פאַר אַ נייעם סטאַטוס־קוואָ. דערביי איז נישט פאַראן קיין אונטערשיד צי דאָס איז אין א ריין גייסטיק אידעישער ספּערע אָדער אין אַן אַקטיוו סאָציאַל־היס־טאָרישער. מיר זעען אין אַזוי פיל אָנפאַנגלעך דינאַמישע „איזמס״ אַ פאַרזוך צו קאָנסערווירן זיך אין אַן אייגענעם אומבאַוועגלעכן קולט.

דער רעאַלער באָדן, די אור־באַדינגונגען, וואָס האָבן געבוירן דעם „איזם”, הייבן זיך אָן מיט דער צייט, טיילוויַיז אָדער אינגאַנצן אוועקצו־רוקן. דער מענטש, וואָס האָט דערוויַיל פאַראייגנט דעם נייעם אידעישן וועלט־באַנעם, בליַיבט אָן וועלכן עס איז רעאַלן באָדן. ער בליַיבט אָפּגע־ריסן פון לעבן. די נאָכפאָלגער פון אזא אידעישער איינשטעלונג זוכן זיך בלויז צו באַרעכטיקן און גאַנץ אָפט, בלויז אַפּאָליגעטיש, מיט אן אינער־לעכן שולדיקייט־געפיל. זיי קלאַמערן זיך נאָך שטאַרקער אינעם אייגענעם אידעישן פארמעג, אינעם פאַראייגנטן אופן פון באטראכטן דעם ארום. דאָס מענטשלעכע געפיל פון וועלן זיין דער שטענדיק גערעכטער, זיך זעלבסט צו פארטיידיקן און זיך צו בארעכטיקן, פארשטארקט נאָך מער די נאָענטקייט צו די פון פריער פאראייגנטע אידעען. מיר קאָנען זיך גאנץ אָפט נישט אָפּגעבן קיין חשבון, אז ביידע, סיי דאָס סטאטישע און סיי דאָס דינאמישע, דער רעוואָלוציאָנערער און דער קאָנסערוואטיווער כוח, זענען נויטווענדיקע פאקטאָרן אינעם געזעלשאפטלעכן זיין[17].

אויסגעליידיקטע שאָטנס־אידעען ווערן אָפט פאַרוואַנדלט אין אַ נאָך זייער שטאַרק ווירקנדיקן כוח. זייערע אָנהענגער זענען נאָך גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר זיי, צו ברענגען די גרעסטע קרבנות פאַר זייער פאַרטיידיקונג. די פאַראייגנטע געזעלשאַפטלעכע אידעען דארפן שוין מיט גאָרנישט באוויַיזן זייער רעאַלקייט, שכלדיקייט, עטישקייט, נוצלעכקייט אָדער זייער נויטווענדיקייט. די אידעען פון א גאנץ אָדער האלב פארביי־געלאָפענעם נעכטן הערשן נאָך און שפּילן נאָך אלץ די ראָל פון אַ גאנץ אָפט נאָך נוצלעכן מורה־דרך סיי פאר יחידים און סיי פאר א קיבוץ. זיי ווערן אומאָפּפרעגנדיק, ווייל זיי ווערן אומאָפּטיילבאר פונעם מענטשס

(17) “There are two principles inherent in the very nature of things, recurring in some particular embodiments whatever field we explore — the spirit of change and the spirit of conservation. There can be nothing real without both. Mere change without conservation is a passage from nothing to nothing. . . . Mere conservation without change, cannot conserve. For after all, there is a flux of circumstance, and the freshness of being evaporates under mere repetition”.

Science And The Modern World p. 289
by A. N. WHITEHEAD

װעלט־באַנעם. זייער איינציקע זעלבסטבאַרעכטיקונג און זעלבסטפאַרטיידיקונג ליגט אָפט אין דער ליידיקער און גאָרנישט זאָגנדיקער פראַזע: „אָט זעסטו דאָך!״ אָדער אין דעם, װאָס דער אָדער יענער אויטאָריטעט האָט אַמאָל געזאָגט אַזוי און אַזוי. מעג ער האָבן געגרייזט, אָדער דאָס האָבן געזאָגט אונטער גאַנץ אַנדערע צייט־ און אָרט־באַדינגונגען. דאָס ביסל אָרעמע און באַגרענעצטע לאָגיק, װאָס פּרובירט פאַרטיידיקן די קאָנסערװאַטיװנדיקע איינשטעלונגען, װערט געשפּייזט פון דער עמאָציע. עס װערן ביי זייערע אַפּאָלאָגעטיקער געשאַפן שטאַרק סוביעקטיװע װידערװילנס צו מענטשן אַנדערש טראַכטנדיקע און אַנדערש פילנדיקע[18].

דער דאָגמאַטישער אופן פון דענקען װערט גֶעקרעפּטיקט דורך דער פאַראייגנטקייט פון דעם געװוינעם, פון דעם גאַנצן סכום פאַראייַנהייטלעכטע אידעען, װאָס באַזינען דעם מענטש. די געזעלשאַפטלעכע אידעען און באַגריפן װערן אַזוי שטאַרק פאַראייגנט, אַז דער מענטש, דער יחיד אָדער דער כלל, װערט אַ פולשטענדיקער שקלאַף, אַ געפאַנגענער אין דער נעץ פון זיין אייגענעם אידעען־איינשטעל. דער דאָגמאַטישער אופן פון דענקען װערט אויך געשטאַרקט דורך דער שרעק און מורא פאַרן נייעם, פאַרן אומבאַקאַנטן און פון דעם נאַטירלעכן מענטשלעכן לעבנס־דראַנג פון זעלבסטפּרעזערװאַציע. דער מענטש װערט אָפט פאַרװאַנדלט אין אַ װילנלאָזן אינסטרומענט פון זיינע צוגעװוינטע איינשטעלונגען, אַ שפּילצייג אין די הענט פון די געטער. די אידעען, װאָס זענען אורשפּרינגלעך אַרויסגעװאַקסן פון ריין ערדישע, קאָנקרעטע נויטן, הייבן אָן אַלץ מער און מער צו שפּילן אַ זעלבשטענדיקע ראָל. דער אידעישער מורה־דרך שיקט דעם מענטש צו קעמפן פאַר זיין פאַרטיידיקונג, נישט בלויז װען די אידעען זענען פעיק אויף צו באַפרידיקן די מענטשלעכע נויטן און

(18) “The human understanding, when any proposition has once been laid down (either from general admission and belief, or from the pleasure it affords), forces everything else to add fresh support and confirmation; and although most cognent and abundant instances exist to the contrary, yet either does not observe or despises them or gets rid of and rejects them by some distinction, with violent and injurious prejudice, rather than sacrifice the authority of its first conclusion.”

LORD FRANCIS BACON

שטרעבונגען, ווען זיי זענען נאָך יונג און מיט אַספּיראַציעס איינצוונעמען וועלטן, דער מענטש איז נאָך אַ פּיל שטאַרקער געציייג אין די הענט פון די שוין לאַנג אָפּגעלעבטע געטער, פון אידעען, וואָס האָבן זיך שוין לאַנג פאַרוואַנדלט אין אויסגעליידיקטע שאָלן, ווען עס איז פון זיי בלויז פאַר־בליבן אינהאַלטלאָזע סימבאָלן. אידעען, אָפּגעריסענע פון זייער מוטער־שויס, זענען נאָך מער אויטאָראַטיוו באַפעלעריש. זיי ווערן געשטאַרקט דורך דורותדיקע איינשטעלונגען פון כסדרדיקע זעלבסטאימיטירונגען, פאַר־חתמעט דורך טראַדיציע און פאָלקס־וועג. זיי ווערן עמאָציאָנעל פאַר־שטאַרקט אין פּראָצעס פון זעלבסטפאַרטיידיקונג. פרייוויליק טרעטן זיי נישט אָפּ זייער פּלאַץ.

אונטער אַ שטאַרקן היסטאָרישן דרוק פון געענדערטע לעבנס־באַ־דינגונגען טרעטן די אַלטע דאָגמעס טיילוויז צוריק, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר נייע אָדער געענדערטע דאָגמעס. די אַלטע דאָגמעס גיסן זיך מיט דער צייט אַריין אין די נייע צייטן. אינגאַנצן ווערן זיי אָבער נישט פאַרשוווּנדן. זיי סינטעטיזירן זיך מיט די נייע רעאַליטעטן. דער פּעגאַניזם האָט זיך דערהאַלטן דורכן אקצעפּטירן דאָס קריסטנטום און זיך אין אים אַריינגע־גאָסן. פון דער צווייטער זייט, האָט דאָס קריסטנטום בלויז געקאָנט פאַר־שפּרייט ווערן צווישן די געצנדינער דורכן איבערלאָזן געצנדינערישע מנהגים, וואָס זענען געווען שטאַרק פאַראייגנט און דורך דעם, וואָס דאָס קריסטנטום איז געוואָרן האַלב פּעגאַניזירט. נייע געטער זענען מאַכטלאָז קעגן די דורות פאַרהייליקטע סימבאָלן, וואָס זענען אורשפּרינגלעך געווען בלויז אַ דערמאָנונג פון אַ רעאַליטעט. דער איבערגעבליבענער טונקעלער אָפּשיין פונעם אַמאָל פאַרוואַנדלט זיך אין אַ סימבאָל, דאָגמע און רע־ליגיע.

די ערשטע טריט צו זעלבסטמאָרד פון וועלכן עס איז גלויבן זענען, ווען די קוואַלן פון דער אייגענער אינספּיראַציע ווערן באַגרענעצט און אַריינגעשטופּט אין די ראַמען פון אייגענע דאָגמעס און סימבאָלן. מיר זעען טאַקע אַזוי פיל דאָגמאַטישע רעוואָלוציאָנערישקייט און רעוואָלוציאָנערן דאָגמאַטיזם, וואָס אין פלוג זעען זיי אויס צו זיין שאַרף ווידערשפּרעכנדיקע באַגריפן, וואָס ליגן אויף היפּוכדיקע פּאָלוסן [19].

(19) "No static maintenance of perfection is possible. . . . Advance or Decadence are the only choices offered to mankind.

עס זענען פאַראַן אָן אַ שיר שוועריקייטן צו קאָנען געענוי באַמערקן די אונטערשידן צווישן דעם סטאַטישן און דינאַמישן, צווישן דעם קאָנסער־ווירנדיקן נעכטן און דעם לעבעדיקן היינט און די וויזיע פון מאָרגן. אי־דעיש גיסט זיך איינס אַזוי אַריין אינעם צווייטן, אַז עס איז זיי שווער פאנאנדערצוטיילן. די הויפּט־שוועריקייטן זיי אָפּצוזונדערן ליגן אין דעם, וואָס עס איז פאַר אונדז אָפּט צו שווער אָנצוצייכענען די גרענעץ־ליניעס צווישן רעטאָריק און אינהאַלט. ווען דער רעוואָלוציאָנערער דינאַמישער אינהאלט פון אן „איזם״ האָט זיך שוין לאנג אויסגעוועפּט, באנוצן זיך נאָך זיינע נאָכגייער מיט דער לכתחילהדיקער רעוואָלוציאָנערער שפּראַך. ווייל אויך די שפּראַך און די גאַנצע פראַזעאָלאָגיע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אויסגעליידיקטן סימבאָל, וואָס דינט אַלס א סאבסיטוט, און פארנעמט דעם פּלאַץ פון דער פריערדיקער מיט דער רעאַליטעט פארבינדענער דינאַמישער אידעע.

פרעדיקער און פאַרטיידיקער פון סאָציאַלע אידעען, אפילו אין זייער ירידה־צושטאַנד, באַנוצן זיך נאָך מיטן גאנצן ארסענאל פון שפּראַך־אוצר פאַר דער זעלבסטבאַרעכטיקונג, כדי אַוועקצולייגן זייער חותם אויף דער געשיכטע. שפּראַך איז טאַקע דער אויסשליסלעכער קאָמוניקאַציע־מיטל פאַר מענטשלעכע אידעען. דאָס איז אָבער נישט קיין שטרענג וויסנ־שאַפטלעך מיטל. דאָס זעלבע וואָרט, וואָס קאָן פירן, קאָן אָבער אויך פאַר־פירן. ווערטער, סימבאָלן פון דער מחשבה, ווערן צו אָפּט פארמישט מיט אינהאַלט. זיי דריקן אויס קאָנקרעטע דערשיינונגען, אָבער אין דער זעלבער צייט זענען זיי אויך לויז אָנרעגנדיק. דער באַגאַבטער פּאָעט אָדער אָראַ־טאָר קאָן דאָך מיט איין וואָרט־געדריי אַרויסרופן ביי אונדז שטימונגען און עמאָציעס און אונדז באַוועגן צו העראָישע מעשים. ווערטער אפילו אויסגעליידיקטע פון וועלכן עס איז אינהאַלט טראָגן נאָך מיט זיך אומ־באַגרענעצטע פּאָטענציעלע כוחות. ווערטער זענען אָפּט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר טיף גייענדיקע קאָנפליקטן. מיט דער הילף פון וואָרט קאָן מען אַ סך אויסרעדן, פאַררעדן און איינרעדן. עס איז אן אַלגעמיין אָנגענומענע מיי־

The pure conservative is fighting against the essence of the Universe".

A. N. WHITEHEAD.
Adventures of Ideas.
Cambridge University Press 1933. p. 354.

נוגג, אַז עפּעס מוז ליגן הינטער דעם וואָרט. די פּאָטענצן פון וואָרט־סימ־באָל ווערן אָנגענומען ווי רעאַליטעטן. אין היטלערס באַרימט געוואָרענער פראַזע: חזר איבער א ליגן אַזוי פיל מאָל, ביז ער וועט זיך מוזן אָננעמען, ליגט אַ גרויס שטיק אמת.

דאָס ליידיקע וואָרט קאָן ווערן עמאָציאָנעל אפּעלירנדיק, בלויז דערפאַר, וואָס ווערטער, די סימבאָלן פון דער מחשבה, קאָנען נישט שטרענג דעפינירט און באַגרענעצט ווערן, ווי עס ווערן באַגרענעצט מאַ־טעמאַטישע סימבאָלן, וואָס ווערן אויסגעדריקט אין ציפערן. דעם וואָרט פעלט דער פּרעציזער שטרענג באַגרענעצטער אינהאַלט, און דערפאַר די לויזקייט אין זיין באַנוץ. עס איז נישט בלויז וואָס מען זאָגט, נאָר ווער עס זאָגט, ווי אַזוי עס ווערט געזאָגט און ווער עס איז דער אויפנעמער פון דעם געזאָגטן און אונטער וואָס פאַראַ באַדינגונגען דאָס געזאָגטע ווערט אויפגענומען. פּונקט ווי שפּראַך קאָן פאַר אונדז קלאָרער מאַכן, אַזוי קאָן שפּראַך אויך פאַרנעפּלען דעם אינהאַלט. ווערטער העלפן דעריבער אויך צו פאַרטונקלען, כדי נישט צו דערזען דעם ירידה־צושטאַנד פון אַן אידעע, ספּעציעל ווען די אידעע איז אַ שטאַרק פאַראייגנטע און איר ירידה ווערט צוגעדעקט און באַפּוצט מיט אויסגעליידיקטע ווערטער־סימבאָלן[20].

אידעען אַרויסגעוואַקסענע אָדער פון סאָציאַלע צווישנבאַציונגען, אָדער פון דעם מענטשס באַציונגען צום גאַנצן ארום אין אלגעמיין, האָבן זייערע וואָרצלען סיי אין אַ נעכטן און סיי אין די נויטן פון א היינט. דער מענטש, אין זיין קאַמף אויף צו באַשיצן זיך פון די אַנדערש דענקענדיקע, זוכט אַלעמאָל צו פּרעזערווירן און קאַנאָניזירן זיינע אידעישע איינשטע־לונגען. ער פאַרקערפּערט זיינע אידעאַלן און סימבאָלן. דערביי איז נישטאָ

(20) "There arises from a bad and unapt formation of words a wonderful obstruction to the mind."

FRANCIS BACON — Novum Organum

"We should have a great many fewer disputes in the world, if words were taken for what they are, the signs of our ideas only and not for things themselves."

JOHN LOCK — Essay on Human Understanding

With words we govern men.

DISRAELI

קיין אונטערשיד, צי דער סימבאָל באַשטייט פון אַ וואָרט, אַ זאַך, אַן אָפּ־בילד אָדער אַ נאָמען, אַ פּערזאָן אָדער אַ פּאָן. דער רמז שאפט דעם מאָמענ־טאַלן קאָנטאַקט פון דעם מענטש מיט זיינע פאַראייגנטע אידעען. די סימ־באָלן קאָנען אַרויסרופן טרערן און עקסטאַז, דערפאַר ווייל דער מענטש דערזעט זיך אין זיי. די סימבאָלן אַליין זענען שוין אַן אָנזאָג און אַן אויס־דרוק פון פאַרשטייפט ווערנדיקייט פון דער אידעע, וואָס דער סימבאָל שטעלט מיט זיך פאָר. דער סימבאָל איז נישט די אידעע גופא, נאָר אַן „עפּעס" וואָס איז מרמז אויף דער אידעע. די סימבאָלן ווערן אויסגעדריקט אין זעבאַרע, באַרירבאַרע און הערבאַרע אָביעקטן פון דער אבסטראקטער אידעע. זיי קאָנקרעטיזירן דעם אויסגעוואָרעמטן אידעען־איינשטעל. אַזוי שנעל אָבער ווי אַ געזעלשאַפטלעכע אידעע הייבט אָן צו ווערן פאַרקערפּערט אין איר מצבה און איר לעבעדיקער אינהאַלט הייבט זיך אָן אויסצוּוועפּן, דעמאָלט הייבט דער טויטער סימבאָל אָן צו שפּילן אַ זעלבשטענדיקע ראָל. אויף דער אויסגעליידיקטער סימבאָל באַזיצט נאָך דעם כוח פון אַן אומ־קאָנטראָלירבאַרן גולם. זיין כוח ווערט נאָך מער פארשטארקט מיט דער אַלץ מער דערווייטערונג פון זיין אָריגינעל דינאמישן אינהאַלט. זייער ווירקונג האַלט אָן אפילו ווען די סימבאָלן זענען שוין נישט מער ווי אַן אָפּשאָטונג פון שוין לאַנג פאַרבייגעלאָפענע צייטן. די סימבאָלן פון נעכטן זענען שטארק משפיע דעם היינט. זייער קראַפט איז געטלעך. זייער נוצ־לעכקייט באשטייט אָבער נאָך אין דעם, וואָס דער מענטש אין זיין פאַר־לוירנקייט דינט אים דער סימבאָל, ווי אַ נויטווענדיקער אָביעקט פון אַ פסיכישן אָנהאַלטן זיך אין אַן אויסגעליידיקטן „עפּעס". מעג דער „עפּעס" זיין בלויז אַ שאָטן פון פארשוווּנדנקייט. דער ליידיקער סימבאָל ווערט אין לויף פון יאָרן און דורות אַלץ מער פאַראייגנט און ווערט אלץ מער פאַר־הייליקט. דער סימבאָל פאַרוואנדלט זיך אין אַ שטענדיקן לעבנס־באגליי־טער, אין אַ כמעט אומאָפּטיילבאַרן שאָטן פון מענטשלעכן לעבן. די שאָטנס פון די פארגאנגענע ירושות זענען גאָרנישט אַזוי ווייט פון אונדז, ווייל מיר טראָגן די פארגאנגענהייט אין זיך זעלבסט. דערפאַר טאקע די פאַר־באָרגענע כישוף־קראפט פון דעם שטאַרק פאַרהייליקטן סימבאָל.

דער מענטש באַנייט זיך אידעיש דורך אויפנעמען באגרענעצטע סביבה־ און ירושה־דערפארונגען, וואָס ווערן מיט דער הילף פון אַן עמאָ־ציאָנעל דיקטירטער לאָגיק אויסגעפאָרמירט אין א פאראיינהייטלעכטער וועלט־אָנשויונג. די געזעלשאפטלעכע אידעע איז נישט קיין מאַטעמאַטיש־קאלקולירטע, נאָר ווערט געטראָגן אויף די פליגל פון סוביעקטיוויזם.

די פאַרגעזעלשאַפטלעכטע אידעע העלפט דערהייבן דעם יחיד זיין פאָלק, זיין סעקטע אָדער קלאַס, זיינע באַגרענעצטע אָדער ברייטערע אינ־טערעסן. די אידעע גיט דעם מענטש דעם באַוווסטזיין, אַז זי פירט אים אויף וועגן, וואָס באַפרידיקן זיינע יחידישע און כלל־אינטערעסן. די אידעע, וואָס איז לכתחילה אַן אָפּשיין פון קאָנקרעטע אומשטענדן, ווערט אַלעמאָל אַזוי אויסגעשטאַלטיקט, אַז זי זאָל זיך אַרויסווייזן, אַז זי באַפרידיקט אומ־פּערזענלעכע מאָראַליש־עטישע נויטן און פּרינציפּן. אין פלוג דוכט זיך אויס, אַז דאָס אוטיליטאַרע ליגט ערגעץ באַהאַלטן טיף אין הינטערגרונט.

די הימלישע קערפּער אינעם אוניווערס באַוועגן זיך פיל שנעלער, ווי אונדזער פּערצעפּציע פון זייערע אָפּשטראַלונגען. די רעאַליטעט באַ־וועגט זיך שנעלער ווי די אידעען פון דער רעאַליטעט. די סאָציאַל־אידעי־שע איינשטעלונגען, אויפן וועג צו זייער געגאַרטקייט, אַנטוויקלען זיך אויף די רעלסן פון אַן אייגענער סוביעקטיווער לאָגיק, וואָס פאַרקריכט צו אַנטילאָגישקייט. אויפן וועג צו דער געגאַרטער אַלץ־אַרומנעמענדיקייט, פון דעם „א" ביזן „ת", פאַרקריכט די אידעע אין א געוועב פון אַלץ ניי־געשאַפענע רעאַליטעטן. די שטרעבונג צו גאַנצקייט פאַרמירט ביים מענטש א סוביעקטיוו־לאָגישע נויטווענדיקייט, אַז ווען ער זאָגט „א", מוז ער אים שוין דערפירן צו זיין אייגענעם לאָגישן סוף. דער סוף, די רעאַליזי־רונג פון ענדציל, קומט שוין פאַר אונטער גאַנץ געענדערטע צייט־באַדינ־גונגען. דער „ת" ליגט שוין אויפן קעגנזעצלעכן פּאָלוס. די שטרעבונג צו אידעישער גאַנצקייט דערפירט צום אייגענעם היפוך. דער צוגעוווינטער און שטאַרק פאַראייגנטער אופן פון דענקען, די וועלט־אַנשויונג, ווערט אין פּראָצעס פון אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקייט אַלץ מער פאַרטריקנט. דער סוף־פּונקט איז אַן אָפּגעריסענער פון די רעאַליטעטן פון אָנהייב־פּונקט. דער רעלאַטיוו פאַרפיקסירטער אידעען־איינשטעל ווערט כסדר אַוועקגע־ריסן פון דעם רעאַל־דינאַמישן באָדן. דערביי איז נישט פאַראַן קיין אונ־טערשיד, צי דער אידעען־איינשטעל אָפּערירט אין דער ספערע פון א ברייטערן אָדער שמעלערן קרייז.

דער נעכטן הערשט איבערן היינט און גיסט זיך אַריין אינעם היינט מיט דער הילף פון דער דאָגמע, וואָס איז נישט מער ווי אַ פאַרגליווערטע אידעע פון א פאַרגאַנגענער דינאַמישער רעאַליטעט, וואָס האָט זיך פאַר־סטאַטישט.

"Our deeds still travel with us from afar
And what we have been, makes us what we are"

GEORGE ELIOT. Middlemarch.

## 8

דער סאָציאַל־שעפּערישער גלויבן, וואָס טראָגט מיט זיך אַ צו־קונפט־אידעאַל, האָט זיינע וואָרצלען אין א היינט, וואָס איז ארויסגעוואקסן פון א נעכטן. באַוווסטזיניקע מעשים ברענגען טאַקע אַלעמאָל אַריין באַ־וווסטזיניקע ענדערונגען. מעשים אָבער, וואָס דאַרפן לויט דער מענטשלע־כער מחשבה דערפירן צו א צוקונפט, וואָס איז פארבונדן מיט א פארענ־דיקטן אידעאַליזירטן סאָציאַלן גלויבן, באַוועגן זיך אַלעמאָל אויף נישט קיין אויסגעטראָטענע וועגן. צוקונפט־וויזיעס, ווי ליכטיק זיי זאָלן נאָר נישט דערשיינען פאַרן גלויביקן, זענען זיי אלץ נאָך פארדעקט מיט גאַנץ טונקעלע שלייערן. דער דערגרייכטער מאָרגן איז טאַקע א פּועל־יוצא פון אונדזערע מעשים, די מעשים אָבער שטימען נישט אַלעמאָל מיט די נאָך נישט דערגרייכטע אידעאַליזירטע צוקונפט־אידעאַלן.

דער מענטש ווערט געפּענטעט דורך זיינע פאַרענדיקטע סאָציאַל־אידעישע איינשטעלונגען, וואָס זענען צוגעבונדן צו א היינט און צו אַ נעכטן. ער פאַרבלאָנדזשעט אָפט אין די לאַבירינטן, פון וועלכע ער דאַרף אַרויסקריכן צו זיינע גענזעלשאַפטלעך־אידעאַליזירטע צוקונפט־צילן, וואָס ליגן באַהאַלטן אין אן אומבאַקאנטן מאָרגן. דאָס זוכן די מעשים, וואָס דאַרפן קאָנקרעטיזירן די אידעאלן, זענען אָפט פיל וויכטיקער ווי דאָס געפינען. די מענטשלעכע באַפרידיקונג ליגט מער אין דער שטרעבונג ווי אינעם דערגרייכטן. דאָס „ווערן" ווערט אַלעמאָל מער פאַהייליקט ווי דאָס „זיין", צו וועלכן מיר איילן זיך. מיר זוכן אלעמאָל א קפיצת הדרך צו אונדזערע צילן. ווייל די מעשים, וואָס דאַרפן דערפירן צו די צילן, באַפרידיקן אונדז אָפט מער ווי דער דערגרייכטער צושטאַנד, הייבן זיי דעריבער אָן צו קריגן

אַ זעלבשטענדיקן ווערט און ווערן פאַרהערלעכט און פאַרוואַנדלט אין זעלבשטענדיקע צילן.

אויך דער מאַרקסיזם, פונקט ווי ביי זייער פיל פריערדיקע און אַנדערע אמונות, האָבן די וועגן, וואָס פירן צו די אידעאַליזירטע צילן, אָנגעהויבן מער פאַרהייליקט צו ווערן ווי די צילן גופא. דער מאַרקסיסטישער וועלט־באַנעם, וואָס האָט זיך געשטעלט אלס צוקונפט־ציל דעם סאָציאַליזם, האָט זיך מיט דער הילף פון דער דיאַלעקטיק פאַרוואַנדלט אין א מעטאָד פאר דער זעלבסטבארעכטיקונג פון די אייגענע מעשים. א מיטל אויף צופאַסן פרינציפּן, אידעאַלן און ענדצילן צו די באַלדיקע האַנדלונגען, וואָס נעגירן די זעלבע פאַרהייליקטע פרינציפּן, אידעאַלן און ענדצילן.

סאָציאַליזם האָט אין דער וויזיע פון זיינע אָנהענגער געמיינט נישט בלויז אַ גרעסער שטיקל ברויט. סאָציאַליזם האָט מיט זיך געטראָגן דעם אידעאַל פון די העכסט־מעגלעכע מאָראַל־עטישע צווישנבאַציונגען פון בין אָדם לחברו. אין אַ וועלט פון עקספּלאָאַטאַציע קאָן באַאין־אופן נישט דערגרייכט ווערן דער הויכער מאָראלישער צושטאַנד אין מענטשלעכע צווישנבאַציונגען. די פאַרגעזעלשאַפטלעכונג פון די פּראָדוציר־מיטלען איז אַ מיטל אויף צו דערגרייכן דעם הויכן מאָראלישן צושטאנד. דאָס מיטל איז אָבער געוואָרן אַ זעלבשטענדיקער ציל. אָבער אויך אויפן וועג צו דערגרייכן א ציל זענען פאראן א ריי קלענערע צילן, וואָס ווערן איבערגעטראָגן אין מעשים. יעדער קלענערער ציל איז אַ „ווערן" צו א שפּעטערדיקן ציל. אזוי אז די מיטלען, דאָס ווערן, ווערט אלץ מער פארהייליקט ווי די וויײטגייענדיקע צילן, וואָס ליגן אין אַן אומבאַקאַנטן מאָרגן.

אין דער געשיכטע פון סאָציאַלע באַוועגונגען זענען זעלטן געווען פאַלן ווען די מיטלען האָבן הארמאָניזירט מיט די אידעאַליזירטע צילן, מיט די חלומות פאַר אַ שענערן מאָרגן. דאָ אָדער דאָרט האָט מען אין דער מענטשלעכער געשיכטע געקאָנט געפונען קליינע גרופּעס, אידעיש צוזאַמענגעשמידטע, וואָס האָבן אין טאָג־טעגלעכן לעבן געלעבט אין איינקלאַנג מיט זייער אידעאַליזירטן מאָרגן, ווי זייערע מעשים האָבן נישט ווידערשפּראָכן זייערע אידעאַלן. גרויסע מעכטיקע סאָציאַלע באַוועגונגען, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט ברייטע מאַסן, האָבן אָבער אַלעמאָל אין דער פּראַקטיק סובאָרדינירט די הויכע עטישע אידעאַלן צו די אומעטישע מעשים, צו די מיטלען, וואָס דאַרפן דערפירן צו די אידעאַלן.

פון איין זייט באַשטייט דער מאַרקסיזם פון אַ פאַרענדיקטע און פאַרסטאַטישטע אידעישע איינשטעלונג, וואָס דעקט צו אַלע סאָציאַלע

דערשיינונגען מיטן ליכט פון אַ באַשטימטער אמונה, און פון דער צווייטער זייט, דינט דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם, די פילאָזאָפישע באַזע פון מאַרקסיזם, אויף צו באַרעכטיקן די מעשים, וואָס האַרמאָניזירן נישט מיט די מאָראַלישע צילן. די צילן האָבן אין דער פּראַקטיק פון קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, פּונקט ווי אין דער מיטלאַלטערלעכער קירכע, אָנגעהויבן אַלץ מער צו כשרן די מיטלען. די מיטלען זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קורץ־דויערנדיקע צילן, וואָס ווערן פּונקט אַזוי פאַרהייליקט, און אָפט נאָך מער, ווי די ווייטגייענדיקע אידעאַליזירטע צילן, וואָס האָבן געבראַכט אין באַוועגונג גרויסע מאַסן מענטשן.

די זעלבע מארקסיסטישע אידעאָלאָגן, פּונקט ווי אידעאָלאָגן פון פיל אַנדערע סאָציאַל־אידעישע און רעליגיעזע „איזמס", האָבן פאַרגעסן, אַז צילן, וואָס באַרעכטיקן מיטלען, קאָנען זיך פון די מיטלען מאָראַליש נישט אָפּטיילן. דער ציל קאָן זיך קיינמאָל נישט באפרייען פון די מיטלען וואָס אַרעסטירט אים. די מעשים, וואָס ווערן אָנגעווענדעט צו דערגרייכן דעם אידעאַלן ציל, ווערן אַ טייל פון די רעזולטאַטן. אויב מיר נעמען אָן, אַז געשיכטע באשטייט פון כסדרדיקע סינטעטישע צוזאַמענגוסן פון נעכטן מיטן היינט און דער היינט מיטן מאָרגן, דעמאָלט שטעלט דער ציל מיט זיך פאָר דעם פּאָטענציעלן מאָרגן און די מיטלען רעפּרעזענטירן דעם רעאַלן היינט. זיי דריקן זיך אויס אין די מעשים, וואָס דאַרפן דערפירן צו דעם זיך פאָרגעשטעלטן מאָרגן. דער היינט גיסט זיך אַריין אינעם מאָרגן און די מיטלען גיסן זיך אַריין אין די צילן. נישט ריינע מיטלען קאָנען נישט מטהר זיין די הייליקסטע צילן. דער מאָרגן האָט נישט די מינדסטע השפּעה אויפן נעכטן, סיידן אין די פאַרשידענע אינטערפּרעטאַציעס פון געשיכטע, ווו יעדער דור דערזעט אַנדערש דעם עבר, נאָר פאַרקערט: דער נעכטן האָט זיך אַריינגעגאָסן אינעם היינט און דער היינט מוז זיך אַריינגיסן אינעם מאָרגן. נישט עטישע מעשים, וואָס דאַרפן פירן צו הייליקע צילן, זענען מטמא די צילן. דער מאָרגן מוז איבערנעמען אַ נישט שיינע ירושה.

די שייכותן צווישן מיטלען און צילן זענען די זעלבע ווי צווישן סיבה און פועל־יוצא. דער פועל־יוצא איז אלעמאָל אין זיך כולל די סיבות. דאָס זענען שייכותן צווישן אַ „פריער" און אַ „שפּעטער". אויך פונעם פריער ווערט אַ שפּעטער — דער דערגרייכטער צושטאַנד. דאָס מיטל איז נישט מער ווי אַ זיך פאָרגעשטעלטער צייט־פּונקט אינעם געשיכטלעכן

וועג. אַ מיטל, וואָס דאַרף פירן צו אַ ציל, איז אַ טיילעכל פונעם שפּעטער־דיקן דערגרייכטן, אַ ציגל פון דער געביידע.

אין ברייטערן צייט־שטח איז אויך דער ציל נישט קיין פאַרענדיק־טער פּראָצעס. ער דערשיינט בלויז ווי ער וואָלט געלעגןביים סוף־פּונקט, דאָרט ווו דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ. דאָס איז בלויז צוליב אונדזער באַ־גרענעצטער וויזיע. אונדזער פאָרגעשטעלטער ענד־ציל איז בלויז אַ רעלאַ־טיוו פּראָוויזאָרישע פאַר׳סך־הכלונג פון די מיטלען. דער ציל איז דאָך צוליב אַן „עפּעס״, אַריבערשפּרייזנדיק דעם „עפּעס״, ווערט דער ציל פאַרוואַנדלט אין אַ סומע פון אָנגעווענדעטע מיטלען פאַר אַ ווייטערדיקן „עפּעס״. דערפאַר טאַקע ווערן אויך די מעשים, די מיטלען, וואָס דאַרפן דערפירן צו די צילן, פּונקט אַזוי גלאָריפיצירט ביי זיינע אָנהענגער, ווי דער זיך פאָרגעשטעלטער הייליקער ציל. די געשיכטע איז פול מיט אומ־צאָליקע ביישפּילן, וואָס ווייזן ווי די דרכים, וואָס האָבן באַדאַרפט פירן צו דער געגאַרטער געטלעכקייט, זענען געוואָרן און ווערן מער פאַרהייליקט ווי די געטלעכקייט אַליין.

דאָס מיטל איז אַ פאַרקערפּערונג פון מעשים אויפן וועג צו אַ נאָך נישט דערגרייכטן ציל. אויך דער דערגרייכטער ציל איז נישט מער ווי אַ ברייטערער היסטאָרישער צייט־אָפּשניט. דער אידעאַליזירטער ציל מוז אַלעמאָל אין זיך כולל זיין די מיטלען, וואָס פירן צו אים. אַ פּראָדוקט איז אַלעמאָל אַ רעזולטאַט פון דער אַרבעט, וואָס עס איז אין אים פאַר־קערפּערט. דאָס יידישע שפּריכוואָרט, „ווי מען בעט זיך אַזוי שלאָפט מען״ באַלייכט דעם ענין מיט דער פולסטער פאָלקס־חכמה. דער „זיין״ איז בלויז דער אונטערגעצויגענער סך־הכל פון „ווערן״. ס׳איז טאַקע ריכטיק, אַז די מיטלען זענען צייטווייליקע. די מיטלען אלס קורץ־דויערנדיקע צילן ווערן דאָך אויך רעלאַטיוו פּערמאַנענטירט און פאַראייגנט ביי זיינע אָנהענ־גער און דורכפירער.

די באַוועג־ליניע, די ריכטונג פון דער אַנטוויקלונג פון אַ סאָציאַלן אָרגאַניזם, איז אָפּהענגיק פון דריי צווישן זיך ענג פאַרבונדענע און קעגנ־ווירקנדיקע פאַקטאָרן: 1) דער אידעאַל, וואָס ליגט פאַרקערפּערט אינעם ציל. ער ווערט אויסגעפאָרמירט אין דער מענטשלעכער מחשבה דורך דער פּערצעפּציע פון דרויסנדיקע איינפלוסן, דורך דער ירושה און דורך אינערלעכע סוביעקטיווע נויטן און באַדערפענישן. 2) דער דורכפירער פון דעם אידעאַל. דאָס פאַרוואַנדלען די מחשבה אין מעשה. דער געזעלשאַפט־

לעכער אַקטיוו און די ראָל פון דעם פירער. 3) די ליניע פון אַקציע, וואָס באַשטייט פון דעם אויסוואַל פון די מיטלען, אָדער וועגן, וואָס דאַרפן דער־פירן צום אידעאַלן ציל. אויפן וועג צום ציל ווערן די אספיראַציעס פון די־דורכפירער איבערזעצט דורך מעשים אין דער פּראַקטישער רעאַליזירונג.

די וועגן, וואָס דאַרפן פירן צו דעם זיך פאָרגעשטעלטן ציל, זענען קיינמאָל נישט קיין וויסנשאַפטלעך פאָרויס אָנגעצייכנטע. זיי ווערן די־רעקטירט לויט דעם סוביעקטיוון אידעען־קוק פון דער היסטאָרישער פּערזענלעכקייט, וואָס איז נישט קיין מעכאַניש־וויסנשאַפטלעכע קאַלקולאַ־ציע־מאַשין. די וועגן צום ציל זענען נישט קיין גראָדליניקע, נאָר זענען אַלעמאָל פול מיט דערנער און פעלזיקע שטיינער. די שוועריקייטן, וואָס די נאָכפאָלגער פון אידעאַליזירטן ציל דאַרפן בייקומען, האָבן אַ פּערמאַ־נענטע השפעה אויפן ציל גופא. דאָס ווערט פאַראורזאכט, ווי שוין פיל מאָל דערמאָנט, דורך דעם, וואָס די רעאַליטעט אַנטוויקלט זיך שנעלער ווי די אידעאַלן, וואָס וואַקסן אַרויס פון דער זעלבער רעאַליטעט. דער אידעאַל, וואָס שטרעבט צו זיין ציל, איז נאָך אַלץ צוגעבונדן צו אַ פריער־דיקער רעאַליטעט, פון וועמען ער זוכט צו אַנטלויפן. די שטיינער, וואָס ליגן אויפן וועג, פאַרקערעווען אויף זייטיקע וועגן די גלייכע ליניע, וואָס דאַרף פירן צום געגאַרטן ציל. דאָס פאַרקערעוועט אויך שוין דעם ציל, גאַנץ אָפט אפילו אומבאַמערקט פאַרן באַגייסטערטן נאָכפאָלגער פון דעם אידעאַליזירטן ציל. די הויכע אידעאַלן, אין וועלכע סאָציאַלע צילן ווערן איינגעהילט, ווערן אין זייער פּראַקטישער רעאַליזירונג סובאָרדינירט צו די מיטלען. נישט אידעאַלע און נישט מאָראַליש־עטישע מיטלען ווערן פאַרוואַנ־דלט אין קלענערע צילן, וואָס ווערן פאַראייגנט און סינטעטיזירט מיט דער גאַנצער וועלט־אָנשויונג פון זיינע דורכפירער און אָנטיילנעמער. צוליב די שטיינער, וואָס ליגן אויפן וועג צום ציל, דערפירן אָפט די מיטלען, אין דער סאָציאַל־היסטאָרישער אַנטוויקלונג, נישט צו דעם לכתחילהדיקן זיך פאָר־געשטעלטן סטאַטישן סוף־פונקט, נאָר זיי פאַרשלעפּן דעם ציל אויף אַנ־דערע רעלסן. די הויכע געטלעכע אידעאַלן ווערן צו אָפט פאַרשלעפּט אין שאול־תחתיה אַריין.

ווען דער ציל, דער „הימלישער אידעאַל” וואַלגערט זיך שוין אין די בלאָטיקע אָפּגרונטן, קלאַמערן זיך נאָך אַ סך פון זיינע אָנהענגער אין דעם „אידעאַל” מיט אַ גאַנץ ערלעכן פאַנאַטישן געוויסן. מענטשן האַלטן זיך אָפט אָן אין אַ פּאַקטיש שוין לאַנג אויסגערונענעם אידעאַל, ווי אין אַן אייגן שטיק לעבן, וואָס מען איז נישט גרייט אַזוי לייכט אויפצוגעבן.

מען האָט נאָך צום סוף פון לעצטן יאָרהונדערט געקאָנט געפינען שבתי־צביניקעס, וואָס האָבן זיך געקלאַמערט צו אַ שוין זייער לאַנג אויסגערונע־נעם גלויבן. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, צוליב דער טיפער פאַראייגנטקייט פון די לכתחילהדיקע אידעאַלע צילן, וואָס האָבן זיך האַרמאָניזירט מיט די אויפריכטיקסטע האָפענונגען און שטרעבונגען אזוי שטארק, אז זיי האָבן זיך געקאָנט רעוועלירן פאר דורות. די נאָכפאָלגער באשיצן זיך נאָך אלץ פון דער אַנטקעגנקומענדיקער פרעמדער רעאליטעט, אין דעם שאָטן פון דער פארשווונדנקייט, אינעם שאָטן פון אַ גְעוועזענער אידעע, אַרויסגע־וואקסענע פון א שוין לאנג פאַרשווונדענעם באָדן. דאָס איבערבלייבעכץ פון אזא אידעע באַשטייט פון א דאָגמאַטישן קולט, באפוצט מיט א שטארק פאַראייגנטער סימבאָליק, צו וועמען דער מענטש דינט נאָך מיט האַרץ און נשמה.

אויב מענטשן קאָנען נישט דינען דירעקט צום אידעאלן גאָט — צום ציל, וואָס איז דערווייל אַ נאָך נישט דערגרייכטער, דינט מען דער־ווייל צו די מיטלען, צו די אָפּגעטער. דער טפל הייבט אָן באַטראַכט צו ווערן פאַרן עיקר און דער עיקר ווערט אָפּגעשטופּט צו אַ צווייט־ראַנגי־קייט. ווען די מיטלען, די דרכים צום ציל זענען נישט קיין מאָראַלישע, מוזן זיי דעגענערירן דעם אידעאַלסטן ציל. זיי טראָגן מיט זיך אַריבער די קראַנקע באַצילן צו דעם שיינעם פּאָטענציעלן מאָרגן. דאָס וואָס עס באַדאַרף זיין, קאָן זיך בלויז אַנטוויקלען פון דעם וואָס עס איז.

אנטי־סאָציאַליסטישע און אַנטי־מאָראַלישע מעשים אין קאמף פאַר סאָציאַליזם מוזן געבוירן אַ צעקריפּלטן, מיט קראַנקהייט אָנגעשטעקטן סאָציאַליזם. אַ סאָציאַליזם אָן אַ סאָציאַליסטישער מאָראַל. יעדנפאלס, נישט אזא סאָציאַליזם, פון וועלכן דורות קעמפער האָבן געשעפּט זייערע אינספּיראַציעס און געגערט אין זיך אַזוי פיל קרבנות־גרייטקייט אין קאמף פאר דער פּאָטענציעלער אידעאלער וועלט. אַ פאָרמעלע דעפיניציע, ווי א „געזעלשאפט, וועמענס מיטלען פון פּראָדוקציע ווערן פאַרגעזעלשאַפט־לעכט, מיינט סאָציאַליזם" — איז בלויז אַ האַלבער און פאָרמעלער אמת. אויך דאָ ווערט דער פארלאנג, דער אידעאל, פארביטן אויף דער פאַרא־נענער רעאליטעט[21]. די פארגעזעלשאפטלעכונג פון די פּראָדוציר־מיטלען זענען אויך נישט מער ווי אַ מיטל פאַר א פיל העכערן מאָראַליש־עטישערן

[21] זע קאַפּיטל „וויסן און גלויבן", זייט 64.

ציל. אידעאָלאָגיעס, וואָס שטעלן זיך אַ צוקונפט־ציל און די שטרעבונג צום ציל, רייסט זיי אַוועק, סיי פון די באַדינגונגען, וואָס האָבן אויסגעפאָרמירט דעם ציל און סיי פון דעם ציל גופא, דורך ווערן פאַרשלעפּט דורך די מיטלען אויף אומוועגן, דעמאָלט געפינען זיך די טרעגער פון דער אידעאָ־לאָגיע אין אַ „לימבא", צווישן אַ נאָך נישט דערגרייכטן גן־עדן און ביי די ברעגן פון גיהנום.

דער מאַרקסיזם האָט זיך פון איין זייט אַנטוויקלט אין אַ פאַרענ־דיקטער אמונה, אין אַ דאָגמאַטישן פאַרסטאַטישטן גלויבן און פון דער צווייטער זייט, איז די מאַרקסיסטישע דיאַלעקטיק געוואָרן פאַרוואַנדלט, אין מויל פון מאַרקסיסטישע מפרשים, אין א שטריק פאר קונצנמאַכער, אין וואָרט־קונצן אויף צו באַרעכטיקן די אייגענע מעשים, וואָס נעגירן די הויכע אידעאַלן. פונעם מאַרקסיזם איז געוואָרן דאָס, וואָס עס ווערט פון יעדן סאָציאַלן „איזם" ווען ער דערגרייכט דעם צושטאַנד פון אייגענעם היפוך.

"Cassius; Men may construe things after their fashion,
Clear from the purpose of the things themselves."

W. SHAKESPEARE
Julius Caesar. Act 1.

## 9

אויבנאויפיק קלינגט דער אויסדרוק „פאַרסטאַטישטע דיאַלעקטיק״ שטאַרק פּאַראַדאָקסאַל. „דיאַלעקטיק״ און „סטאַטיק״ ווערן פאַרשטאַנען ווי די אויסדרוקן פון באַוועגונג און רו. אויך ווען מיר ווענדן אָן די זעלבע מאָסן צו סאָציאַלע טעאָריעס, ליגן די צוויי באַגריפן אויף קעגנזעצלעכע פּאָלוסן. איינס שליסט דוכט זיך אויס דאָס צווייטע. אין סאָציאַלע טעאָריעס און אין אידעאָלאָגישע וועלט־באַנעמונגען קומען פאָר גענדאַנקלעך ענלעכע פּראָצעסן. מען קאָן טיילמאָל אָנווענדן די זעלבע פּרינציפּן צו דער געדאַנקען־וועלט, ווי פון דער אָרגאַנישער און נישט־אָרגאַנישער נאַטור. וואָס פאַראַ ווידערשפּרוכן עס זאָלן נאָר נישט ליגן צווישן לעבן און טויט, דאָך זענען זיי צווישן זיך ענג פאַרבונדן. טויט ליגט שוין באַהאַלטן אין די פאַלדן פון געבורט. די זעלבע באַציונגען צווישן רו און באַוועגונג קאָן מען אויך זען אין דער נישט־אָרגאַנישער וועלט[22].

---

(22) "From the dialectical standpoint, the possibility of expressing motion in its opposite, in rest, presents absolutely no difficulty. To dialectical philosophy the whole contradiction, as we have seen, is only relative."

"Each separate movement strives towards equilibrium, and the motion as a whole puts an end to the equilibrium. When therefore rest and equilibrium occur they are the results of arrested motion."

FRIEDRICH ENGELS. ANTI-DUHRING (part 1)

דער שטיין, וואָס ליגט אויף דער ערד, געפינט זיך אין אַן אומבאַ־וועגלעכן, אין א סטאַטישן צושטאַנד. זיין סטאַטישקייט ווערט אָבער באַ־ווירקט דורך דינאמישע כוחות. דער הויפּט־פּרינציפּ פון סטאטיק באַ־שטייט אין דער סומע פון אַלע דינאַמישע כוחות, וואָס שאַפן דעם סטאַטישן עקוויליבריום, וואָס איז גלייך צו זעראָ. דער דינאַמישער כוח פון גראַווי־טעט ווירקט אויפן שטיין, אַז ער זאָל זיך אראָפּדריקן אין דער גלייכער ליניע צום צענטער פון ערד־קיילעך. די ערד שטופּט צוריק דעם אָביעקט פון איר צענטער, מיט דעם עקזאַקט פּינקטלעך קעגנזעצלעכן כוח. דער אָביעקט געפינט זיך אין א סטאטישן צושטאנד, אין אבסאָלוטער רו, פאַר־אורזאַכט דורך דער ווירקונג פון די קעגנזעצלעכע דינאַמישע כוחות, וואָס שאַפן דעם עקוויליבריום. ערשט דעמאָלט, ווען דער גלייכגעוויכט ווערט צעשטערט דורך אַ דריטן כוח, הערט דער אָביעקט אויף צו זיין אין א סטאַטישן צושטאַנד, אין א צושטאנד פון אבסאָלוטער רו.

אויך אין דער אַנטוויקלונג פון יעדער מענטשלעכער געמיינשאַפט, פונקט ווי אין אַנטוויקלונגען פון אידעישע וועלט־באַנעמונגען, קאָן מען באמערקן די זעלבע באציונגען צווישן רו און באוועגונג. אויך דאָ קאָן מען ביז געוויסע גראַדן אָנווענדן די זעלבע פּרינציפּן, וואָס עס הערשן אין דער גאנצער נאטור. יעדער אנטי־קאָנפאָרמישער אויסדרוק, אין מחשבה אָדער מעשה, איז דינאַמיש און ווערט ערשט פאַרסטאַטישט, אָדער דורך זיין פארלירן פולשטענדיק דעם קאמף קעגן דעם סאָציאל־אקצעפּטירטן, דאָס הייסט, ווען דער דריטער כוח איז נישט שטאַרק גענוג אויף צו צע־שטערן דעם סאָציאַלן עקוויליבריום, אָדער ווען די רעוואָלוציאָנערע אַנטי־קאָנפאָרמישע אידעען זיגן און זיי ווערן אָנגענומען אלס לעבנס־קוק און קומען צום אויסדרוק אין א נייעם לעבנס־סדר. עס ווערט איינגעשטעלט אַ נייער קאָנפאָרמיזם און עס ווערט געשאַפן אַ נייער עקוויליבריום צווישן די דינאַמישע סאָציאַלע כוחות.

ווי שוין אַזוי פיל מאָל דערמאָנט, איז אפילו אין די סאַמע רעוואָ־לוציאָנערסטע געזעלשאַפטלעכע אידעען־איינשטעלונגען, אפילו אין די וואָס טרעטן לכתחילה אַרויס קעגן אַלע פון פריער אָנגענומענע געטער, ליגן שוין אין זייער געבורט פאַרוויקלט קערנדלעך פון פּאָטענציעל סטאַ־טישן. ביידע, די רו און די באַוועגונג, וואקסן ארויס פון זעלבן שורש. די דינאַמיק פון אַ געזעלשאַפטלעכן „איזם" געפינט זיך אין אַ שטענדיקן אָפּקילונגס־פּראָצעס, אין כסדרדיקער פאַרסטאַטישט־ווערנדיקייט. דאָס ווערט פאַראורזאכט פון א גאנצע ריי פאקטאָרן. אָבער הויפּטזעכלעך דער־

פון, וואָס די רעאַליטעט באַוועגט זיך פיל שנעלער, ווי די אידעען, וואָס וואקסן ארויס פון דער זעלבער רעאַליטעט. סאָציאַל־אידעישע איינשטע־לונגען, אַזוי שנעל ווי זיי פאָרמירן זיך אויס אין א פארענדיקטער אלץ־ארומנעמענדיקייט און ווערן פאַראייגנט, באַשטענדיקן זיי זיך אין פאַר־סטאטישטע אבסטראקציעס. דער סאָציאָלאָג־טעאָרעטיקער, מיט זיין שטרענגסטער לאָגיק און שטאַרקסטן פאַרזוך פון אָביעקטיוויקייט, קאָן נישט זיין פולשטענדיק דערפאָלגרייך פאנאנדערצוטיילן צווישן די אידעען פון קאָנסערוואַטיוון נעכטן און די אידעען, וואָס וואַקסן אַרויס פון די אַנטקעגנ־קומענדיקע רעאַליטעטן. מען קאָן אין סאָציאַלע „וויסנשאַפטן" נישט אָפּ־טיילן אין שאַרפע גרענעץ־ליניעס דאָס פאַרפיקסירטע דענקען פון דער מאָבילער רעאַליטעט, פונקט ווי מען קאָן נישט אָפּטיילן דאָס ליכט פון אייגענעם שאָטן, וואָס עס וואַרפט פון זיך. דאָס דינאַמישע געבוירט אַ סטאַטישקייט, פונקט ווי דאָס לעבן געבוירט דעם טויט. ביידע זענען אָט־ריבוטן פון איין און דער זעלבער דערשיינונג. צוויי זייטן פון דער זעלבער מטבע. איינס גיסט זיך אַריין אין צווייטן און פאַראורזאכט קעגנזייטיקע עפעקטן. דאָס קאָנסערוואַטיווע איז אַ לייבלעך קינד פונעם רעוואָלוציאָנערן. עס איז דעריבער שווער צו דעפינירן אין שאַרפע גרענעץ־ליניעס די צוויי היפוכדיקע באַגריפן. עס זענען אפילו פאראן ראַדיקאַל־קאָנסערוואטיווע פארטייען.

אפילו די רעוואָלוציאָנערסטע, און אין פלוג גענומען די סאַמע אומדאָגמאַטישסטע לערע, דער מאַרקסיזם, האָט זיך אויך, אין לויף פון צייט און אין דער פּראקטישער אָנווענדונג צום רעאַלן לעבן און אין דער גאנצער אינטערפרעטאַציע, פאַרוואַנדלט אין זיין אייגענעם היפוך. דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם, די פילאָזאָפישע באַזע פונעם מארקסיזם, איז געבויט אויף דער הנחה פון כסדרדיקע ענדערונגען, וואָס וואַקסן אַרויס פון די אינערלעכע ווידערשפּרוכן אין דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג. דער מאַרקסיזם גייט אַרויס פון דער דיאלעקטישער הנחה, אַז די געזעלשאַפט־לעכע אנטוויקלונג מאכט דורך כסדרדיקע סינטעזעס פון אָנוואקסנדיקע פארשפּיצטע ווידערשפּרוכן. דאָס איז אורשפּרינגלעך אַ ריין דינאַמישע לעבנס־פילאָזאָפיע, וואָס באטראכט אלע סאָציאַלע דערשיינונגען אינעם ליכט פון דער אייגענער און אַרומיקער זיך ווידערשפּרעכנדיקער אַנט־וויקלונג. אויך די דאָזיקע ריין דינאַמישע וועלט־אַנשויונג איז אין איר אנטוויקלונג און אָנווענדונג געוואָרן פאַרדאָגמאַטיזירט און פאַרשטייפט.

דער באַזיס פון דער מאַרקסיסטישער דיאַלעקטיק שפּאַרט זיך אָן

אין דער העגעליאנער פילאָזאָפיע, וואָס דערקלערט, אַז די אנטוויקלונג ווערט געשטויסן דורך אומאויפהערלעכע אינערלעכע ווידערשפּרוכן. די העגעליאַנער לאָגיק איז אין תוך דורכאויס דינאמיש. די מאַרקסיסטישע אויפלאגע פון דער העגעליאַנישער דיאַלעקטיק האָט פאַרבונדן די דיאַלעקטיק מיטן מאַטעריאליזם און באטראכט שוין העגעלן ווי א דאָגמאטיקער. ווייל אזוי שנעל ווי מיר שליסן אָפּ אַ פילאָזאָפיע אין א פארענדיקטן און אַלץ־אַרומנעמענדיקן סיסטעם, ווערט זי פאַרסטאַטישט און דערגייט ביי אירע פארטיידיקער און אפּאָלאָגעטיקער צו דעם צושטאנד פון דאָגמע. ווען פרידריך ענגעלס האָט געגעבן אַן אָפּשאַצונג פון דעם אויסגאַנג פון דער קלאַסישער דייטשישער פילאָזאָפיע, האָט ער שוין באַטראכט די העגעליאַנישע פילאָזאָפיע אלס א פארסטאטישטע דאָגמע[23]. דערביי פאַרגעסט ענגעלס, אַז אויך די מאַרקסיסטישע דיאַלעקטיק, וואָס שטיצט זיך אויף העגעלן, איז אין פּראָצעס פון אויספאָרמירן זיך אַלס אַ פאַרענדיקטע וועלט־אָנשויונג געוואָרן פונקט אַזוי פאַרסטאטישט און פאַרדאָגמאַטיזירט. סטאַטישקייט ליגט אין תוך פון יעדער פאַרענדיקטקייט, פון יעדער פאַראייגנטער אָפּגעשלאָסענער וועלט־אָנשויונג. ווייטער פון אונדזער אייגענעם סוף־פּונקט באַוועגט זיך נישט אונדזער געדאנק.

אין קעגנזאַץ צום אוטאָפּישן סאָציאַליזם האָט דער מארקסיזם לכתחילה אַריינגעבראכט אַ געוויסע מאָס רעאליזם אין דעם סאָציאליסטישן געדאַנק פון לעצטן יאָרהונדערט און אין די סאָציאַליסטישע וויזיעס פון די פריערדיקע דורות. אָנשטאָט דעם וייטן חלום פון והיה באחרית הימים, אָנשטאָט דעם חלום פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס קאָן קומען דורך אָפּזונדערן זיך פון דער זינדיקער וועלט און דורך דער שאַפונג פון סאָציאַליסטישע אינדזעלעך, אָנשטאָט דער אידעע, אז דער מענטש דאַרף זיך פריער באַפרייען דורך באַוואָפּענען זיך מיט אַ סאָציאליסטישער מאָראל, איידער ער גייט באפרייען די מענטשהייט, האָט דער מארקסיזם געגעבן אַ פּאָליטיש פּראָגראם פון אקציע. ער האָט פאַרבונדן דעם קאמף פאר סאָציאליזם מיט דער גאַנצער סאָציאל־היסטאָרישער אנט־

(23) "Die Wahrheit, die ist in der Philosophie zu erkennen gabt, war bei Hegel nicht mehr eine Sammlung fertiger dogmatischer Satze die einmal gefunden, nur auswendig gelernt sein wollen."

FRIEDRICH ENGELS: LUDWIG FEUERBACH und der Ausgang der klassischen Deutschen Philosophie.

וויקלונג און מיטן באַלדיקן פּראַקטישן קלאַסן־קאַמף. סאָציאַליזם, האָט לויטן מאַרקסיזם אויפגעהערט צו זיין בלויז אָפּהענגיק פון דעם גוטן ווילן פון זיינע אידעאַליסטישע אָנהענגער, נאָר געוואָרן פאַרבונדן מיט דער היס־טאָריש־עקאָנאָמישער נויטווענדיקייט אין דער אַנטוויקלונג פון דער גע־זעלשאַפט.

מיט דער קאָנאָניזירונג פון מאַרקסיזם אין אַ פאַרענדיקטער און אַלץ־אַרומנעמענדיקער וועלט־אַנשויונג און מיטן פאַרוואַנדלען זיך אין אַן אומאָפּפרעגנדיקע אַקסיאָמע, האָט זיך דער מארקסיזם רעדוצירט צו אַ נייעם אוטאָפּיזם, אין אַ נייער אמונה, וואָס זוכט צוצודעקן אַלע סאָציאַלע דערשיינונגען מיטן ליכט פון אייגענעם גלויבן. דער מארקסיזם אין דער פּראַקטישער אָנווענדונג האָט אָנגעהויבן צו איגנאָרירן נייע זיך אַנטוויק־לענדיקע רעאַליטעטן און צוזאַמען דערמיט די אייגענע מאָראַליש־עטישע צילן. פון איין זייט, איז דער מאַרקסיזם אין דער פּראַקטיק פון „היינט" צוגעבונדן צו א פאַראייגנטער אידעאָלאָגיע, אַן ארויסגעוואַקסענע פון א „נעכטן". דאָס לייגט אַ חותם אויף די איצטיקע מעשים. פון דער צווייטער זייט, זענען די פּראַקטישע מעשים, וואָס זוכן זיך צוצופּאַסן צו די נייע רעאַליטעטן, אַזעלכע, וואָס לויפן להיפוך צו די הויכע אידעאַליזירטע סאָ־ציאַליסטישע צילן.

ווי „פאַרוויסנשאַפטלעכט" סאָציאַל־אידעישע צילן זאָלן נאָר נישט זיין, ווערן זיי סובאָרדינירט צו די פּראַקטישע מיטלען, וואָס דאַרפן דער־פירן צו די צילן. דער אויסוואַל פון די מיטלען זענען שוין אָפּהענגיק סיי פון די אָביעקטיווע פאַקטאָרן, דאָס הייסט, פון די סאָציאַל־היסטאָרישע באַ־דינגונגען. אָבער נאָך מער פון די סוביעקטיווע פאקטאָרן, פון דער היסטאָ־רישער פערזענלעכקייט אָדער מאַכטהאָבער, וואָס דירעקטירט דעם אויס־וואַל פון די מיטלען. אויך דער מאַרקסיזם, וואָס דאַרף דערפירן צו די זיך געשטעלטע אידעאַליזירטע צילן, איז אָפּהענגיק פון דער סוביעקטיווער פּראַקטישקייט, וואָס שטעקט אין דער אייגענער פאַרגאַנגענהייט. די מעשים זענען אָפּהענגיק פון דער איינזעעניש פון דעם פירער, וואָס האָט די מאַכט אָדער איינפלוס זיי צו באַשטימען. דאָ קומט זיך די מאַרקסיסטישע טאַק־טיק אָדער פּראַקטישקייט שטאַרק צונויף מיט די טעאָריעס פון די פּראַג־מאַטיקער.

מאַרקסיסטישע מפרשים רייסן שטאַרק אַראָפּ די טעאָריעס פון וויליאַם דזשיימס און פון די אַנדערע פּראַגמאַטיקער, אלס די טעאָריעס

פון בורזשואזער אייגננוציקייט, אלס „קליינבירגערלעכע אַמעריקאַנער פּראַקטישקייט". זיי האָבן אָנגענומען די פּאַרוולגאַריזירטע אויסטייטשונג פון פּראַגמאַטיזם, בלויז אפשר דערפאַר, וואָס דאָס וואָרט פּראַגמאַטיזם מיינט אויך פּראַקטישקייט. דער אונטערשיד צווישן די טעאָריעס פון די פּראַגמאַטיקער און ענגהאַרציקער פּראַקטישקייט איז זייער גרויס. פּראַג־מאַטיזם אַלס אַ פילאָזאָפיע איז פּונקט ווי דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַ־ליזם א פאָרשונג און טייטש־מעטאָד אין גייסטיקן לעבן. עס איז אַן עקס־פּערימענטאַלער מעטאָד, וועמענס לאָגיק דאַרף ערשט אויסגעפאָרמירט און באַשטעטיקט ווערן אין דער לאַבאָראַטאָרישער אָנווענדעוודיקייט. פּראַגמאַטיזם מאַכט אַ פאַרזוך צו פאַרבינדן די וויסנשאַפט מיט דער פילאָזאָפיע, וועמען די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג האָט פּאַנאַנדערגע־טיילט.

עס ווערט פאָרגעוואָרפן די פּראַגמאַטיקער, אז זיי רעדוצירן דעם אמת צו נוצלעכקייט. דאָ ליגט אַ געוויסע מאָס אמת. אָבער אויך די צילן פון מארקסיסטישן סאָציאַליזם זענען נישט מער ווי א פאר׳סך־הכלונג פון די מיטלען. זיי, די פּראַגמאַטיקער, שטעלן אַרויס דאָס נוצלעכע אויפן אָרט פון דעם רעאַלן אמת, וואָס געפינט זיך אין דער אינערלעכער נאַטור פון אַ דערשיינונג. דער אבסטראַקטער אמת האָט אָבער נישט אַלעמאָל קיין שייכות מיט דער נוצלעכקייט. די טענות ווערן אַרויסגעבראַכט, גלייך ווי אין דער נאַטור פון נוצלעכן וואָלט אומפאַרמיידלעך געלעגן דער היפוך פון אמת. דער פּראַגמאַטיקער באַטראַכט לאָגיק בלויז אלס א פאָרשונגס־מעטאָד, אין וועלכן דער אמת קאָן זיך בלויז באַשטעטיקן אין זיין אָנווענ־דעוודיקייט. אויך דער מארקסיזם באַטראַכט דעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַ־ליזם ווי א פאָרשונגס־מעטאָד. דער אונטערשיד ליגט נאָר אין דעם, וואָס די פּראַגמאַטיקער באַטראַכטן נישט דעם פּראַגמאַטיזם ווי אַ געשלאָסענעם אידעאָלאָגישן סיסטעם. דאָס איז נישט קיין אַבסאָלוט זיכער פאָרויסבאַ־שטימטער מאָסמיטל, נאָר איז בלויז אַן אַרבעטנדיקע השערה, וואָס זוכט די פּראַגמאַטיקער באַטראַכטן נישט דעם פּראַגמאַטיזם ווי אַ געשלאָסענעם פון געשלאָסענע אידעאָלאָגיעס. די רעזולטאַטן מוזן זיך דווקא נישט אריינ־פּאַסן אין אַ פאָרויסבאַשטימטער ראַם. פּראָפעסאָר דזשאָן דיואי זאָגט וועגן פּראַגמאַטיזם, אז „אבסטראַקטע קאָנצעפּציעס זענען נישט מער ווי אַ נוצלעך געצייג, כדי צו אָרגאַניזירן די קאָנקרעטע פאַקטן".

די טעאָריעס פון די פּראַגמאַטיקער, כאָטש זיי ווערן אַזוי שטאַרק באַקעמפט דורכן מאַרקסיזם, איז דאַכט זיך מיר, אין דעם פּרט פון פאַר־

בינדן מחשבה מיט מעשה האָט דער פּראגמאטיזם געוויסע באַריר־פּונקטן מיטן מאַרקסיזם. אויך דער מאַרקסיזם זוכט טעאָרעטיש צו פאַרבינדן די „רעוואָלוציאָנערע טעאָריע" מיטן פּראַקטישן קאַמף. און דאָרט אפילו ווו אַזאַ פאַרבינדונג לאָזט זיך נישט מאַכן, ווערט אָנגעווענדט דאָס אויסטייטשן און אַריינטייטשן פון דער מאַרקסיסטישער דיאַלעקטיק. די גאַנצע פאַרסאַפיזיצירטע דיאלעקטיק איז איין גרויסער פאַרזוך צו פאַרקניפּן אַבסטראַקטע טעאָריע מיט דער פּראַקטיק פון טאָג־טעגלעכן קלאַסן־קאַמף. די דיאַלעקטיק איז פאַרן מאַרקסיזם אַ באַקוועמלעכקייט־מעטאָד אויף צו קאָנען צופּאַסן נישט די מיטלען צו די צילן, נאָר צופּאַסן די ווייטגייענדיקסטע אידעאַלן צו די איצטיקע מעשים. אַלץ וואָס עס לוינט זיך באַר פאַר די טייטשער קאָן ווערן אַריינגעטייטשט מיט דער הילף פון דער מאַרקסיסטישער דיאַלעקטיק. לויטן מאַרקסיזם איז די אַבסטראַקטע טעאָריע בלויז נוצלעך, אויף וויפל זי קאָן דינען די פּראַקטישקייט פון קלאַסן־קאַמף. ווי עס זעט דעריבער אויס, זענען פאַראַן נאָענטע באַריר־פּונקטן צווישן די טעאָריעס פון די פּראַגמאַטיקער און די טעאָריעס פון מאַרקסיזם.

מארקס דערקלערט, אז „מיט דער הילף פון אַבסטראַקציע פאַרוואַנדלען מיר יעדע זאַך אין אַ לאָגישער קאַטעגאָריע"[24]. דאָס איז אָבער בלויז אַ האַלבער אמת. ווייל דאָס זעלבע איז אויך ריכטיק, ווען מען דרייט דעם געדאַנק איבער קאַפּויער; ווען מיר דערפירן די לאָגיק אין סאָציאַלע וויסנשאַפטן — אפילו ווען מיר גייען אַרויס פון די סאַמע רעאַלסטע הנחות — צו זייערע אייגענע לאָגישע שלוסן, צום אייגענעם פאַרענדיקטן סוף־פּונקט, דעמאָלט דערגרייכן מיר דעם היפּוך; אַ פאַרגליווערטע אַבסטראַקציע.

קיין שום אידעישער וועלט־באַנעם, פּונקט ווי קיין באַזונדערע דערשיינונג, וואָס האָט בייגעטראָגן צו דער אידעישער אויספאָרמירונג, קאָן אַנדערש נישט באַטראַכט און אויסגעטייטשט ווערן, איידער מיר פאַרפירן זי נישט. די דערשיינונג, פּונקט ווי דער גאַנצער סאָציאַל־אידעישער סיסטעם, מוז פאַרפיקסירט ווערן אין זיין פּלאַץ, מוז אַרויסגעריסן ווערן פון דער אַלגעמיינער סכעמע פון דער אַנטוויקלונג. מיר מוזן פאַרפירן אַ סיטואַציע, כדי זי זאָל קאָנען פאַר אונדז דינען אלס ראַם פאַר דער אינטערפּרעטאַציע. ווען מיר פאַרפירן אַ סיטואַציע, כדי זי צו קאָנען

[24] קאַרל מאַרקס: די אָרעמקייט פון דער פילאָזאָפיע.

באַטראַכטן, ווייזט זיך אונדז אויס, אַז בלויז אין שטייענדיקן צושטאַנד קאָנען מיר קריגן אַ רעאַליסטישע קאָנצעפּציע. כדי צו דערגרייכן אַזאַ צושטאַנד, מוז דאָס באַטראַכטע אַרויסגעריסן ווערן פון דער באַוועגלעכער רעאַליטעט. די אינטערפּרעטאַציע פון דער רעאַליטעט ווערט דעמאָלט פאַרוואַנדלט אין דעם אייגענעם היפוך. אויך דער מארקסיזם האָט זיך פארוואנדלט אין א פארשטייפטער אמונה. אין דער זעלבער צייט איז דער מארקסיסטישער טייטש־מעטאָד אויך געוואָרן פאַרוואנדלט אין א מין מאָ־דערנעם סכאָלאַסטיציזם. ווי גרויס עס זאָלן אָבער נישט זיין די דיאַלעק־טישע זיגזאַגן פון די מעשים, זענען זיי אָבער אַלץ פארבונדן מיט אַ פאַר־שטייפטן גלויבן, וועמענס הנחות זענען אָנגעשפּאַרט אין פריערדיקע רעאַליטעטן.

דער מאַרקסיזם, פּונקט ווי יעדע אַנדערע פירנדיקע אידעאָלאָגיע, האָט זיך אָנגעהויבן באַטראַכטן פאַרן אייביקן אומפאַרענדערלעכן אַבסאָ־לוטן אמת. דאָס איז נישט געקוקט דערויף, וואָס דער אידעישער אינהאלט פונעם מארקסיזם נעגירט אבסאָלוטע אמתן. אידעאָלאָגיעס וואקסן ארויס פון מאָבילן לעבן, אָבער ווען זיי דערגרייכן דעם צושטאנד פון טאָטאַלער אַבסאָלוטקייט, ווערן זיי פארוואַנדלט אין דאָגמאַטישע איינשטעלונגען. דער טרעגער פון דער אידעע זוכט שוין מער נישט דעם אָביעקטיוון אמת, די דערהויבנקייט, פון וועלכע די פריערדיקע פאַראייגנטע אידעען האָבן אינספּירירט און באַגייסטערט, נאָר זוכט בלויז אַן אַלץ מער אויסגעברייי־טערטע סאָציאַלע הסכמה אויף צו באַרעכטיקן זיינע פון פריער אידעישע איינשטעלונגען. אויך צום מאַרקסיזם דאַרף אָנגעווענדעט ווערן זיין אייגענער העגעליאַניש־מאַרקסיסטישער געדאַנק: יעדע דערשיינונג און יעדע געזעלשאַפטלעכע אידעע פאַרניכטעט זיך אַליין און דערגרייכט דעם צושטאַנד פון איר אייגענעם ווידערשפּרוך.

גערעכט איז פלעכאַנאָוו, ווען ער זאָגט: „די מעטאַפיזיקער פון אַלע צייטן, פון אַלע פעלקער און פון אַלע ריכטונגען, אויב זיי האָבן זיך איינ־געשאַפן וועלכן עס איז פילאָזאָפישן סיסטעם, האָבן זיי אים געהאַלטן פאַר דעם אמת אַליין און אַלע אנדערע סיטעמען פאַר אומבאדינגט פאלשע. זיי האָבן נאָר געוווסט פון אַבסטראקטן קעגנזאץ צווישן די אבסטראַקטע פאַרשטעלונגען; אמת און שקר״. מען דאַרף דאָ אָבער צוגעבן: דאָס קומט פאָר נישט בלויז ביי „מעטאַפיזיקער פון אַלע צייטן״, נאָר ביי אַלע גע־זעלשאַפטלעכע „איזמען״, אפילו ביי די, וואָס נעגירן אייביקע און אבסאָ־לוטע אמתן. אויך דער מארקסיזם האָט זיך פארוואנדלט פון „וויסנשאַפט״

אין פשוטן גלויבן. ער באַטראַכט די אייגענע פּערספּעקטיוו ווי דעם אומ־אָפּפרעגנדיקן אבסאָלוטן אמת.

די רעאַל־היסטאָרישע סיבות, וואָס רופן אַרויס אַ סאָציאַלע אידעע צום לעבן, די באַדינגונגען, וואָס פאָרמירן אַ געוויסן אידעען־איינשטעל, ביי אַ גרופּע, קלאַס אָדער פאָלק, זענען נישט אַלעמאָל אידענטיש מיט דער אויסגעהאַלטנקייט פון איר אמת אין איר אָנווענדונג. דאָס ערשטע דאַרף קלאַסיפיצירט ווערן אין דער קאַטעגאָריע פון קולטור־געשיכטע. דאָס צווייטע, דער פאַרזוך צו רעאַליזירן דעם אידעען־איינשטעל אין פּראַקטישן לעבן, פאָדערט שוין אַ לאָבאָראַטאָרישע אויסגעפּרובירטקייט. נאָכצוקאָנטראָלירן, אויף וויפל און ווי ווייט דער אידעאַל האָט זיך רעאַליזירט. די אויסגעהאַלטנקייט, נוצלעכקייט און אמתדיקייט פון דער אידעע דאַרף זיך באַשטעטיקן אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. די רעאַליזירונג פון געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן, אויף וויפל און אויף ווי ווייט זיי זענען נאָר רעאַליזירבאר, קומען שוין פאָר נישט אונטער די באַדינגונגען ווען די אידעאַלן האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצוקריסטאַליזירן, נאָר אונטער באַדינגונגען פון אַ געענדערטער רעאַליטעט, אונטער אַנדערע צייט־באַדינגונגען. אינעם פאַל פון די טעאָריעס פון מאַרקסיזם, — אויך אונטער אַנדערע אָרט־באַדינגונגען. אַ ריכטיק רעאַל־דערזעענע סיבה, און אפילו אַ געדעכטער ציל, שאַפט נאָך נישט אַלעמאָל קיין גערעכטע רעזולטאַטן. ספּעציעל איז דאָס אמת, ווען די מיטלען האַרמאָניזירן נישט מיט די אידעאַלע צילן.

דער מאַרקסיזם האָט זיך ביי זיינע נאָכפאָלגער, דורכפירער און אָנפירער פאַרוואַנדלט אין אַ קאַטעכיזם. די לערע, וואָס לייקנט אָפּ אַבסאָלוטע געשלאָסענע אמתן, איז געוואָרן אַן איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרשריבענער מורה־דרך, און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ סוביעקטיוו־געשלאָסענעם „אמת״. ער איז געוואָרן שטאַרק ענלעך צו דער מיטלאַלטערלעכער קאַטוילישער קירכע. דער מאַרקסיזם, וואָס האָט לכתחילה דערהויבן און אינספּירירט מיליאָנען מענטשן אין קאַמף פאַר אַ העכערער מאָראַלישקייט, איז אין זיין פאַרסטאַטישט־ווערנדיקייט געוואָרן אַמאָראַליש. די קאַנאָניזירטע ספרים פון די מאַרקסיסטישע קלאַסיקער זענען געוואָרן דער איינציקער אויטאָריטאַטיווער מורה־דרך. די אידעישע און פּאָליטישע פירער שטייען ווי יענע אומדערפאַרענע קעכין מיטן קאָך־בוך אין דער האַנט צו זען אויב זייערע מעשים קאָנען באַרעכטיקט ווערן מיטן אינהאַלט פון די קאַנאָניזירטע ספרים פון מארקס און לענין זיין אויסטייטשער. פון גאָט און זיין

נביא. און דאָ ווו עס שטימט נישט, קאָן מען מיט דער הילף פון דער דיאַ־לעקטיק צופּאַסן, אַז עס זאָל שטימען.

דער מאַרקסיזם באַזיצט אַ טאָפּלטע קוואַליטעט: סיי פון אַ גע־שלאָסענעם אמת, פון א פאַרשריבענע, אייביק־גילטנדיקע פאָרמולע, אַן אייביק ריכטיקער מעטאָד, און סיי די קוואַליטעט פון קאָנען אַריינטייטשן און אַרויסטייטשן, לויטן סוביעקטיוון אינטערעסן־קוק פון די מפרשים. ספּעציעל איז דאָס ריכטיק, ווען די מפרשים רעדן מיט דעם אויטאָריטעט פון א פּאָליטישער מאַכט. ווען די מלוכה ווערט דער פאַרפיקסירער פון דעם „אמת״, וואָס די אידעאָלאָגיע טראָגט מיט זיך, דעמאָלט ווערן די נאָך לעבעדיקע אידעען פאַרוואַנדלט אין אַן אַבסאָלוט טויטן קולט. קולט קאָן מען שוין נישט אָפּפרעגן. דער קולט ווערט אַן אָפיציעלער און אַן אלגע־מיין־אַקצעפּטירטער, ער טראָגט מיט זיך די פּאָליטישע מאַכט־אויטאָרי־טעט פון דער מלוכה. די מלוכה־פירער זענען דאָך די איינציקע מפרשים פון דער אידעאָלאָגיע, וואָס דער שטאַט רעפּרעזענטירט. אפילו אָן וועלכן עס איז טעאָלאָגישן אונטערשלאַק, אָן אַן אָפיציעלער קירכע, האָט אזא מלוכה אַלע ענלעכקייטן צו א מיטלאלטערלעכער טעאָקראַטיע. אונטער אַנדערע אומשטענדן חזרט זיך איבער דאָס זעלבע ווי אין דער אמאָליקער פעאָדאלער טעאָקראַטיש־פּויפּסטלעכער מלוכה, די אויסטייטשער פון די קאַנאָניזירטע ספרים האָבן די מאכט פון „בעסער צו פאַרשטיין און וויסן״. דער אינהאַלט פון אזא אידעען־איינשטעל ווערט פאַררעליגיעזט, אפילו ווען זיינע פירער שטייען אין אָפענעם קאַמף קעגן דער טעאָלאָגיע בכלל. אין אונדזערע צייטן זענען די אידעען פון רעוואָלוציאָנערן מארקסיזם פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גאָטלאָזער רעליגיע, אין אַ טעאָקראַטיע, וואָס איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון די אַלטע גאָט־באַגריפן. ווען אַ ראַציאָנאַ־ליזירטער סאָציאַלער „איזם״ ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אַבסאָלוטן גלויבן, מוז ער אָננעמען די זעלבע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון וועלכן עס איז אַנדערן דאָגמאַטיש־רעליגיעזן וועלט־קוק[25].

(25) "Religion starts from the generalization of final truths first perceived as exemplified in particular instances. These truths are amplified into a coherent system and applied to the interpretation of life".

A. N. WHITEHEAD. Religion in the Making.

ווען מיר נעמען אלס ביישפּיל די אנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון די תלמודישע געזעצן, לכתחילה זענען זיי געווען אַן אויסדרוק פון א דינאַמישער צופּאַסנדיקייט צו געענדערטע צייט־ און אָרט־באַדינגונגען פון יידישן לעבן, דאָס אינטערפּרעטירן די געזעצן פון דער תורה און מישנה צו אַנדערע, צו גלותדיקע אומשטענדן אין יידישן לעבן. דאָס אַליין, אַן און פאַר זיך, איז נישט קיין רעליגיע. דאָס איז געווען הויפּטזעכלעך אַ מאָראַלישעטישער און רעכטלעכער וועגווייזער צו די געענדערטע לעבנס־באַדינגונגען פון יידישן וועלט־פאָלק. אַזוי שנעל אָבער, ווי מיט דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון אלגעמיינעם און יידישן לעבן זענען אַלע געזעצן פון תלמוד און זייערע אינטערפּרעטאַציעס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאַרגליווערטע אַבסאָלוטע אמתן, וואָס דאַרפן נאָכגעפאָלגט און אָפּגעהיט ווערן אונטער אַלע אומשטענדן, זיי טאָרן גאָר נישט אָפּגעפרעגט ווערן, — דעמאָלט האָט שוין דער תלמוד אָנגעהויבן צו טראָגן אַ געטלעך־רעליגיעזן אויטאָריטעט. דאָס אַמאָל פאַרשריבענע וואָרט איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע הייליקייט. די געזעצן מוזן, לויט דער מיינונג פון זייערע אָנהענגער, בלייבן אַ רעכטלעכער וועגווייזער ביזן סוף פון די טעג. אַזאַ פארשטיינערונג פון תלמוד האָט פארוואנדלט די וועלטלעכסטע געזעצן אין אַ טויטער רעליגיע. אַזוי שנעל ווי פאַרשריבענע געדאַנקען הערן זיך אויף צו סינטעטיזירן מיט די נייע ענדערונגען אין לעבן און עס ווערט פון זיי אַן „אַבסאָלוטער מוז" און די איינציקע באַרעכטיקונג ליגט אין דעם זאָג: „אַזוי שטייט געשריבן!" דעמאָלט ווערט דאָס פאַרוואַנדלט אין א רעליגיעז־דאָגמאַטישער הייליקייט, א פארגליווערטער נעכטן. דאָס איז די טויטע האַנט, וואָס דערלאָזט נישט צו דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג און באשווערט דעם היינט זיך אַרויסצודראַפּען פון נעכטן.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאר יעדן גלויבן קריגעריש צוריקצוּוואַרפן דאָס אַנדערש־דענקענדיקע און פאַר דעם פאַנאַטיש גלויביקן צו באַשטראָפן דעם נישט־גלויביקן. רעוואָלוציאָנערע מארקסיסטן, פונקט ווי מיטלאַלטערלעכע פאנאטישע טעאָלאָגן, זענען שטאַרק איינגעגלויבט, אז בלויז זיי אַליין זענען דאָס די אויסדערוויילטע, וועלכע האָבן אין זייער באַזיץ א פאראייניהייטלעכטן טאָטאַלן סיסטעם פון „אמת און וויסן", דעם איינציקן „וויסנשאַפטלעכן" מעטאָד ריכטיק צו אַנאַליזירן סאָציאַלע ענדערונגען און באַציונגען. יעדעס וויסן, וואָס ווערט נישט צוגעדעקט מיט דער מאַרקסיסטישער יאַרמולקע, איז נישט קיין אמתדיק וויסן. אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטן, פונקט ווי אָרטאָדאָקסאַלע טעאָלאָגן, זעען אין יעדן אופן פון

סקעפּטיציזם אַ קוואַל פון שלעכטס און הערעטישקייט. ספיקות איז דער גרעסטער שונא פון יעדער טאָטאַלער אידעאָלאָגיע.

דער מאַרקסיזם האָט זיין גלויבן אָנגעטאָן אַ „וויסנשאַפטלעך" העמדל. די מאַרקסיסטישע לערע רופט זיך טאַקע נישט אָן מיטן נאָמען „גלויבן", אָבער זיינע האַנדלונגען, פירונגען און פּראַקטיק זענען פאַר־וועבט געוואָרן מיט ריינעם גלויבן, פאַרשטאַרקט און געבונדן מיט אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקער דאָגמאַטישער איינשטעלונג. דער רעוואָלוציאָנערער מאַרקסיזם פירט מלחמה אין נאָמען פון אַ גלויבן און איז פולשטענדיק אָפּהענגיק פון דעם צוטרוי פון די נאָכפאָלגנדיקע גלויביקע.

די אַנטוויקלונג פון מאַרקסיזם אין אַן אָרטאָדאָקסאַלן גלויבן האָט אויך געבראַכט דערצו, אַז זיינע אָפּאָסטאָלן זאָלן איבערנעמען די פּראַק־טיק און די מעטאָדן פון דער טאָטאַלסטער רעליגיע, פון מיטלאַלטערלעכן קאַטאָליציזם. קאָפּירנדיק דעם קאַטאָליציזם אין באַשטראָפן הערעטיקער, פון חרם ביז די מאָדערנע אויטאָדאַפעס. זיי האָבן פּונקט ווי די סכאָלאַס־טיקער פאַראָבירט באַפעסטיקן דעם גלויבן מיט ריין־שכלדיקע הנחות, מיטן גלויבן אין דער אַבסאָלוטער וויסנשאַפטלעכקייט פון דער מאַרקסיסטיש־לעניניסטישער לערע. אין דער אָנווענדונג אין דער פּראַקטישער רעאַלי־טעט האָט דער מאַרקסיזם זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מאָדערנעם סכאָלאַסטי־ציזם, אין אַ דיאַלעקטישער ראַציאָנאַליזירונג פון אַ פאַרסטאַטישט־ווערנ־דיקן גלויבן, אין אַ באַנייטן טהאָמיזם [26].

אויך דער מאַרקסיזם פּראָבירט פאַרבינדן גלויבן מיט „וויסנשאַפט־לעכקייט" דורך כסדרדיקע ראַציאָנאַליזאַציעס און דערביי זיך אידעיש אָנשפּאַרן אויפן דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, וואָס נעגירט יעדן סאָרט פאַרסטאַטישטן גלויבן. אלס אַ מיטל פון זעלבסטבאַרעכטיקונג ווערט די לערע אין מויל פון אירע מפרשים פאַרוואַנדלט אין הוילן סאָפיזם, אין

[26] דער הייליקער טהאָמאַס אַקווינאַס האָט געלעבט אין דרייצנטן יאָרהונדערט. ער איז געווען דער אָנערקענטער פירער פון סכאָלאַסטיציזם. ער האָט געפּרוּווט צו פאַרבונדן דעם גלויבן אין דער געטלעכער אַנטפּלעקונג מיטן ריינעם שכל. ער האָט פאַרבונדן די אַריסטאָטלישע פילאָזאָפיע מיט די דאָגמעס פון דער קירכע. ער האָט געזוכט צו דערקלערן און באַרעכטיקן דעם טאָטאַלן גלויבן פון דער קאַטוילישער קיר־כע דורך ריין אינטעלעקט, עלער גימנאַסטיק. דער סכאָלאַסטיציזם האָט געשאַפן אַ מין גאָט־באַרעכטיקונג־טעאָריע.

האָר־שפּאַלטעריי. זי לייקנט טאַקע אָפּ אייגענע אמתן, אַחוץ דער אַבסאָלוט־קייט און אייביקייט פון אייגענעם „אמת", ווי פארשטאַנען פון די, וואָס האָבן די מאכט צו זיין די מפרשים. דעם ווידערשפּרוך צווישן דעם פאַר־סטאַטישטן גלויבן מיט דער סאָפיזיצירטער דיאַלעקטיק קאָנען אָבער קיין מאַרקסיסטן נישט פאַרענטפערן.

אין מיטלאַלטער האָט דאָס גאַנצע דענקען און אַלץ־שאַפנדיקע געמוזט דינען דעם אַקצעפּטירטן אידעאַל פון קאַטאָליציזם. דער שעפערי־שער גייסט אויף אַלע געביטן פון לעבן, צוזאַמען מיטן גאַנצן אָרגאַניזירטן סאָציאַלן לעבן, איז געווען אונטערגעוואָרפן דעם פאראיינהייטלעכטן און פאַראייגנטן אידעען־איינשטעל פון דער קירכע. דאָס גאַנצע לעבן איז קאָנטראָלירט און גערעכטפערטיקט געוואָרן דורך דער מאַכט פון דער אָנגענומענער דאָגמע, אינטערפּרעטירט פון די קירכן־פּאַטערס, וועלכע האָבן אויך קאָנטראָלירט די וועלטלעכע מלוכה־מאַכט. דאָס גאַנצע דענקען איז אַריינ־געשטופּט געוואָרן אין די אַלץ ענגער־ווערנדיקע ראַמען פון דעם פעאָדאַל־קאַטוילישן אידעען־איינשטעל. מענטשן מיט געדאַנקען און שאַפונגען, וואָס האָבן זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין דער אַקצעפּטירטער אידעאָלאָגיע, זענען באטראַכט געוואָרן ווי הערעטיקער און זינדיקע. די מלוכה, פּונקט ווי דאָס גאַנצע לעבן איז באַהערשט געוואָרן פון דער אַלגעמיינער אָנגענו־מענער אידעישער איינשטעלונג. אַלץ האָט געמוזט זיך אַריינפּאַסן אין דער אידעישער ראַם פון דער קירכע.

מיר קאָנען ציען אַ געשיכטלעכע אַנאַלאָגיע אין דער אַנטוויקלונג צווישן דעם קאַטאָליציזם און די פארשפּרייטונג פון מאַרקסיזם. ווען מיר באַטראַכטן די אַנטשטייונג און פאַרשפּרייטונג פון קריסטנטום, נישט פון אַ טעאָלאָגישן, נאָר פון אַ סאָציאַל־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, זעען מיר פונ־דאַמענטאַלע ענלעכקייט. דאָס קריסטנטום אַלס סאָציאַל־אידעישער איינ־שטעל איז לכתחילה אויך געווען אַ היסטאָריש־דינאַמישער כוח. דאָס איז געווען אַן אידעאָלאָגיע, וואָס האָט געזוכט צו ברעכן אַלע פריערדיקע אי־דעישע איינשטעלונגען. עס האָט צוגעזאָגט זיינע נאָכפאָלגער נישט בלויז דעם מלכות השמים, נאָר אויך אַ באַשטימטן ערדישן לעבנס־וועג, וואָס האָט אויך באַדאַרפט באַפרידיקן געוויסע אוטיליטאַרע צילן. עס איז געווען אַ פּראָטעסט קעגן דער אַלטער קלאַסן־געזעלשאַפט. אביונות איז געוואָרן אַן אידעאַל. דער מאָנאסטיר איז געווען א פלאץ זיך צו באהאלטן פון דער זינדיקער וועלט. דאָס האָט אינספּירירט מאַסן אָנהענגער, וועלכע זענען גע־ווען גרייט צו ברענגען און האָבן טאַקע געבראַכט גרויסע קרבנות פאַר זייערע

איבערצייגטע און פאַראייגנטע לעבנס־אידעאַלן. זיי זענען מיטגעריסן געוואָרן מיט אַ נייעם לעבנס־שטייגער, וואָס האָט געזאָלט באַפרידיקן סיי דאָס באַלדיקע און נוצלעכע און סיי דאָס ווייטגייענדיקע, — דאָס הימלישע קעניגרייך.

ערשט נאָכדעם ווי דאָס קריסטנטום איז געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכע מאַכט, ערשט נאָכדעם ווי קאָנסטאַנטין האָט פאַרוואַנדלט דאָס קריסטנטום אין אַ מלוכה־רעליגיע, אין אַ סאָציאַל־פּאָליטישן מאַכט־אָרגאַן, דעמאָלט הייבט עס אָן צו פאַרכאַפּן און באַהערשן נישט בלויז די הערצער און די נשמות, נאָר אויך פיזיש, אַלץ ברייטערע מאַסן אָנהענגער. דאָס איז שוין דערגרייכט געוואָרן נישט בלויז מיטן כוח פון מאָראַלישן אַפּעל און אינערלעכער איבערצייגונג פאַר אַן עטישערן און שענערן לעבנס־וועג, נאָר הויפּטזעכלעך דורך דער מאַכט פון קירכע־ און מלוכה־אויטאָריטעטן. דאָס קריסטנטום האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַלץ מער פאַרשטייפט און דעגענערירט און די דאָגמע האָט פולשטענדיק פאַרנומען דעם פלאַץ פון דעם פריערדיקן רעוואָלוציאָנער־דינאַמישן אינהאַלט.

דער קריסטלעך הייליק־צוגעזאָגטער גליקלעכער ענדציל, אויף דער און אויף יענער וועלט, האָט נישט געלעזט די ערדישע פּראָבלעמען. דאָס לעבן אויף „דער וועלט״, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן בלויז ווי אַ שטאַפּל צו א יענער וועלט, איז געוואָרן אַלץ שווערער און פאַרביטערטער. דאָס הימלישע קעניגרייך איז געלעגן צו ווייט. עס איז געלעגן אויף יענער זייט פונעם לעבן. דערפאַר טאַקע זענען די וועגן, וואָס האָבן באַדאַרפט פירן צום ציל, צו אַ גן־עדן אויף יענער וועלט, געוואָרן אַלץ מער פאַרהייליקט. דער סימבאָל און דער ריטואַל זענען געווען גענוג אַטראַקציאָנעל און זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון דעם צוגעזאָגטן אידעאַלן און גליקלעכן ענדציל. דער נייער הויפּטציל איז געלעגן נישט אַזוי אין דערגרייכן דעם מלכות השמים, נאָר אין די מיטלען וואָס האָבן באַדאַרפט פירן צו די פאַרהייליקטע צילן. דאָס וויכטיקסטע איז שוין געווען די שטילע פרומע געהאָרכזאַמקייט, כדי אויפצוהאַלטן די אַבסאָלוטע מאַכט פון דער קירכע און פון פעאָדאַלן לעבנסשטייגער. דער פּאַפּיזם האָט זיך אַלץ מער פאַרפעסטיקט און געוואָרן די איינציקע אויטאָריטאַטיווע מאַכט איבער אַ צעשפּליטערטע פעאָדאַלע וועלט און דער איינציקער כוח אויף צו אינטערפּרעטירן דעם גלויבן. דאָס קריסטנטום איז געוואָרן אַלץ מער אָפּגערוקט פון די אור־באַדינגונגען, וואָס האָבן אים געבראַכט צום לעבן און געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ שטאַרק טויט־ווירקנדיקן קולט.

די פאַרשטייפּטקייט פון דעם גלויבן האָט געמוזט פאַראורזאַכן, אַז ער זאָל מיט דער צייט ווערן אַלץ מער קאָרומפּירט און זיך אינערלעך איינברעכן.

א שטאַרק ענלעכע אַנטוויקלונג מאַכט אויך דורך — אונטער אַנ־דערע היסטאָרישע באַדינגונגען — דער מאַרקסיזם. דאָס קריסטנטום אַלס סאָציאַל־אידעישער איינשטעל האָט אָנגעהויבן צו באַקומען מלוכה־אויטאָ־ריטעט אין יאָר 313 און געוואָרן אַ הערשנדיקע מאַכט־אידעאָלאָגיע. דער מאַרקסיזם האָט אָנגעהויבן באַקומען מלוכה־אויטאָריטעט אין יאָר 1917. דער מינדסטער אָפּנייג פון פּירוש, וואָס די מלוכה־פירער מאַכן פון די הייליקע שריפטן פון מאַרקס, ענגעלס און לענין, ווערט באַטראַכט ווי כפירה אויפן זעלבן אופן ווי אין מיטלאַלטער, ווען יעדער מינדסטער צווייפל איז באַטראַכט געוואָרן אַלס כפירה קעגן פּאָפּיזם. אויך די אַנטוויקלונג פון מאַרקסיזם דערפירט די דיאַלעקטיק צו אַ פאַרענדיקטער אַבסאָלוטקייט און צו אַ קולט פונעם גלויבן. אַלץ מוז זיך אַריינפּאַסן אין דער אַלץ ענגער ווערנדיקער פאַרסטאַטישטער ראַם. דאָס גאַנצע דענקען מוז זיך אַריינפּאַסן אין די פאַלדן פון דער אַלץ־אַרומנעמענדיקער אידעישער טאָטאַלקייט.

דער מאַרקסיזם האָט אין זיך אַלע סימנים פון אַ רעליגיע: דער פונדאַמענט איז אָנגעשפּאַרט אין די הייליקע אומאָפּפרעגנדיקע שריפטן. מאַרקס און ענגעלס שריפטן זענען טאַקע אָנגערופן געוואָרן די „ביבל פון אַרבעטער־קלאַס״. אָט די ביבל האָט אויך די נייטיקע קאָמענטאַרן און עק־זעגעטיק. די פאַרהייליקטע שריפטן האָבן אויך זייערע שפּעטערדיקע צו־גאָבן אין די ווערק פון לענין און פיל אַנדערע. דער גלויבן האָט אויך זיינע אַפּאָסטאָלן, וועלכע האָבן די לערע צעטראָגן אין די ארבע רוחות השמים, ווי אויך די שפּעטערדיקע מיסיאָנערן.

דער מאַרקסיזם אַלס גלויבן, פּונקט ווי די אַנדערע גרויסע רעליג־יעס (אַחוץ די יידישע), ווייסט אויך נישט פון קיין נאַציאָנאַלע אָדער פּאָל־קישע גרענעצן. ער איז פּונקט ווי דער קאַטאָליציזם ריין קאָסמאָפּאָליטיש, וואָס באַהאַלט זיך אונטערן שלייער פון איבטערנאַציאָנאַליזם. דער גלויבן האָט זיך אויך זיינע הערעטיקער און אַנטריניקעס. דער ערשטער גרויסער הערעטיקער צום סוף פון לעצטן יאָרהונדערט איז געווען עדוואַרד בערנ־שטיין. נאָכדעם האָבן שוין נאָכגעפּאָלגט אַ סך אַנדערע, וואָס האָבן פאַר־זייער זינד באַצאָלט מיטן לעבן.

דער מאַרקסיזם, פּונקט ווי יעדע אַנדערע סאָציאַלע אידעען־איינ־שטעלונג, איז א סיבה, א פּועל־יוצא און א קריטעריע אין איין אין דער זעלבער צייט. דער מאַרקסיזם איז אַרויסגעוואַקסן פון דריי באַשטימטע

אור־קוואַלן. 1) פון דער צייט־סביבה פונעם אָנהייב פון אַ גרויסער אינ־
דוסטריעלער אַנטוויקלונג אין אַ קליין ווינקעלע פון דער גרויסער וועלט.
2) זיך אַנטוויקלט אונטערן אידעישן איינפלוס פון דער פילאָזאָפיע פון
יענער צייט. פון דעם פראַנצויזיש־ענגלישן מאַטעריאַליזם און פון דער
דייטשישער העגעליאַנער פילאָזאָפיע. 3) באַווירקט געוואָרן פון די קלאַ־
סיקער־עקאָנאָמיסטן אַדאַם סמיט און דוד ריקאַרדאָ. די אַלע איינפלוסן
זענען סינטעטיזירט און באארבעט געוואָרן פון מאַרקס און ענגעלס שאַ־
פונגס־גייסט אין אַן איינהייטלעכער סאָציאַלער פילאָזאָפיע, אין אַן אי־
דעען־איינשטעל. דער פועל־יוצא: דער מאַרקסיזם האָט געשאַפן ביי דורות
נאָכפאָלגער איבער דער גאַנצער וועלט אַ באַשטימטע אַלץ־ארומנעמענ־
דיקע וועלט־אָנשויונג, וואָס איז געוואָרן אַ מורה־דרך נישט בלויז ביי
גרויסע טיילן פון אינדוסטריעלן אַרבעטער־קלאַס קעגן דעם קאַפּיטאַליס־
טישן סיסטעם, נאָר איז געוואָרן פיל מער, די פאָן פון קאַמף קעגן די
רעשטן פון מיטלאלטער, אין וועלכן דער גרעסטער טיילן פון דער וועלט
איז נאָך געבליבן שטעקן. דער מאַרקסיזם אַלס אַ וועלט־אָנשויונג איז אין
דער זעלבער צייט אויך אַ סאָציאַלע קריטעריע, אַ פּריזמע, דורך וועלכער
זיינע אָנהענגער באַטראַכטן אַלע סאָציאַלע דערשיינונגען, אַ קריטיש מאָס־
שטעקעלע צו מעסטן און וועגן אַלע סאָציאַלע פּראָבלעמען, איצטיקע,
פאַרגאַנגענע און אפילו אויך קומענדיקע, פון אַ ניי פאַראייגנטן קוק־
ווינקל. די דינאַמישע קריטעריע, דער שליסל־לאָך, דורך וועלכן אָרטאָ־
דאָקסאַלע מאַרקסיסטן באַטראכטן סאָציאלע באַציונגען און אלע פּראָב־
לעמען, וואָס וואַקסן אַרויס פון סאָציאַלן לעבן, איז געוואָרן פאַרוואַנדלט
אין אַ פאַרשטייפטער מאָראַליטעט. די נאָכפאָלגער, פונקט ווי פון יעדער
אַנדערער אמונה, טענהן, אז דער גאַנצער און ריינער „אמת" ליגט ביי ווי
אין וועסטל־קעשענע. דער מאַרקסיזם פּראָקלאַמירט מיט דער פולסטער
סוביעקטיווער פאַראייגנטקייט: אונדזער אמת איז דער סאמע אָביעקטיווי־
וויסנשאַפטלעכער אמת. ווי דער סוחר אופין מאַרק: קויפט מיין סחורה,
זי איז די בעסטע, וואָס מען קאָן נאָר באַקומען.

אַזוי שנעל ווי אַ באַשטימטער אידעען־איינשטעל הייבט אָן צו ווערן
באַשטענדיקט און פאַראייגנט, הייבן זיך אָן זיינע אָנפירער און אָנהענגער
צו באַטראכטן אלס די טרעגער פון ענדגילטיקן און געשלאָסענעם אמת.
מיט אַן ענלעך דאָגמאַטישן אַבסאָלוטן אמת, פון דער קירכע, האָבן אויך
די ענגליש־פראַנצויזישע מאַטעראַליסטן פון זיבעצנטן און אַכצנטן יאָר־
הונדערט, די אידעישע פאָרגייער פון דער יונגער בורזשואַזיע אין מערב־

איראָפּע, געמיינט, אַז זיי האָבן שוין געגעבן אַן ענדגילטיקן טויט־קלאַפּ דער רעליגיע, צוזאַמען מיט דער גאַנצער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע. דער ריינער מענטשלעכער שכל איז געוואָרן אַוועקגעשטעלט אויפן פּיע־דעסטאַל און האָט אָנגעהויבן זיגן אויף אַלע פראָנטן. נאָך די ערשטע גרויסע נצחונות פון דער יונגער וויסנשאַפט אין דער מלחמה מיט דער טעאָלאָגיע, האָבן זיי באַטראַכט דעם קאַמף פאַר אַ פולשטענדיק געוואונענעם און פאַרענדיקטן. זיי האָבן באַטראַכט דעם אידעאַליזם און אלע זיינע מאַניפעסטאַציעס פאַר אַן אייביק שוין פאַרשוואונדענעם. דער זיג פון דער נאַטורוויסנשאַפט האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט און פאַרגלאָריפיצירט דעם אַבסאָלוטן כוח פון ריינעם שכל. ענדלעך, האָבן זיי הויך פּראָקלאַמירט, האָט זיך די וועלט באַפרייט פון פינצטערניש און אַבערגלויבן און דער־גרייכט דעם ריין וויסנשאַפטלעכן נישט אָפּפרעגנדיקן אַבסאָלוטן אמת.

גלייך צום סוף פון זעלבן אַכצנטן יאָרהונדערט בליט אויף אין דער פילאָזאָפיע דער דייטשישער אידעאַליזם און הייבט אָן צו באַהערשן דאָס דענקען פון דער דעמאָלטיקער אינטעלעקטועלער וועלט. די פאַרשידענע אידעאַליסטישע פילאָזאָפישע סיסטעמען, ספּעציעל די העגעליאַנער פילאָזאָפיע, האָבן פאַרכאַפּט די געדאַנקען און הערצער פון דער אינטעליגענץ. דער ענגליש־פראַנצויזישער מאַטעריאַליזם האָט שנעל אָנגעהויבן באַטראַכט צו ווערן ווי אַן אָפּגעלעבטער איינפלוס אין דער פילאָזאָפיע. גלייכצייטיק האָט די טעאָלאָגיע זיך ביסלעכוויז צוגעפּאַסט צו דעם טריומף פון דער וואַקסנדיקער וויסנשאַפט. אויך די וויסנשאַפט האָט אויפגעהערט צו באַטראַכטן רעליגיע אַלס איר גרעסטן שונא, וואָס שטייט איר אין וועג פאַר דעם גרויסן פאַרויסמאַרש פון דער וויסנשאַפט[27].

דער מאַרקסיזם, וואָס האָט אין זיך סינטעטיזירט דעם פראַנצויזיש־ענגלישן מאַטעריאַליזם, די עקאָנאָמישע לערעס פון אַדאַם סמיט און דוד ריקאַרדאָ צוזאַמען מיט דער העגעליאַנער דיאַלעקטיק, האָט שנעל אָנגעהויבן צו פאַרכאַפּן די געדאַנקען און הערצער פון די אידעאָלאָגן פון אַ ניי

(27) "At least we know that the earlier optimism, which thought that the advance of natural science was to dispel superstition, ignorance and oppression by placing reason on the Throne, was unjustified. Some superstitions have given way, but the mechanical devices due to science have made it possible to spread new kinds of error and delusion among a large multitude".
JOHN DEWEY, SCIENCE AND SOCIETY

אויפגעקומענעם קלאַס, — דעם ארבעטער־קלאַס. זיי האָבן אויך גלייך הויך פּראָקלאַמירט, אַז דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם, די פילאָזאָפיע פון מאַרקסיזם, האָט געגעבן דעם לעצטן טויט־קלאַפּ אַלע אידעאַליסטישע און מעטאַפיזישע שפּעקולאַציעס און זיי פאַרטריבן פון דעם לעצטן מקום־מקלט — פון דער סאָציאָלאָגיע. מארקסיסטן האָבן טריומפירנדיק דערקלערט: ענדלעך האָבן מיר דערגרייכט די איינציקע אמתדיקע אַלץ־דערקלערנדיקע פילאָזאָפיע. ענדלעך האָבן מיר מיט דער הילף פון מאַרקסיזם אַנטדעקט די ספּרוזשינע, וואָס באַוועגט דעם סאָציאַלן מעכאַניזם, מיר האָבן אויסגעפונען די באַהעלטעניש, ווו עס ליגן די כוחות, וואָס שטופּן פאָרויס דעם געזעלשאַפטלעכן פּראָגרעס. מיר ווייסן שוין גענוי די ריכטונג, די וועגן און בייוועגן פאַר דער ווייטערדיקער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. מיר זענען נישט ווי די אוטאָפּישע סאָציאַליסטן. מיר זענען נישט קיין סתם סאָציאַליסטישע טרוימער. מיר ווייסן גענוי דעם וויסנשאַפטלעכן וועג, וואָס וועט אונדז דערפירן צום סאָציאַליזם. אַלע אַנדערע נביאים זענען פאַלשע. דער מארקסיזם האָט דאָס וויסנשאפטלעך באוויזן און באַשטעטיקט. אַזעלכע זעלבסטפארזיכערונגען האָט געמאַכט אַן „איזם", וואָס אין זיין תוך נעגירט ער פאַרענדיקטע אַבסאָלוטע אמתן. אַזוי שנעל אָבער ווי דער מארקסיזם איז ביי זיינע אָנהענגער געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַן אקסיאָמע, איז דאָס רעוואָלוציאָנער־דינאמישע דערשטיקט און פאַרשטייפט געוואָרן דורך דעם אינערלעך פּערמענטיוו־וואַקסנדיקן אין זיך סטאַטיש פאַראייגנטן קאָנסערוואטיזם. די מארקסיסטישע לערע האָט זיך פארוואנדלט אין איר אייגענעם היפוך שוין צוליב דעם אַליין, וואָס ער האָט אין זיך געגעסטיקט דעם געדאַנק, אַז ער פארטרעט דעם לעצטן און ענדגילטיקן אמת. דאָס איז דער היסטאָרישער גאנג פון יעדער געזעלשאפט־לעכער אידעאָלאָגיע, וואָס ווערט פארוואנדלט אין הוילער אמונה און אָפּגע־ריסן סיי פון די באַדינגונגען, וואָס האָבן די אידעאָלאָגיע געבראַכט אויף דער וועלט און סיי פון די לכתחילהדיקע מאָראַליש־עטישע ענדצילן, ווייל זיי זענען אָפּגעטראָטן אויף זייטיקע וועגן.

דער מאַסן־אַפּעל פון מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם איז געלעגן נישט אין דער ריכטיקייט אָדער פאַלשקייט פון זיין לערע. ווי שוין דערמאָנט, איז אַ גערעכטע סיבה שאַפט נאָך נישט אלעמאָל קיין גערעכטן פועל־יוצא. דער דערפאָלג איז געלעגן הויפּטזעכלעך, סיי אין דער צייטיקער היסטאָרישער תקופה, אין וועלכער דער מארקסיזם איז אויפגעטראָטן אויף דער ארענע, און סיי אין דעם עמאָציאָנעלן אפּעל. דער מארקסיזם האָט פארכאפּט די

געדאַנקען, הערצער און פאַנטאַזיע פון די ברייטע מאַסן, נישט בלויז דורכ־
דעם אַליין, וואָס ער האָט געוועקט די האָפענונגען אויף צו באַפרידיקן באַל־
דיקע מאַטעריעלע נויטן. פאַרקערט, די גרעסטע צאָל פירער און מפרשים
פון דער מארקסיסטישער אידעאָלאָגיע זענען נישט געקומען פון די רייען
פון עקספּלאָאַטירטן אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט. דער אָפּעל איז געווען אַן
עמאָציאָנעל טיפערער. ער האָט באַפרידיקט דעם דאָרשט נאָך אַ העכערער
מאָראַלישקייט, געוועקט די פאַנטאַזיע צו דער שטרעבנדיקער אידעאַלער
מענטשלעכער געזעלשאַפט, צו אַ לעבן, וואָס וועט סוף־כל־סוף דערפירן צו
פולער אַלזייטיקער פרייהייט, אַ לעבן אָן עקאָנאָמישער עקספּלאָאַטאַציע, אָן
בלוט־פאַרגיסונג, אָן הערשער און באַהערשטע. דאָס פאָלק האָט דערזען אַ
שטראַל פון האָפענונג אַראָפּצוברענגען דאָס מלכות השמים אויף דער לע־
בעדיקער ערד, א חלום, נאָך וועלכן די מענטשהייט לעכצט שוין אַזוי פיל
טויזנטער יאָרן. דער סאָציאַליזם האָט געוועקט די האָפענונגען אויף דער־
הייבן די אייגענע מענטשלעכע חשיבות, וואָס איז געלעגן אַ דערנידעריקטע
און דערשלאָגענע, צו פאַרבייטן די אומגערעכטע קלאַסן־מאָראַל אויף אַ
גערעכטערע קלאַסנלאָזע מאָראַל. אַ גרויסער טייל איז געקומען צום סאָציא־
ליזם דורך היסטאָריש גאַנץ ווייטע ירושהדיקע קוואַלן. דער איינפלוס פון
די נביאים האָט זייער פיל גייסטיק־הונגעריקע און גערעכטיקייט־זוכנדיקע
געפירט אויף די וועגן פון קאַמף פאַר סאָציאַליזם. דאָס איז דער מאָראַלישער
וועג צו א שענער און עטישער מענטשלעך צוזאַמענלעבן. אָט די אַלע פריי־
הייט־זוכנדיקע און גערעכטקייט־ליבנדיקע האָבן זיך געשטעלט אונטער
דער פאָן פון מאַרקסיזם. דער מארקסיזם האָט אפעלירט נישט בלויז צו א
ווייטער וויזיע, נאָר פּרעטענדירט אויף צו דערפירן צו דער רעאַליזירונג
פון סאָציאַליזם אויף רייַן „וויסנשאַפטלעכע וועגן״. דער נייער גלויבן האָט
פאַרכאַפּט אַלע ברייטערע מאַסן. אָבער מיט דער אנטוויקלונג האָט זיך אויך
די מאַרקסיסטישע „וויסנשאַפט״ פאַרוואַנדלט אין א קולט, אין א פאַר־
שטייפטער אמונה, פונקט ווי אַלע פריערדיקע אמונות. דער מארקסיזם האָט
זיך פאַרוואַנדלט אין זיין אייגענער אַנטיטעזע.

אַ טייל סאָציאַליסטישע דענקער האָבן דאָס נאָך פאָרויסגעזען אין דער
פרי־צייט פון דער מאָדערנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. נאָך אין מיטן
פון לעצטן יאָרהונדערט, ווען מארקס האָט איינגעלאַדן פּרודאָנען, אַז ער זאָל
מיטאַרבעטן אין א „קאָרעספּאָנדענץ״ פאַר אן אידעיִשן אויסטויש, האָט אים
פּרודאָן צווישן אַנדערע געדאַנקען געענטפערט : „לאָמיר צוזאַמען זוכן, אויב
איר ווילט, די געזעצן פון דער געזעלשאַפט, דעם אופן, ווי אַזוי די געזעצן

ווערן פאַרווירקלעכט, אָבער, למען השם, נאָכדעם ווי מיר וועלן האָבן אָפּ־געפּאַרטיקט אָט די אַלע דאָגמאַטיזמען „אַפּריאָרי״, לאָמיר דערנאָך, פון אונדזער זייט, נישט טראַכטן וועגן פאַרוויקלען דאָס פאָלק אין דאָקטרינעס. לאָמיר נישט אַריינפאַלן אינעם ווידערשפּרוך פון אייער לאַנדסמאַן מאַרטין לוטער, וועלכער האָט, נאָכדעם ווי ער האָט אומגעוואָרפן די קאַטוילישע טעאָלאָגיע, זיך תּיכף גענומען צו דער אַרבעט מיט אַן אַ שיעור עקסקאָמוני־קעס און חרמס צו שאַפן אַ פּראָטעסטאַנטישע טעאָלאָגיע... לאָמיר נישט ווערן, צוליב דעם פאַקט, וואָס מיר שטייען בראש פון אַ באַוועגונג, קיין קעפּ פון אַ נייער אומטאָלעראַנץ; לאָמיר זיך נישט אויפפירן ווי אַפּאָסטאָלן פון אַ נייער רעליגיע, און מעג די דאָזיקע רעליגיע אַפילו זיין די רעליגיע פון דער לאָגיק, די רעליגיע פון שכל״ [28].

עס איז אַן אָנגענומענע מאַרקסיסטישע אַקסיאָמע, אַז אַלע סאָציאַלע מאַניפעסטאַציעס פון מאַראַליש־עטישע באַציונגען זענען אַ פועל־יוצא פון די פּראָדוציר־באַציונגען פון אַ באַשטימטער צייט, וואָס וואַקסן אַרויס פון די פּראָדוציר־באַדינגונגען. אין אַ געזעלשאַפט, ווו די פּראָדוציר־מיטלען ווערן פאַרגעזעלשאַפטלעכט און דער ציל פון דער פּראָדוקציע איז נישט דער פּערזענלעכער פּראָפיט, נאָר די געזעלשאַפטלעכע קאָנסומציע, אין אַזאַ גע־זעלשאַפט מוזן געשאַפן ווערן העכערע און מער מענטשלעכערע מאָראַליש־עטישע צווישנבאַציונגען. אין אַזאַ געזעלשאַפט דאַרף זיך דער מענטש נישט דערנידעריקן און די חשיבות פון מענטש איז אַ פיל העכערע ווי אין אַ געזעלשאַפט, וואָס איז געבויט אויף עקספּלאָאַטאַציע, ווי אין אַ געזעלשאַפט, ווו דער פּראָדוצירער דאַרף פאַרקויפן זיין פיזישע אָדער גייסטיקע אַרבעטס־קראַפט צום קלאַס, וועלכער קאָנטראָלירט און איז דער אַבסאָלוטער אייגנטי־מער פון די פּראָדוקציע־מיטלען.

וואָס זעען מיר אין דער רעאַליטעט? זענען אין די לענדער, ווו די פּראָדוקציע־מיטלען זענען געוואָרן פאַרגעזעלשאַפטלעכט, געלייגט געוואָרן די פונדאַמענטן פאַר העכערע מאָראַלישערע און עטישערע געזעלשאַפטלעכע באַציונגען און פאַר מער מענטשלעכע חשיבות, וואָס זאָלן רעפלעקטירן די נייע געענדערטע פּראָדוקציע־באַציונגען? האָבן די נייע פּראָדוקציע־באַדינ־גונגען געשאַפן בעסערע און שענערע פּראָדוקציע־באַציונגען? זענען אויך געמאַכט געוואָרן פינפיאָריקע פּלענער פאַר דער אויסברייטערונג פון דער

[28] ציטירט פון מאַרטין בובערס „שטעגן אין אוטאָפּיע״, יידישע איבערזעצונג. אַרויסגעגעבן אין בוענאָס איירעס, 1959.

מענטשלעכער פרייהייט און פאַר דעם בירגערלעכן אָנטייל אין די מלוכהשע מאַכט־אָרגאַנען? פאַר דער דערהייבונג פון מאָראַליש־עטישע ווערטן? האָבן די נייע פּראָדוקציע־באַציונגען געשאַפן די באַדינגונגען פאַר דער אויס־ברייטערונג פון דער מענטשלעכער פרייהייט און מער עטישערע באַציונגען זאָלן זיך דערהייבן ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם וווּקס פון דער אויסגעברייטערטער געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקציע, ווי דער וווּקס פון די טעכנישע וויסנשאַפטן?

אַפּאָלאָגעטיקער פון אַן אמונה קאָנען אלעמאָל געפינען געווג עמאָ־ציאָנעל דיקטירטע לאָגיק, ווי אויך די נייטיקע שפּראַך־קונצן אויף צו באַ־רעכטיקן זייער אמונה, נישט געקוקט דערויף וואָס די פּראַקטיק איז אין פולשטענדיקן ווידערשפּרוך פון דעם מאָראַליש־עטישן אַפּעל פון סאָציאַליזם פאַר אַ העכערער מאָראַל. וואָרט־קונצן קאָנען זייער פיל פאַרדרייען, באַ־רעכטיקן און פאַרדעקן. מיט אַ סאָפיסטישער דיאַלעקטיק קאָן מען אַלעמאָל געפינען געווג ליידיקע ווערטער אויף צו באַרעכטיקן יעדן ווידערשפּרוך. מען קאָן געפינען לאָגיש קלינגענדיקע תירוצים אויף צו באַרעכטיקן יעדן גלויבן.

די ווידערשפּרוכן צווישן דער מאַרקסיסטישער טעאָריע און פּראַק־טיק, צווישן מיטלען און צילן, קאָן מען אפשר פאַרשטיין, אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז די איצטיקע סטאַדיע פון אַנטוויקלונג פון די לענדער, וואָס זענען אונטער דער הערשאַפט פון דער מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע, שפּיגלען אָפּ די העגעליאַנער אַנטיטעזע אין דער אַנטוויקלונג פונעם מאַרק־סיזם. אַז אויך די מאַרקסיסטישע טעאָריע און פּראַקטיק מאַכט דורך די באַרימטע העגעליאַנישע טראַדיע: טעזע, אַנטיטעזע און סינטעזע. אַז יעדע זאַך אָדער דערשיינונג נעגירט זיך זעלבט און פאַרוואַנדלט זיך אין אייגע־נעם ווידערשפּרוך. פון די פריערדיקע ווידערשפּרוכן דאַרף זיך ערשט אַנטוויקלען דער סינטעז. אויב מען קאָן אָנווענדן די העגעליאַנישע טעאָריע צו דער אַנטוויקלונג פון מאַרקסיזם, דעמאָלט מאַכט דער מאַרקסיזם דורך היסטאָריש זיין אַנטיטעזע און נעגירט זיך זעלבסט. עס בלייבט בלויז איבער צו זען, וואָס פאַרא פאָרמען און וואָס פאַרא כאַראַקטער עס וועט אָננעמען די סינטעזע — דער צוזאַמענגוס פון אָריגינעלן מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם, צוזאַמען מיט זיין היפּוכדיקער אַנטוויקלונג. וואָס עס וועט זיין ווען די סינ־טעזע וועט נעגירן די טעזע מיט דער אנטיטעזע?

יעדנפאַלס, די אַנטיטעזע, וואָס נעגירט די סאָציאַליסטישע טעזע, פירט דערווייל נישט אויף וועגן פון אַ סאָציאַליסטישער מאָראַל.

"Passion and prejudice govern the
world, only under the name of reason".
JOHN WESLEY

## 10

יעדער אופן פון באַטראַכטן דעם היינט אָדער דעם נעכטן, יעדער אופן פון אַנאַליזירן איצטיקע אָדער פאַרגאַנגענע סאָציאַלע באַציונגען, מוז זיך אָנשפאַרן אויף אַ באַשטימטער פאַראייגנטער פילאָזאָפיע. דער אַנאַליז, נישט בלויז פון א היינט, נאָר אויך פון אַ נעכטן, מוז זיך דורכלייטערן דורך דער פריזמע פון א פאראייגנטער אידעאָלאָגישער איינשטעלונג. דורך דעם זעלבן שליסל־לאָך, דורך וועלכן דער היסטאָריקער אָבסערווירט די איצטיקע וועלט, באַטראַכט ער אויך די געוועזענע וועלט, פון וועמען דער היינט האָט זיך אַרויסאנטוויקלט. נישט בלויז באטראכטן מיר דעם היינט אינעם גייסט פון א פאַראייגנטן נעכטן, נאָר דער נעכטן ווערט אויך באַטראכט אינעם גייסט פון א סוביעקטיוויזירטן היינט. ערנסטע היסטאָריקער באטראכטן נישט קיין געשיכטע ווי אַ כראָנאָלאָגיע פון געשעענישן, נאָר זוכן אויך אויסצוגעפינען און צו דערקלערן, וואָס עס זענען געווען די טרייב־כוחות פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג.

די פאַרשידענע אויסטייטשונגען פון די טרייב־כוחות פונעם סאָציאַלן מעכאַניזם קאָן מען איינטיילן אין עטלעכע ווידערשפּרעכנדיקע גרופּעס. די עלטסטע געשיכטע־אינטערפּרעטאַציע איז די טעאָלאָגישע, וואָס האַלט, אַז דער שליסל צו די סאָציאַלע ענדערונגען ליגט אין די הענט פון דער השגחה העליונה, וואָס וויקלט פאַר אונדז אויף גאָטס ווילן פונעם גאַנצן אוניווערס. סיי דער פרייער מענטשלעכער ווילן און סיי די באַדינגונגען, וואָס ווירקן אויפן ווילן אונטער וועמענס איינפלוס די געשיכטע פאָרמירט זיך, זענען אונטערגעוואָרפן די געטלעכע כוחות. אנטוויקלונג איז אַ פועל־יוצא פון אַ טעיסטישן דעטערמיניזם. דער מענטש צוזאַמען מיט זיין גאַנץ סאָ־

ציאַל לעבן, איז בלויז א געצייג, א שפּילעכל אזא אין די הענט פון די געטער.

אַ צווייטע גרופּע מפרשים פון די געזעלשאַפטלעכע טרייב־כוחות האַלט, אז די מענטשלעכע אידעען זענען די הויפּט־אַנטרייבער פון די געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען. אַלע היסטאָרישע פאַקטאָרן, ווי סאָציאַלע, עקאָנאָמישע, טעכנאָלאָגישע אָדער מיליטערישע, ווערן אַלץ פאַראורזאַכט פון די מאָטיווירנדיקע אידעען. דערביי איז נישטאָ קיין אונטערשיד, צי די אידעען זענען א סיבה אָדער א פּועל־יוצא. צי זיי קומען צו אונדז אלס איינדרוקן פון דער דרויסנדיקער ריין מאַטעריעלער וועלט, אָדער פאַרקערט: אַז דער גייסט, די אידעע איז דער אבסאָלוטער שאפער און הערשער.

לויט הערבערט ספּענסערן און פיל אַנדערע מאַטעריאַליסטן, איז דער כוח, וואָס טרייבט די אַנטוויקלונג, נישט קיין געטלעכער. דער כוח איז נישט קיין פּועל־יוצא פון דער אידעע אָדער וועלט־גייסט, נאָר ווערט אַרויסגערופן דורך ריין מאַטעריעלע כוחות. די פּראָצעסן פון דיפערענציאַציע און אינטעגראַציע רופן אַרויס די אָנטרייבנדיקע כוחות פון דער באַוועגונג. דער זעלבער פּראָצעס קומט פאָר אין דער נאַטור, אַזוי גוט ווי אין דער גאַנצער מענטשלעכער אַנטוויקלונג.

אין ווידערשפּרוך צו די מאַטעריאַליסטן שטייט די העגעליאַנער דיאַלעקטיק. לויט העגעלן, ווערט די אנטוויקלונג געטריבן דורך דער באַוועגונג פון די אינעווייניקסטע ווידערשפּרוכן אין גייסט, אין דער אידעע. העגעל האָט באַטראַכט די געשיכטלעכע אנטוויקלונג אין ליכט פון דער דיאַלעקטישער לאָגיק. די געשיכטע איז אונטערגעוואָרפן די דיסציפּלין פון אומקאָנטראָלירטן נאַטירלעך מענטשלעכן ווילן. דאָס איז אַן אונטערגעוואָרפנקייט צו די אוניווערסאַלע פּרינציפּן פון דעם „אַבסאָלוט", וואָס איז מער רוחניותדיק ווי פיזיש מאַטעריעל.

די מערסטע סאָציאָלאָגן און געשיכטע־פאָרשער האָבן אַרויסגעשטעלט דעם מענטש, זיינע אידעען, — פון וואָס פאַראַ קוואַלן זיי זאָלן נאָר נישט קומען, — די גרויסע היסטאָרישע פּערזענלעכקייט, אלס די הויפּט־ספּרוזשינע, וואָס באַוועגט דעם סאָציאַלן אָרגאַניזם. דער מענטש איז דער, וועלכער טרייבט געשיכטע לויט זיין ווילן און איינזען. די פירנדיקע פּערזענלעכקייט אַנטשיידט דעם גורל פון דער מענטשהייט.

אַ סינטעז פון העגעלס אידעאַליסטישער דיאַלעקטיק און ספּענסערס אנטוויקלונגס־טעאָריע ליגט פאַרקערפּערט אינעם מאַרקסיזם. די אור־סיבה פון דער אנטוויקלונג איז ביי מאַרקסן, פּונקט ווי ביי ספּענסערן, די מאַטע־

ריע. פון העגעלן האָט אָבער מאַרקס איבערגענומען, אַז די הויפּט־סיבות פון דער אַנטוויקלונג ליגן אין די אינעווייניק־וואַקסנדיקע לאָגישע ווידער־שפּרוכן אין אַלץ־עקזיסטירנדיקן.

מאַרקס האָט אַנטשיידן צוריקגעוואָרפן די מיינונגען פון די אַלע אויסטייטשער, וועלכע האָבן געלייגט דעם הויפּט־געוויכט פון סאָציאַלע ענדע־רונגען אויפן כוח פון אַ גאָט, פון די הערשנדיקע אידעען אָדער פון דער מאַכט פון דער גרויסער היסטאָרישער פּערזענלעכקייט. לויט מאַרקסן, זענען די ווידערשפּרוכן, וואָס עס ווערן געשאַפן צווישן די עקזיסטירנדיקע פּראָדוציר־באַדינגונגען און די פּראָדוציר־באַציונגען, די סאמע וויכטיק־סטע און אין זיי ליגט די הויפּט־סיבה, וואָס באַוועגט דעם געזעלשאַפט־לעכן מעכאַניזם. אָט די ווידערשפּרוכן דריקן זיך אויס אין אַן אַלץ מער פאַרשאַרפטן קאַמף פון די קלאַסן. די ווידערשפּרוכן אַנטוויקלען זיך ביזן צושטאַנד פון רעוואָלוציאָנערע איבערברוכן [29].

לויט מאַרקסן זענען „די געזעלשאַפטלעכע באַציונגען ענג פאַר־בונדן מיט די פּראָדוקטיווע כוחות. פאַרשאַפנדיק זיך נייע פּראָדוקטיווע כוחות, בייטן די מענטשן איבער זייערע פּראָדוקציע־מיטלען. ענדערנדיק די מיטלען פון דער פּראָדוקציע, ד. ה. די מיטלען צו באַזאָרגן זייער חיונה, בייטן זיי איבער אַלע זייערע געזעלשאַפטלעכע באַציונגען. די געזעל־שאַפטלעכע באַציונגען זענען צוגעפּאַסט צו דעם אופן פון זייער מאַטער־יעלער פּראָדוקציע, זיי שאַפן אויך פּרינציפּן, אידעען און קאַטעגאָריעס, וואָס פּאַסן זיך צו צו זייערע געזעלשאַפטלעכע באַציונגען" [30].

---

(29) "At a certain stage of development the material productive forces of society come into contradiction with the existing productive relationship or, what is but a legal expression for these, with the property relationship within which they have moved before. From forms of development of the productive forces, these relationships are transformed into their fetters. Then an epoch of social revolution opens. With the change in the economic foundation, the whole vast superstructure is more or less rapidly transformed".

KARL MARX. CRITIQUE OF POLITICAL ECONOMY (1859)

[30] קאַרל מאַרקס: „די אָרעמקייט פון דער פילאָזאָפיע" (אַן ענטפער צו פּרודאָנס „פילאָזאָפיע פון אָרעמקייט").

דער אויבנאויפיקער אמת פון די ווערטער באַשטעטיקן זיך נאָך הײנט אויך, אָבער בלויז אין די ווײטסטע, שטאַרק לויזע און צו פּאַראלגע־מיינערטע ראַמען. מיר קאָנען נישט אָפּלייקענען, אַז דער אופן ווי אַזוי מענטשן באפרידיקן זייערע מאַטעריעלע נויטן, שאפט דעם פונדאמענט פאַרן געזעלשאפטלעכן צוזאמענלעבן. מיר קאָנען נישט נעגירן דעם פאקט, אז די געזעלשאפטלעכע באַציונגען זענען ביז געוויסע גראדן אָפּהענגיק פון די פּראָדוקציע־באַדינגונגען. די פּאַטריאַרכאַלישע שבטים־געזעלשאַפט, די שקלאַפן־געזעלשאפט, פעאָדאַליזם, האַנדלס־קאפּיטאליזם און אינדוס־טריעלער קאפּיטאליזם, יעדע פון די עקאָנאָמישע פאָרמאציעס האָט זיך געהאָט אירע אייגענע געזעלשאַפטלעכע אידעען־איינשטעלונגען, וואָס זע־נען געווען אַ דירעקטער פועל־יוצא פון אַ באַשטימטן פּראָדוציר־אופן. די אידעען שטעלן מיט זיך פאָר, לויט מארקסן, די אויבערגעביידע איבער דעם עקאָנאָמישן פונדאַמענט.

דער מארקסיזם האָט בלי־ספק געוויסע פאַרדינסטן אין אויספאָר־מירן אַ פילאָזאָפיע פון געשיכטע, אינעם שאַפן אַ געוויסן מעטאָד אין דער פאָרשונג פון דער סאָציאַלער אנטוויקלונג. דער היסטאָריש־מאַטעריאַליס־טישער מעטאָד שטייט נענטער צו דער רעאַליטעט, ווי וועלכע נישט איז אנדערע געשיכטע־אויסטייטשונגען. זיין אַ טריט נענטער צום אמת, מיינט נאָך באַין אופן נישט, אַז דער גאַנצער אמת ווערט אַרומגענומען וויסנ־שאַפטלעך.

ווען ברייטע פאראַלגעמיינערטע אמתן ווערן אריינגעשטופּט אין ענגע דעפינירטע ראַמען, דעמאָלט ווערן די אמתן פארוואַנדלט אין האלבע אמתן. זייער א סך הענגט אַריבער אין דער צווייטער זייט גרענעץ פון די אקצעפּטירטע דעפינירטע אקסיאָמעס. נישט אלעמאָל פּאַסן זיך אַריין אין דער סאָציאָלאָגיע אלגעמיינע אָנגענומענע פּרינציפּן, ווי רעאַליסטיש זיי זאָלן נאָר נישט פאַר אונדז דערשיינען, צו אַ מאָבילער רעאַליטעט, אפילו ווען מיר ווענדן אָן דעם דיאַלעקטישן טייטש־מעטאָד. געשעענישן אנט־וויקלען זיך נישט אַלעמאָל אַזוי, אז זיי זאָלן זיך קאָנען אריינפּאַסן אין אַ פּאָרויסבאַשטימטן סיסטעם. פון איין זייט שאַפט די מענטשלעכע קעגנ־ווירקונג אויף זיין סביבה א ריי נישט־פּאָרויסגעזעענע, נישט מעסטבאַרע און גאנץ אָפט נישט־באַמערקבארע פאקטאָרן, וואָס איבן אויס זייער איינ־פלוס אויף די סאָציאַלע באַציונגען און אויפן גאנג פון דער געשיכטע. זיי מאכן צונישט אונדזערע פּרינציפּן און אונדזערע מעטאָדישע קאַלקולאַ־ציעס. פון דער צווייטער זייט, האָט זיך יעדע סטאַדיע אין דער געזעל־

שאַפטלעכער אַנטוויקלונג אירע אייגענע בייגעזעצן, וואָס טראָגן אַריין ענדערונגען אין די אָנגענומענע פּרינציפּן פון אָבסערוואַציע. עס בייטן זיך הנחות אויף וועמען די מעטאָדן און פּרינציפּן באַזירן זיך. ווען מען וויל אָבער די פּאַראַלגעמיינערטע שטענדיק־גילטנדיקע פּרינציפּן און מעטאָדן אָנווענדן צו זיך בייטנדיקע סביבות און סאָציאַלע באַציונגען, דעמאָלט ווערן די אָנגענומענע פּרינציפּן און מעטאָדן אויס ווּיסנשאַפטלעך. זיי פּאַרלירן די פעיקייט אין דער פּראַקטישער אַפּליקאַציע.

אין דער געגאַרטקייט צו אידעישער גאנצקייט און אַלץ־ארומנעמענדיקייט, איז דער מאַרקסיזם אַרויסגעגאַנגען פון דער הנחה, אַז די געזעלשאַפט אין איר געשיכטלעכער אַנטוויקלונג איז אונטערגעוואָרפן געווי די זעלבע געזעצן ווי די נאַטור און די אנטוויקלונג פון די בעלי־חיים. מארקס האָט געמאַכט א פארזוך פאָרצוזעצן דאַרווינס „קאמף פאַר עקזיס־טענץ" דורך אָנווענדן די זעלבע פּרינציפּן צו דער סאָציאַלער אנטוויק־לונג. דאָ ווו דאַרווין האָט איבערגעלאָזט אין דער וועלט פון בעלי־חיים, האָט מארקס פאָרגעזעצט אין דער געזעלשאַפטלעכער אנטוויקלונג. מארקסיסטן האָבן טאקע געקרוינט מארקסן מיטן נאָמען „דער דאַרוויניסט פון דער סאָציאָלאָגיע". די אנטוויקלונג פון סאָציאלן אָרגאניזם איז לויט מארקסן פּאַראַלעל צו דארווינס „אָפּשטאם פון מינים". אויך ביי מארקסן ווערט דער יחיד, אין דעם אנטוויקלונגס־פּראָצעס, רעדוצירט צום מינימום. דער ווילן פון יחיד ווערט בלויז אויסגעשטאלטיקט דורך דער ווירקונג פון די פּראָדוקציע־באַציונגען פון אַ באַשטימטער צייט־ און אָרט־סביבה. דער מענטש ענדערט זיך, זיין סאָציאַלע סביבה און זיינע אידעען, פּונקט אויפן זעלבן אופן ווי באַשטימטע געאָגראַפישע, קלימאטישע און שפּייז־צושטע־לנדיקע סביבות פאָרמירן די באַדינגונגען פאַר די נאַטירלעכע סעלעקציעס פון די מינים [31].

אויף וויפל דער מאַרקסיזם זאָל נאָר נישט קרעדיטירן דעם מענטש אינעם היסטאָרישן פּראָצעס, מוז אלץ אזא פּאראלעל, אין זיין תוך, נעגירן דעם מענטשס צוריקווירקונג אויף זיין סביבה. די שלוסן, וואָס ווערן גע־

(31) "Darwins book is very important and serves me as a basis in natural science for the class struggle in history".

KARL MARX

Marx Engels correspondence.

LAWRENCE AND WISHART 1934 p. 125.

צויגן פון אַזאַ פּאַראַלעל, דערגרייכן האַלבע אמתן, בלויז שוין דערפאַר, וואָס די קעגנווירקונג פון מענטש אויף זיין סביבה איז אַ גאַנץ אַנדערע ווי אין דער וועלט פון בעלי־חיים. אויף וויפל דער מענטש, זיינע אידעאַלן און זיין סאָציאַלע סביבה זאָלן נאָר נישט זיין קיין פּראָדוקט פון די פּראָדוציר־באַדינגונגען, איז ער אַלץ נישט קיין ווילנלאָזער אָביעקט, וועלכער ווערט געטראָגן אויף די שפּיצן פון די היסטאָרישע כוואַליעס. די חיה באַקעמפט נישט און באַהערשט נישט די נאַטור אויפן זעלבן אופן ווי דער מענטש. דערפאַרונגען פון פריערדיקע דורות זענען אַ געוואַלטיקער וואָפן אין די הענט פונעם מענטש, דורך וועלכן ער ווירקט צוריק אויף זיין סביבה.

עס שטעלט זיך דעריבער אַ פּראַגע, צי קאָן מען אָנווענדן די פּרינציפּן פון וועלכער עס איז אַנדערער וויסנשאַפט צו דער סאָציאָלאָגיע. דאָס הייסט אינעם פאָרשן מענטשלעכע צווישנבאַציִונגען? עס שטעלט זיך די פּראַגע, צי קאָנען מיר אין פאָרשן סאָציאַלע באַציִונגען דערגרייכן די אַבסאָלוטע פולע מאָס פון אָביעקטיוויקייט? די מענטשלעכע קעגנווירקונג אויף זיין סביבה לאָזט זיך נישט אַריינפּאַסן אין קיין שום פּאַראַלגעמיינערטע געזעצן, ווייל זיי זענען נישט קיין פּאָרויסגעזעענע און קיין מעסטבאַרע. מענטשלעכע באַוווסטזיניקע צילן שפּרייזן צו אָפט אַריבער זייערע באַגרענעצונגען. פון דער צווייטער זייט, באַוועגט זיך נישט אַלעמאָל די געשיכטע אויף די וועגן צו די געגאַרטע מענטשלעכע צילן, אפילו ווען עס דוכט זיך פאַר אַ טייל אויס, אַז די וועגן זענען גענוי אָנגעצייכנטע און אומפאַרמיידלעכע.

פאַקטן, היסטאָרישע דאָקומענטן, שטעלן מיט זיך נאָך נישט פאָר קיין געשיכטע, פּונקט ווי ציגל שטעלן מיט זיך נאָך נישט פאָר די געביידע. פון די זעלבע ציגל, די פּאָטענצן פון דער געביידע, קאָן יעדער בויער אויפשטעלן אַ גאַנץ אַנדערע סטרוקטור. דאָס זעלבע איז אויך ביים היסטאָריקער ביים פאַרוואַרפן בריקן צווישן די פאַקטן. דער היסטאָריקער קאָן אונדז געבן אַ גאַנץ אַנדער בילד פון דער פאַרגאַנגענהייט, אפילו ווען ער מיסרעפּרעזענטירט נישט די פאַקטן. די גאַנץ אָפט קעגנזעצלעכע שלוסן פון די זעלבע פאַקטן זענען הויפּטזעכלעך אָפּהענגיק פון דעם היסטאָריקערס פּערספּעקטיוו.

געשיכטע איז פיל מער ווי אַ כראָנאָלאָגיע פון געשעענישן. געשיכטע באַשטייט פון אַזאַ אומגעהייערן פאַרשידנאַרטיקן און אָפט גאַנץ שטאַרק ווידערשפּרעכנדיקן אוצר פון מענטשלעכע דערפאַרונגען, אַז יעדער פאָרשער קאָן פון דאָרט שעפּן גענוג מאַטעריאַלן, פאַקטן און באַווייזן, אויף צו

פארפעסטיקן און אונטערצושפּאַרן זיין סוביעקטיוו פּאַראייגנטן קוק־ווינקל און זיין עמאָציאָנעלע באַציונג צום לעבן און צו געשיכטע. די עובדה פונעם היסטאָריקער איז דאָך נישט בלויז אין דעם אויסצוגעפינען דעם „וואָס ?", נאָר ער דאַרף פאַר אונדז אויך אנטפּלעקן דעם „פאַרוואָס ?". די פאַרוואָסן, די סיבות, זענען אַזוי סתירותדיק, אַז זיי לאָזן זיך נישט אַלעמאָל אַריינפּאַסן אין די ענגע באַגרענעצטע ראַמען פון אַן אָביעקטיוו־וויסנשאַפטלעך געזעץ, אַ געזעץ, וואָס זאָל זיין ביכולת כולל צו זיין אין זיך אַלע זייטיקע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן בייגעטראָגן אויף וועלכן ס'איז אופן צו די היסטאָרישע פּאַסירונגען און ענדערונגען. די „פאַרוואָסן" זענען אַלע־מאָל אונטערגעוואָרפן קייט־רעאַקציעס, וואָס ברייטערן זיך אויס אין זייער טיפקייט, אין די פאַרשידנאַרטיקע סיבות, אָדער וואָרצלען פון די געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען. יעדער „פאַרוואָס" האָט שטעקן זיינע וואָרצלען אין אַן אומענדלעכן קאָמפּלעקס פון „אור־פאַרוואָסן". יעדער וויכטיקער היסטאָריש פּאַקאַלער פּונקט, יעדער צענטראַלער „פאַרוואָס", איז אונטער־געוואָרפן אומצאָליקע סיבות — מיטשותּפים פון היסטאָרישע דערשיינונגען. זיי זענען משפּיע די געשיכטלעכע אַנטוויקלונגען זיך צו באַוועגן אין דער אָדער יענער ריכטונג.

אַחוץ אַ הויפּט־סיבה זענען אין די סאָציאַלע באַוועג־פאַקטאָרן אויך פאַראַן אומצאָליקע בייסיבות, וואָס איינע ליגט באַגראָבן הינטער דער אַנדערער און זיי שאַפן פאַרשידנאַרטיקע ווידערשפּרעכנדיקע ווירקונגס־כּוחות אויף די היסטאָרישע רעזולטאַטן. יעדער וויכטיקער און אַמאָל אויך אומוויכטיקער פּועל־יוצא ווערט מיט דער צייט פאַרוואַנדלט אין אַ גרעסער אָדער קלענער רינגעלע אין דער קייט פון נייע סיבות[32].

---

(32) "The natural limitations of the human intellect make it impossible to calculate and control the results of human action. Once the action is performed, it becomes an independent force, creating changes, provoking actions and colliding with other forces, which the actor may or may not have foreseen and which he can control but to a small degree. These factors lying beyond human foresight and influence deflect the action from its intended goal and create evil results of good intentions."

ETHICS AND POLITICS by HANS MORGENTHAU UNIVERSITY OF CHICAGO: From the symposium "Approaches to group understanding". HARPER 1947 (p. 331).

קיין שום טעאָריעס פון סאָציאַלע באַציוּנגען קאָנען זיך שטרענג נישט אָנשפּאַרן אויף קיין ריין אָביעקטיוו־וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, ווי די עקזאַקט לאַבאָראַטאָריש־אויסגעפּראָבירטע און באַשטעטיקטע וויסנשאַפטן. וויפל אמת עס זאָל נאָר נישט ליגן אין דער מאַרקסיסטישער היפּאָטעזע, אַז די פּראָדוציר־באַדינגונגען רופן אַרויס באַשטימטע פּראָ־דוציר־באַציוּנגען און אַז די געענדערטע פּראָדוקציע־באַדינגונגען שאַפן אַ ווידערשפּרוך, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין קלאַסן־קאַמף, אַז אונטער געוויסע גינסטיקע באַדינגונגען באַוועגט דער קאַמף דעם גאַנצן סאָציאַלן אָרגאַניזם. עס זאָל הייסן, אַז דער שטענדיקער ווידערשפּרוך צווישן די פּראָדוקציע־באַדינגונגען מיט די פּראָדוקציע־באַציוּנגען ברענגט אין באַ־וועגונג די געזעלשאַפט. — וויפל אמת ס'זאָל נאָר נישט ליגן אין דעם גע־דאַנק, דאָך זענען אָבער אין פּראָצעס פון סאָציאַלע ענדערונגען אויך פאַראַן אומצאָליקע אַנדערע בייפאַקטאָרן. די דאָזיקע בייפאַקטאָרן שטאַמען פון דער מענטשלעכער סוביעקטיווער קעגנווירקונג. דער מענטש, זיינע אידעען און זיין מאָראַליש־עטישע באַציוּנג איז נישט בלויז א פּועל־יוצא, נאָר אויך א סיבה. ער איז נישט בלויז אַ בלינדער געוויקס פון לעבן, נאָר שאַפט, ענדערט און פאַרמירט דאָס לעבן. דער מענטש פאַרקערעוועט אָפט די אַנטוויקלונג אויף וועגן, נישט פאָרויסגעזעענע דורך די ווירקנדיקע פאַקטאָרן פון עקאָנאָמישן דעטערמיניזם [33].

אויב די עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, וואָס ווירקן אויפן מענטש, קאָנען נאָך טיילווייז וויסנשאַפטלעך אַנאַליזירט ווערן, קאָן אָבער די מענטשלעכע רע־אַקציע, זיין אָפּרוף אויף די אויסערלעכע ענדערונגען, וואָס דריקט זיך אויס אין זיין קעגנווירקונג, אינגאַנצן נישט געוויוגן און געמאָסטן ווערן. די מענטשלעכע רעאַקציע איז נישט אַלעמאָל די זעלבע, אונטער די זעלבע סאָציאַלע סביבה־ווירקונגען.

עס שטעלט זיך דעריבער אַ פראַגע, אויב דער פאָרשער, וועלכער מוז באַטראַכטן די פאַקטן, סיבות און דערשיינונגען דורך דער פּריזמע פון זיין פאַראייגנטן קוק־ווינקל, פון זיין וועלט־אָנשויונג, — אַנדערש קאָן דאָס גאָרנישט מעגלעך זיין — איז בכוח צו פאַרבינדן די באַזונדערע פאַקטן,

---

(33) Our deeds determine us, as much as we determine our deeds".

GEORGE ELIOT. Adam Bede.

אָפּוואַרפן דאָס צופעליקע, כדי צו שאַפן אַ געזעץ, וואָס זאָל דערקלערן ריין אָביעקטיוו־וויסנשאַפטלעך, נישט בלויז אַ וויכטיקן איינזייטיקן טרייב־כוח פון די סאָציאַלע ענדערונגען, נאָר דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון טרייב־כוחות, אַריינגערעכנט אויך דעם מענטש און זיין קעגנווירקנדיקן כוח. די ווירקנדיקע סיבות, וואָס ברענגען דעם מענטש צו באַוועגן דעם סאָציאַלן אָרגאַניזם, קאָן מען גיכער באַמערקן ווי די מענטשלעכע רעאַקציע, ווייל דער מענטש איז נישט קיין מעכאַניש וועזן, דעריבער קאָנען זיינע קעגנ־ווירקונגען אויף דער סביבה וויסנשאַפטלעך נישט געמאָסטן ווערן.

עס איז אַ גרויסע פראַגע, צי דער סאָציאָלאָג קאָן פאַרבינדן אַלע ווירקנדיקע כוחות: סאָציאַלע, היסטאָרישע און פסיכישע, אויפן זעלבן שטייגער ווי עס טוט דער נאַטורפאָרשער. סאָציאַלע „וויסנשאַפטן" קאָנען קיינמאָל נישט געוואויגן און געמאָסטן ווערן מיט דער עקזאַקטער וויסנ־שאַפטלעכער מאָס, ווי די פון כעמישע אָדער פיזיש־מאַטעמאַטישע אויס־גערעכנטע פּראָצעסן.

נישט בלויז קוקט דער סאָציאָלאָג און היסטאָריקער אויף דער קעגנוואַרט אין ליכט פון די פאַרגאַנגענע געשעענישן (דער היינט איז דאָך אַן אַרויסגעוואַקסענער פונעם נעכטן), נאָר דער היסטאָריקער קלייבט אָפּ די פאַקטן און רוקט אַרויס אין פאָדערגרונט יענע סיבות, וואָס פּאַסן זיך אַריין אין דעם פאָרשערס קעגנווערטיקער וועלט־אַנשויונג. דאָס מיינט, אַז ער קוקט נישט אויפן היינט, ווי בלויז אַן ארויסוווקס פון נעכטן, נאָר אויך פאַרקערט, ער קוקט אויפן נעכטן אין ליכט פון זיין סוביעקטיוון היינט, אין ליכט פון זיין פאַראייגנטער היינטצייטיקער וועלט־אַנשויונג. אַז דאָס איז פאַקטיש אַזוי, קאָן ווערן באַשטעטיקט דורך דער נישט־איינ־שטימיקייט, וואָס עס הערשט צווישן באַדייטנדיקע היסטאָריקער אין זייערע אינטערפּרעטאַציעס און אין זייער באַנעמען די פאַקטאָרן, וועלכע האָבן גורם געווען צו דער אָדער יענער היסטאָרישער דערשיינונג. די נישט־איינשטי־מיקייט איז נישט אַזאַ, וואָס קאָן געפינען אַ צד־השוה דורך לאָגישער אַרגו־מענטאַציע. די באַזונדערע אויסטייטשונגען זענען אַ פועל־יוצא סיי פון דער תקופה, אין וועלכער דער היסטאָריקער לעבט, פון זיין סביבה, ווי אויך פון די אינטערעסן און פאַרלאַנגען פון די, וואָס באַטראַכטן און אַנאַ־ליזירן די סאָציאַל־היסטאָרישע פּאַסירונגען. דערביי איז נישט פאַראַן קיין אונטערשיד צי דאָס זענען ריין־פּערזענלעכע מיינונגס־פאַרשידנהייטן אָדער אין דער קאַפּאַציטעט פון אַ גרופּן־אידעאָלאָגיע אָדער גאָר פון אַ הערשנ־דיקער אידעע פון אַ באַשטימטער צייט־סביבה. סאָציאָלאָגן און היסטאָ־

ריקער האָבן דעריבער פון איין זייט אַ נטיה צו קוקן אויפן היינט מיט די אויגן פונעם פאַראייגנטן נעכטן און פון דער צווייטער זייט, צו קוקן אויך אויפן נעכטן, אויף דער געשיכטע, מיט די אויגן פון היינט, פון אַ סוביעקטיוויזירטן באַנעמען דעם היינט. דאָס אינטערפּרעטירן און ציען שלוסן פונעם געוועזענעם קאָן דעריבער נישט פולשטענדיק פאַרוויסנשאַפטלעכט ווערן. פונקט ווי עס קאָן נישט מעגלעך זיין קיין אָביעקטיוו־וויסנשאַפטלעכער מעטאָד צו וועגן און מעסטן קעגנוואַרטיקע סאָציאַלע באַציונגען, אינעם אינטערפּרעטירן דעם היינט. סאָציאַלע געשעענישן און באַציונגען, פאַרגאַנגענע פונקט ווי איצטיקע, ווערן אויף אַזויפיל אופנים אויסגעטייטשט, אַז זיי רעפלעקטירן די באַזונדערע פאַראייגנטע קוק־ווינקלען פון די טייטשער. ווען עס קומט צו מענטשלעכע צווישנבאַציונגען איז דער באַגריף „אמת" אַזוי פילגעשטאַלטיק, ער האָט אַזוי פיל ניואַנסן, אויף וויפל עס זענען פאַראַן אָבסערוויר־ווינקלען.

דאָס באַנעמען די געקייטלטקייט פון געשיכטלעכע פּראָצעסן איז אַלעמאָל איינגעמויערט אין די קעגנוואַרטיקע נויטן, ווענעמס צילן די געשיכטע דאַרף באַדינען. געשיכטע דינט אַלס אַ מעכטיקער אינסטרומענט אויף צו פאָרמירן דעם מאָרגן. יעדע גרופּע, וואָס שטעלט זיך באַשטימטע סאָציאַלע צילן, נוצט געשיכטע אויף צו פאַרפעסטיקן אירע אייגענע אידעיִשע איינשטעלונגען. געשיכטע באַווייזט, אַז מען קאָן מיט איר הילף באַרעכטיקן פיל ווידערשפּרעכנדיקע אידעיִשע צילן, פונקט ווי דער נעכטן איבט אויס זיין השפעה אויפן היינט, אַזוי איבן אויך אויס די ווידערשפּרעכנדיקע נויטן פון היינט אויף די אינטערפּרעטאַציעס פון די געשעענישן פונעם נעכטן. דער געשיכטלעכער אוצר איז אַזוי גרויס, אַז יעדער קאָן פון דאָרט נעמען וואָס ער וויל נאָר, כדי צו באַדינען זיינע קעגנוואַרטיקע סאָציאַלע צילן.

אויף וויפל דער פאַרשוווּנדענער נעכטן לעבט נאָך, לעבט ער בלויז אין דעם פאַרשידנאַרטיקן ווידערשפּרעכנדיקן היינט. אונדזערע פּערצעפּציעס פונעם נעכטן ענדערן זיך צוזאַמען מיט אונדזערע פּערצעפּציעס פונעם היינט און אונדזערע צילן פאַרן מאָרגן. דער באַוווּסטער אַמעריקאַנער היסטאָריקער טשאַרלס ביערד לייקנט טאַקע פולשטענדיק אָפּ די אַבסאָלוט וויסנשאַפטלעכע אָביעקטיווקייט פון דער געשיכטע־פאָרשונג [34].

---

(34) "History as it actually was is not known and cannot

דורך דער וויזיע פונעם היסטאָריקער שטייען אויף די אויסגעטרי־קנטע ביינער פון די פאַרגאַנגענע דורות תחית־המתים. ער בלאָזט אין זיי אַריין לעבן, און ער זוכט אין די באַלעבטע ביינער אַן ענטפער אויף צו־באַלייכטן היינטטאָגיקע פּראָבלעמען, וואָס דאַרפן זיין אין האַרמאָניע מיטן באַטראַכטערס אידעישע איינשטעלונגען. אינטערפּרעטאַציעס פון דער פאַרגאַנגענהייט ווערן באַנוצט אויף צו מאַכן אַ דיאַגנאָז פון דער קעגנ־וואַרט, כדי צו קאָנען פאָרויסזאָגן די צוקונפט. דער דיאַגנאָז מוז זיך האַר־מאָניזירן מיטן היסטאָריקערס קוק־ווינקל [35].

אויף וויפל עס איז יאָ פאַראַן ביים היסטאָריקער אַ באַגרענעצטע אָביעקטיווקייט, איז זי אינגאַנצן אַנדערש פון דער אָביעקטיווקייט פון די עקזאַקטע וויסנשאַפטן. עס איז ריכטיק, אַז יעדער באַדייטנדיקער היסטאָ־ריקער וואַרפט אַנטשידן צוריק פּאַרטייאישע און טענדענציעזע געשיכטע־פאָרשונג, דאָך איז ביי יעדן היסטאָריקער פאַראַן אַ באַשטימטע מאָס פון טענדענציעזקייט, אומבאַמערקט אפילו פאַר דעם פאָרשער גופא. דער פאָר־שער מוז באַטראַכטן היסטאָרישע פּראָצעסן אין ליכט פון זיין אייגענעם פאַראייגנטן היינט. די סוביעקטיווקייט פון יעדן סאָציאָלאָג און היסטאָ־ריקער וואָלט מען אפשר אין אַ געוויסער מאָס געקאָנט פאַרגלייכן צו דער עמאָציאָנעלער סוביעקטיווקייט פונעם קינסטלער. מיר האָבן נישט קיין אַבסאָלוטע מאָס, מיט וועלכער מיר קאָנען שטעמפּלען די טענדענציעזקייט פון עכטן גרויסן היסטאָריקער אַלס שקר. אויך דורך דער שאַפונג פונעם קינסטלער ווערט אויסגעדריקט דעם שאַפערס סוביעקטיווקייט און עמאָ־ציאָנאַליזם און דאָך דרינגט ער אַריין מיט זיין וויזיע טיף אינעם לעבן. די קונסט באַהעפט אונדז מיט דער טיפעניש פון שטיקער לעבן. אַזוי איז אויך מיט דער אַרבעט פון גרויסן טיפזיניקן ערלעכן סאָציאָלאָג און היס־

---

be known".

CHARLES BEARD. The Discussion of Human Affairs. N. Y. 1936. p. 87.

(35) "The aim is rather to defend a preconceived hypothesis by dressing up the past in its favor, to make a case, to build a system for the future by providing ready made historical diagnosis, a semantic of historical slogans".

MARIE COLLINS SWABEY. The Judgment Of History.

טאָריקער. כאָטש זיינע פאָרשונגען ווערן ביז געוויסע מאָסן דיקטירט דורך אַן עמאָציאָנעל דיקטירטער לאָגיק, די שלוסן זענען איינגעפּאַסט אין אַ פאַראייגנטער וועלט־אָנשויונג, דאָך וויקלען זיי פאַר אונדז אויף שטיקער פון געוועזענעם און איצטיקן לעבן און זייערע אינערלעכע שייכותן. פּונקט ווי די קונסט קאָן נישט פאַרוויסנשאַפטלעכט ווערן, אַזוי קאָנען די רעזולטאַטן פונעם היסטאָריקערס אַלגעמיינע שלוסן נישט אַריינגעפּאַסט ווערן אין קיין אַבסאָלוט וויסנשאַפטלעכער ראַם.

די אָנווענדונג פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם צו געשיכטע־פאָרשונג האָט בלי־ספק אויפגעדעקט פאַר אונדז „געוויסע" טיילווייזע רעגולער־געזעצן. דורך די געזעצן קאָנען מיר דערזען באַגרענעצט „געוויסע" טרייב־כוחות אין דער סאָציאַלער אנטוויקלונג. דאָס איז אַ גרויסער צושטייער צו דער פאָרשונג פון געשיכטע. עס זענען אָבער דערביי אויך פאַראַן אַ ריי ערנסטע אויסזעצונגען: ערשטנס, זענען די היסטאָרישע געזעצמעסיקייטן, ווי געזען און אַנאַליזירט אין ליכט פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, נישט פאָרגעקומען ווי קיין גלייך אויסגעגאָסענע. נישט אַלע לענדער און פעלקער האָבן אין זייערע אַנטוויקלונגען דורכגעמאַכט די זעלבע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאָרמאַציעס. אין די גרעסטע טיילן פון דער וועלט האָט זיך די געשיכטע אויסגעגאָסן אויף אַ גאַנץ אנדערן אופן און אין אַנדערע טייך־בעטן, ווי אין די לענדער פון דער מערבדיקער ציוויליזאַציע. צווייטנס, איז די געזעצמעסיקייט, אינעם איבערגאַנג פון איין סאָציאַל־עקאָנאָמישער פאָרמאַציע אין אַן אנדערער און די טרייב־כוחות, וועלכע האָבן פאַראורזאַכט די ענדערונגען, ווייט נישט אויסשעפּנדיק און אַלץ־אַרומנעמענדיק. אויך דאָס צופעליקע, וואָס דער מעטאָד פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם ווארפט אָפּ, אָדער נעגירט, כדי צו קאָנען שאַפן אַ צענטראַלן רעגוליר־געזעץ, טראָגט אויך צו אַ באַשטימטן בייטראַג צום „פאַרוואָס" אין דער געשיכטלעכער אנטוויקלונג. אויך די צופעליקייטן טראָגן צו אַ געוויסע מאָס באַהייצונגס־כוחות צום היסטאָרישן לאָקאָמאָטיוו.

מיר קאָנען טאַקע נישט אָפּלייקענען דעם פאַקט, אַז די געזעלשאַפטלעכע, אָדער קלאַסן־באַציונגען, אַרויסגעוואַקסן פון די פּראָדוקציע־באַדינגונגען, טראָגן צו אַ באַדייטנדיק געוויכט אין שטויסן די געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג. דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם איז אָבער אַלץ נישט קיין אַלץ־אויסשעפּנדיקער פּרינציפּ, וועלכער זאָל זיין געניג פאַרזיכערט אויף צו זיין פעיק אַרומצונעמען די אָן אַ שיעור צופעליק־אויסזעענדיקע און דאָך ווירקנדיקע פאַקטאָרן, וואָס טראָגן צו זייער חלק צו די כוחות,

װעלכע באַװעגן די מענטשלעכע געשיכטע. אױך זײַטיקע פאַקטאָרן — װאָס שטאַמען מערסטנס פון נישט־פּאָרױסגעזעענע און נישט־פאָרױסגעמאָס־טענע מענטשלעכע צוריקװירקונגען אױף זײַן סביבה — זענען נישט קײן בלינדע צופאַלן. זײ האָבן אונטער זיך היסטאָרישע סיבות און שאַפן עפעקטן פון גרעסערער אָדער קלענערער באַדײַטונג.

די מאַרקסיסטישע געשיכטע־אינטערפּרעטאַציע איז נישט קײן אױס־נאַם. זי דרינגט אַרױס נישט אַזױ פיל פון דעם אָביעקטיװ־װיסנשאַפטלעכן אַנאַליז, נישט אַזױ פון דעם פאַרלאַנג, אז מיר זאָלן חלילה נישט פאַלש פאַרשטײן דעם נעכטן, כדי זיך צו דערגרונטעװען צום אַבסאָלוטן היס־טאָרישן אמת, נאָר גיכער פון דעם פאַרלאַנג אױף צו ענדערן די קעגנװאַרט. דער מאַרקסיסטישער מעטאָד איז רעאַליסטיש נאָר אױף אַזױ פיל, אױף װיפל מיר האָבן נישט קײן שום אַנדערן װעג אױף צו באַטראַכטן דעם נעכטן, װי נאָר דורך די אױגן פון אַ נישט סטאַבילן און נישט האַרמאָנישן הײַנט. די באַרעכטיקונג פון מאַרקסיסטישן מעטאָד פון געשיכטע־אינטער־פּרעטאַציע ליגט אױך אין דעם, װאָס אױך אַלע אַנדערע מעטאָדן זענען װײַט פון אַבסאָלוטער װיסנשאַפטלעכקײט. אױך אינעם „הײַנט" פאָרמירן זיך בײ פאַרשידענע געשיכטע־פאָרשער אַנדערע אידעישע „הײַנט"־אײַנ־פלוסן. זײערע באַציִונגען צום „איצט" פּונקט װי צום „פריער" װערן דורכגעזיפּט דורך גאַנץ פאַרשידענע אידעאָלאָגישע זיפּן. זײערע אינטער־פּרעטאַציעס זענען אָבער נישט אַלעמאָל צוגעבונדן צו די נױטן און באַ־דערפענישן פון זײערע קלאַסן־אידעאָלאָגיעס. דער היסטאָרישער פּערס־פּעקטיװ איז אין יעדער געשיכטע־פאָרשונג צוגעבונדן צו אַ הײַנט און איז אַ פּועל־יוצא פונעם פאָרשערס װעלט־אַנשױונג, פון זײַן סוביעקטיװער װעלט־באַנעמונג, פון זײַן אײגענעם הײַנט. מאַרקס האָט דאָס באַשטעטיקט דורך זײַן דערקלערן: „פילאָזאָפן זוכן װי אױסצוטײַטשן די װעלט, די זאַך איז װי אַזױ צו ענדערן די װעלט".

די אָנװענדונג פון היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישן מעטאָד צו דער פאָרשונג פונעם נעכטן שטעלט פעסט געװיסע געזעצמעסיקײטן אין דער געזעלשאַפטלעכער אַנטװיקלונג. געשיכטלעכע געזעצמעסיקײטן זענען אָבער װײַט נישט דאָס זעלבע, װאָס מעכאַנישע געזעצמעסיקײט פון אַ קאָמפּליצירטער מאַשין. דער אונטערשיד באַשטײט אין דעם, װאָס דעם מענטשס צוריקװירקונג אױף זײַן סביבה אין גאַנג פון דער געשיכטע איז נישט פון קײן װילנלאָזן מעכאַניזם. דאָס איז, װי שױן אַזױ פיל מאָל דער־מאָנט, אַ נישט מעסטבאַרער כוח, װאָס מאַכט צונישט יעדע געזעצמעסיקײט

אינעם געשיכטלעכן פּראָצעס. געשיכטלעכע געזעצמעסיקייטן זענען נישט די זעלבע, וואָס מיר אָבסערווירן אין די באַוועגונגען פון די פּלאַנעטן־ און זון־סיסטעם אָדער מאָלעקולאַרע באַוועגונגען. געשיכטע באַוועגט זיך נישט דורך די זעלבע רעגוליר־פּאַקטאָרן פון די זיך בייטנדיקע סעזאָנען, אָדער פון טאָג און נאַכט.

מאַרקס צושטייער צו דער געשיכטע־פאָרשונג, זיין אַנאַליז פון די באַוועג־כוחות פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, איז דעריבער ווייט פון וועלכער נישט איז שטרענג־וויסנשאַפטלעכער אָביעקטיווקייט. דאָס איז בלויז אַ לויז השערהדיקער מעטאָד, וואָס זוכט זיין שלימות און רעדוצירט זיך צו האַלבע אמתן; קיין וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן זענען נישט מעגלעך, און חזר, איבער נאָכאַמאָל, אַז דאָס איז צוליב דעם, וואָס די קעגנווירקונגען פון מענטש אַלס יחיד אויף זיין סביבה זענען נישט קיין פאָרויסגעזעענע און קיין וויסנשאַפטלעך געמאָסטענע. די קעגנווירקונגען זענען אַזוי שטאַרק פאַרשידן, מעגן זיי אַלע זיין צוגעבונדן און באַגרענעצט צו די זעלבע היסטאָרישע סביבה־באַדינגונגען און באַווירקט דורך די זעלבע קלאַסן־באַציונגען. די קעגנווירקונגען פון מענטש און סביבה לאָזן זיך נישט אַריינפּאַסן אין קיין שום באַגרענעצט געזעץ.

אויפן וועג צו די מענטשלעך געשטעלטע סאָציאַל־היסטאָרישע צילן ליגן זייער אַ סך אָבסטרוקציעס. זיי ליגן צעוואָרפן אויף נישט־אויסגע־טראָטענע וועגן. עס שאַפן זיך אָן אַ שיער נישט קיין פאָרויסגעזעענע סי־טואַציעס. דער מענטש קען אַמאָל יאָ און אמאָל נישט אַריבערשפּרינגען געוויסע סביבה־צוימען. דער מינדסטער אויסבויג פון אַן אָנגעצייכנטן היסטאָרישן ציל פאַרשלעפּט דעם סוף־פּונקט אין אַנדערע נישט־פאָרויס־געזעענע ווייטקייט־ריכטונגען. אויף וויפל עס איז יאָ פאַראַן אַ טיילווייזע רעלאַטיווע געזעצמעסיקייט אין דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג, אויף וויפל מיר קאָנען יאָ דערזען געוויסע באַוועג־פאַקטאָרן, קאָן מען אָבער נישט אַלעמאָל אָנווענדן די זעלבע געזעצן און מעכאַניש זיי אַריבערטראָגן אויף צו ריכטן און באַוועגן די קעגנוואַרט צו די זיך פאָרויסגעשטעלטע סאָציאַלע צילן. דער נעכטן איז טאַקע אַ טיילווייזער הילפס־פאַקטאָר אינעם פאַרשטיין דעם היינט, מיר קוקן אָבער אויך אויפן נעכטן מיט די אויגן פון אַ היינט. דערפאַר מיינט עס נישט, אַז מען קאָן מיט דער זעלבער מאָס פון אַ רעלאַטיוו היסטאָרישער געזעצמעסיקייט פאָרויסבאַשטימען די גענויע וועגן, וואָס פירן צו די מענטשלעך געשטעלטע צילן. די אויסגעטראָטענע וועגן פון די נעכטנס העלפן טאַקע בעסער צו באַנעמען דעם היינט, זיי־

שאַפן אָבער נאָך נישט קיין אַבסאָלוט וויסנשאַפטלעך אויסגעטראָטענע וועגן פאַרן מאָרגן.

כאָטש מיר באַטראַכטן דעם נעכטן אינעם ליכט פון אַ פאַראייגנטער היינטיקער אידעישער איינשטעלונג, וואָס איז אַלעמאָל סוביעקטיוו באַ־פאַרבט, דאָך קאָנען מיר זיך נאָך דערלויבן אַ רעלאַטיוו גרעסערע מאָס אָביעקטיוויקייט אין היסטאָרישע אַנאַליז, ווי ווען מיר באַטראַכטן קעגנ־ווערטיקע געזעלשאַפטלעכע באַציונגען. ווען מיר באַטראַכטן געזעלשאַפט־לעכע פּראָבלעמען אין רעטראָספּעקט, קאָנען מיר נאָך ביז אַ געוויסער מאָס זיך דערלויבן צו זיין שטרענגער אָפּגערוקט פון דער אייגענער באַציונג, פונעם סוביעקטיוויזם. מיר קאָנען זיך טיילווייז דערגרונטעווען צו „געווי־סע" באַגרענעצטע, גאַנץ לויז דעפינירטע רעגוליר־פאַקטאָרן אין דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג. מען קאָן אָבער נישט אַלעמאָל מעסטן מיטן זעלבן מאָס־שטעקעלע קעגנווערטיקע און נאָך ווינציקער, קומענדיקע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען. מיר קאָנען זיך נישט איינרעדן, אַז די זעלבע טיילווייזע לויז באַגרענעצטע רעגוליר־פאַקטאָרן פון דער געשיכטע קאָנען פאַר אונדז דינען ווי אַן אבסאָלוטער מורה־דרך צו אונדזערע געשטעל־טע צילן. אויב דער דיסטאַנץ־מעסטער פון אויטאָמאָביל קאָן מעכאַניש ציילן די שוין אָפּגעלאָפענע מיילן, מיינט עס נאָך נישט, אז ער קאָן אויך ציילן און באַשטימען די שנעלקייט און דיסטאַנץ און אויך געפינען די ריכטיקע וועגן פון דעם נאָך נישט דורכגעפאָרענעם פרעמדן און אומבאַ־קאַנטן מהלך. מאַרקסיסטן פּראָבירן אָבער, מיט אַ היסטאָרישער סכעמאַ־טישקייט און געזעצמעסיקייט, אינטערפּרעטירן דעם היינט, אויף צו באַ־געגענען דעם נאָך נישט באַקאַנטן מאָרגן.

די באַוווּסטזיניקע אידעישע איינשטעלונגען און קעגנווירקונגען פון מענטש אויפן געשיכטלעכן גאַנג זענען זייער אָפט גורם, אַז יחידים מיט שטאַרק ווירקנדיקע איינפלוסן טרעטן אָפּ פון די אָנגעצייכנטע פּערספּעק־טיווע רעלסן. עס שאַפן זיך נישט פאָרויסגעזעענע סיטואַציעס און רעזול־טאַטן, וועלכע ווענדן אָפּ דעם זיך פאָרגעשטעלטן היסטאָרישן גאַנג אויף זייטיקע וועגן און בייוועגן. אָט די שמאָלע היסטאָרישע ריטשקעלעך, גע־שאַפענע דורך דעם יחידס צוריקווירקן אויף זיין סביבה, ברייטערן זיך אָפּט אויס, צו הויפּט־וועגן, פאַר דער ווייטערדיקער היסטאָרישער אַנטוויק־לונג. דער מענטש איז טאַקע אַ פּראָדוקט פון זיין סביבה, דער „זיין" באַ־שטימט טאַקע דעם „באַוווּסטזיין", אָבער דער פארנעם פון דעם מענטשס באַוווּסטזיין און זיין קעגנווירקונג אויפן „זיין" קאָנען נישט זיין קיין

פּאָרויסגעזעענע און קיין געמאָסטענע. טעאָרעטיש גיט טאַקע דער מאַרק־סיזם צו, אַז מענטשן זענען נישט קיין מעכאַנישע װעזנס. דער מאַרקסיזם קאָן אָבער װיסנשאַפטלעך נישט פעסטשטעלן די גענויע כוחות־פאַרהעל־טענישן און דעם פּראָצעס פון דער סאָציאַלער אינטעראַקציע און מעסטן די איינפלוסן פון דער סביבה אויפן מענטש און פון מענטש אויף זיין סביבה.

די שטיינער, װאָס ליגן אויפן װעג פון דער געשיכטלעכער אַנט־װיקלונג, זענען פון פאַרשידנאַרטיקע און נישט פאָרויסגעזעענע גרויסן. די כוחות אויף צו באַזייטיקן די שטיינער זענען נישט אַלעמאָל די זעלבע, אַפילו װען זיי געפינען זיך אין די זעלבע אויסזעענדיקע באַדינגונגען. די שנעלקייט אָדער לאַנגזאַמקייט פון דער געשיכטלעכער מאָבילקייט זענען פאַרשידנאַרטיק און קעגנװירקנדיק. די טייך־בעטן פון די געשיכטלעכע װאַסערן גיסן זיך דעריבער אויס אין פאַרשידענע געדרייען פון װעגן און אומװעגן. פאַר די לעצטע הונדערטער יאָרן באַװעגט זיך אין אַלגעמיין די מענטשלעכע געשיכטע מיט אַן אַלץ פאַרגרעסערטער שנעלקייט. אונדזערע פאַרסטאַטיסט־װערנדיקע אידעישע איינשטעלונגען װערט אַלץ שװערער נאָכצולויפן די כסדר אַנטלויפנדיקע רעאַליטעטן. דאָס באַשװערט אַלץ מער אונדזער פאַרזוך פון װיסנשאַפטלעכער אָביעקטיװקייט. מיר קאָנען דערי־בער נישט באַטראַכטן פּראָבלעמען אַרויסגעװאַקסענע פון סאָציאַלע באַ־ציונגען אויף דעם זעלבן אופן װי מיר אונטערזוכן און אַנאַליזירן פיזיש־כעמישע פּראָצעסן. קיין שום טעאָריע, באַזירט אויף מענטשלעכע צװישנ־באַציונגען, איז נישט און קאָן נישט זיין קיין לאַבאָראַטאָריש אויסגעפּראָ־בירטע און מאַטעמאַטיש־אויסגערעכנטע און פעסטגעשטעלטע. לאָגיקער זאָגן אונדז, אַז א הנחה קאָן זיין אָדער ריכטיק אָדער פאַלש. זיי קאָנען נישט זען קיין שום אַנדערע צװישנאָמתן. דאָס קאָן אפשר זיין ריכטיק ביים אַנאַלי־זירן עקזאַקטע װיסנשאַפטן. װען עס קומט אָבער צו פּראָבלעמען פון סאָציאַלע באַציונגען, פון א סאָציאַל־דינאַמישער רעאַליטעט, דעמאָלט װערן שוין אפילו די רעאַלסטע און די זיכערסטע הנחות אונטערגעװאָרפן צו קװאַליפיקאַציעס און באַגרענעצונגען, װאָס מוזן ענדערן די דעדוקציעס פון די אָריגינעלע הנחות. די סאַמע װיסנשאַפטלעכסטע װעלט־אָנשויונג גרענעצט זיך מיט אוטאָפּיזם.

אַן אוטאָפּישע אידעע איז אַזאַ, װאָס שטימט נישט פולשטענדיק מיט דער פאַראַנענער רעאַליטעט. דאָס הייסט װען די סאָציאַלע אידעע אַדאָפּטירט זיך נישט צו די באַדינגונגען פון אַ באַשטימטער צייט. אוטאָ־

פיש רופן מיר אָן יענע סאָציאַלע אידעען און ענדצילן, וואָס קאָנען נישט שאַפן די נייטיקע האַרמאָניע מיט דער רעאַליטעט. ווען מיר באַטראַכטן גענויער די געשיכטע פון סאָציאַלע אידעען, הייבן אָן צו פאַרשווינדן די גרענעצן צווישן אַקטיוו אוטאָפּישע און נישט אוטאָפּישע אידעען. אויך די אַזוי גערופענע אוטאָפּישע אידעען, אַזעלכע וואָס האָבן באַקומען זייער אויסדרוק בלויז אין דער מחשבה, אין די שטרעבונגען, האָפענונגען און בענקענישן פון אַ פאָלק, קלאַס, סעקטע אָדער גרופּע — האָבן כאָטש זייער נישט רעאַליזירן זיך אין מעשים, דאָך איבערגעלאָזט אַ באַשטימטן גרע־סערן אָדער קלענערן איינפלוס, וואָס האָט סוף־כל־סוף צוגעטראָגן אַ גע־וויסן חלק אין דער איבערפאָרמירונג פון דער רעאַליטעט. אפילו די נישט רעאַליזירבאַרע אידעען העלפן אויף אַ געוויסן אופן ברעכן די גרענעצן פון אַן עקזיסטירנדיקן סדר.

יעדער סאָציאַל־אידעישער באַנעם, מער „ראַציאָנאַליסטישער" אָדער מער „אוטאָפּישער", טראָגט צו אַ באַשטימטן כוח אינעם ענדערן די רעאַליטעט, ווייל אויך די פאַרשידענע אידעישע שטרעמונגען זענען אַ טייל פון די ווידערשפּרעכנדיקע רעאַליטעטן און באַווירקן דירעקט אָדער אומדירעקט איר אויסשטאַלטונג. אין לויף פון דער מענטשלעכער געשיכטע זענען זייער פיל קאָנקרעטע פאָרמען פון סאָציאַלן לעבן אויסגעפאָרמירט געוואָרן דורכן איינפלוס פון וועלט־אָנשויונגען, וואָס זענען באַטראַכט גע־וואָרן אַלס אוטאָפּיש. דאָס הייסט פון אַזעלכע, וואָס האָבן אין זייערע אי־דעישע גאַנצקייטן נישט האַרמאָניזירט און נישט אַדאָפּטירט געוואָרן פון די היסטאָרישע רעאַליטעטן. ישעיהס נביאות זענען באַשטאַנען פון אַ פּרעכטיקער אוטאָפּיע, וואָס האָט זיך ביז איצט אַלץ נישט רעאַליזירט. דאָך האָט דער איינפלוס פון די נביאים באַגייסטערט אַזוי פיל דורות קעמפער און טרוימער פאַר גערעכטיקייט. איז כאָטש נישט דערגרייכנדיק דעם אידעאַלן ענדציל, האָט דאָך איבערגעלאָזט אַ פּערמאַנענטע השפּעה אין דעם אידעען־געראַנגל פון פאַרשידענע היסטאָרישע רעאַליטעטן.

אויך די אַזוי גערופענע רעאַליסטישע סאָציאַלע אידעען, אויסגע־דריקט אין סאָציאַלע „איזמס", האָבן זיך היסטאָריש פאַרוואַנדלט אין או־טאָפּישע און אין האַלבע און ברעקלעך אמתן, ווען זיי האָבן געפּראָבירט גיין דעם גאַנצן וועג. דער אויסגאַנג־פּונקט פון די רעאַליסטישערע אידעאָ־לאָגיעס זענען טאַקע אָנגעשפּאַרט אויף טיילווייזע רעאַליסטישע הנחות, אָבער דערגרייכנדיק דעם אייגענעם סוף־פּונקט, אין פּראָצעס פון דער

טיילווייזער רעאַליזירונג, האָבן זיך געביטן די רעאַליטעטן, אויף וועלכע די לכתחילהדיקע הנחות האָבן זיך אָנגעשפּאַרט.

אַלע סאָציאַל־אָפּאָזיציאָנעלע אידעען־איינשטעלונגען, ווען זיי ווערן אויסגעשטאַלטיקט אין אַן „איזם", מוזן אין פּראַקטישן פּאַרזוך זיך צו רעאַליזירן, דאָס הייסט אינעם איבערגאַנג פון דער מחשבה צו מעשים, טיילווייז פּאַרלירן דעם קאָנטאַקט מיט דער רעאַליטעט. דאָס איז הויפּטזעכלעך דערפאַר, ווייל דער אינהאַלט פון ציל איז אַן אָפּנייגונג פון דער פּאַראַנענער רעאַליטעט. פון איין זייט האַרמאָניזירן נישט די צילן מיטן קעגנוואַרטיקן סדר, און ווען די מיטלען ווערן יאָ צוגעפּאַסט צו דער דינאַמישער רעאַליטעט, שאַפט דאָס אַלעמאָל אַ געוויסע אָפּנייגונג פון די לכתחילהדיקע פּאַראידעאַליזירטע צילן.

פּונקט ווי די אוטאָפּישע אידעאָלאָגיע, ווען זי פּראָבירט איבערגיין צו מעשים, שפּאַרט זיך אָן אויף דעם כוח פון דער פּערזענלעכקייט דורכצוברעכן די סביבה־צוימען, אַזוי אויך דער „וויסנשאַפטלעכער" סאָציאַליזם גיט איבער אין די הענט פונעם פירער, פון דער היסטאָרישער פּערזענלעכקייט, דורכצוברעכן די צוימען, וואָס ליגן אויפן וועג צו די געשטעלטע צילן. עס הערשן די זעלבע ווידערשפּרוכן ביי ביידע, ביים מאַרקסיזם, פּונקט ווי ביים אוטאָפּיזם; דער מענטש איז אַ רעזולטאַט פון דער פּאַרדאָרבענער סביבה, און דער זעלבער מענטש, דער אַרויסגעוואַקסענער פון דער שלעכטער סביבה, דאַרף דאָס ענדערן די געזעלשאַפט און שאַפן די אידעאַלע באַציונגען. די היסטאָרישע אַנטוויקלונג איז אימפּאָטענט אָן דעם פירער.

אַ פּאַרענדיקטער סאָציאַלער וועלט־באַנעם, אַן אידעאָלאָגיע, איז אַלעמאָל ביז געוויסע גראַדן אָנגעשפּאַרט אויף אַ רעאַליטעט. די רעאַליטעט איז אָבער צוליב איר דינאַמישקייט אַ שטאַרק באַגרענעצטע. די סאָציאַלע אידעען, וואָס שפּאַרן זיך טאַקע אָן אויף דער רעאַליטעט, הענגען אַריבער פון ביידע זייטן רעאַליטעט, אָן וועלכן עס איז פּאַקטישן רעאלן אָנשפּאַר.

קיין מענטש, מיט דער געניאַלסטער מחשבה, איז אין די קאָמפּליצירטע פראַגן פון מענטשלעכע צווישנבאַציונגען נישט קיין ריין לאָגישע קאַלקולאַציע־מאַשין. ער מוז אין אַלע זיינע באַטראַכטונגען אַריינטראָגן זיין פּערזענלעך סוביעקטיוון עלעמענט, זיין עמאָציאָנעלן אורטייל און פּאַראורטייל, וואָס איז נישט דווקא געבונדן צו דער אידעאָלאָגיע פון זיין קלאַס. עס איז נאָך נישט געוועזן קיין סאָציאַלער פילאָזאָף, וועמענס געדאנקען און „לאָגישע" שלוסן פון דער מחשבה זאָלן לויפן אויף היפּוכדיקע

רעלסן פון זיינע געפילן, פון די באַציונגען פון מענטשלעכן האַרץ. פאַר־קערט, די שכלדיקסטע מחשבה מאכט אַלע אָנשטרענגונגען אויף צו באַ־רעכטיקן און אויף צו ראַציאָנאַליזירן דעם סוביעקטיוון עמאָציאָנאַליזם. דער ריינער שכל־הישר, וואָס ווערט אַזוי אָפט פארגלאָריפיצירט אַלס גרויסער מענטשלעכער וועגווייזער, געפינט זיך אין סאָציאַלע באַציונגען אין שאָטן און שפּילט אַ סובאָרדינירנדיקע ראָל. די הויפּט־שוואַכקייטן פון יעדער סאָציאַלער אידעאָלאָגיע, געבויט אויף פאַרשכלדיקטע מסקנות, ליגט אין דער גענעראַליזאַציע און באַשטייט פון איבערשאַצונג און שטאַרק איבערגעטריבענע זיכערקייט פון אייגענעם אמת, וואָס מוז זיך רעדוצירן צו האַלב־אמת. אין יעדער אידעאָלאָגיע געפינט מען אַ קאָמבינאַציע און אַן אויסמיש פון פאַקטן, טעאָריע, ציל און אַלטערנאַטיוו, און דאָס אַלץ איז אונטערגעשפּאַרט מיט דער פּאָטענץ פון פּערזענלעכער זעלבסטבאַפרידי־קונג. דער מענטש שאַפט אַלעמאָל אַ ראַציאָנאַליזירטע האַרמאָניע צווישן די הויכע אומפּערזענלעכע, ריין עטישע אידעאַלן, מיט אַ געווויסער פּאָטענ־ציעל־באַפרידיקנדיקער אייגננוציקייט.

אינעם קאָנפליקט פון מיינונגען און אידעאָלאָגיעס וויל יעדער צד אַרויסווייזן, אַז ער ווערט געפירט פון אומבאַשטרייטבאַרע פאַקטן, אַז זיינע באַציונגען צו די פאַקטן קומען פון ריינעם שכל, אָן וועלכן עס איז צומיש פון זיין פאַראייגנטן, אײנזייטיקן סוביעקטיוויזם. יעדער צד זוכט אַלעמאָל צו באַווייזן, אַז זיינע מיינונגען זענען אַזוי אמתדיק ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר. יעדער דיסקוטירנדיקער צד איז ביי זיך זיכער, אַז ער אַליין פאַרטרעט דעם ריינעם „אמת". ער איז זיכער, אַז ער ווערט געפירט דורך זיינע איי־גענע ריין־שכלדיקע קאַלקולאַציעס. פאַקטיש איז זיין גאַנצע לאָגיק איינגע־שפּאַנט אין וואָגן פון זיין עמאָציאָנעלער באַציונג, כדי זיך צו קאָנען זעלבסט באַרעכטיקן. דער שטאַרק פאַרגעטערטער וועגווייזער — דער אַבסאָלוטער שכל, האָט נישט קיין גרעסערע פאַרדינסטן אין באַלייכטן די גרויסע פּראָבלעמען, וואָס שטאַמען פון מענטשלעכע צווישנבאַציונגען, ווי די וויזיע, די פאָרשטעלונג, ווי די פּאַרסוביעקטיווירטע מאָראַליש־עטישע פּרינציפּן. די וויזיע, אַ ריין סוביעקטיווער פענאָמען, שניידט זיך אַריין פיל טיפער אין דער צוקונפט, ווי די סאַמע שכלדיקסטע קאָמבינאַציעס[36].

(36) "In the study of ideas it is necessary to remember that insistence on hardheaded clarity issues from sentimental feeling.

די וויזיע איז אָן און פאַר זיך אַ גרויסער שעפערישער דעצידירנ־דיקער כוח אין סאָציאַלן לעבן. די וויזיע דריקט אויס דעם אידעאַל, וואָס טראָגט מיט זיך א צוזאָג פארן עתיד. די וויזיע רעגט אָן דעם מענטש צו געוואָגטע מעשים, וואָס שפּרייזן אָפּט ווייט אַריבער די סביבה־צוימען. אָן וויזיע איז נישט מעגלעך קיין שום סאָציאלער פּראָגרעס. „באין חזון יפרע עם״ (משלי כ״ט. 18) (אָן וויזיע ווערט דאָס פאָלק פאַרגרעבט).

דאָס אַלץ מיינט אָבער נישט, אז מיר דארפן אינגאַנצן נעגירן דעם גרויסן ווערט פון שכלדיקע שלוסן, וואָס מיר ציען פון באַוויזן און פאַקטן. דאָס מיינט נישט, אז מיר דארפן אונטערשאצן דעם כוח פון דער שעפערי־שער מחשבה. דאָס מיינט אָבער יאָ, אַז אין פראַגן, וואָס וואקסן אַרויס פון סאָציאלע צווישנבאַציונגען, טאָרן מיר נישט איבערטרייבן אין דער פאַר־געטערונג פון ריינעם אַבסאָלוטן שכל, אין וועלכן עס איז פאַרוויקלט דער גאנצער אמת. מיר דארפן מאַכן א פארזוך צו דערזען ווי ווייט מעגלעך די קעגנזייטיקע שייכותן אין דעם איינפלוס פון דעם סוביעקטיוויזם אויפן דענקען אין די „סאָציאַלע וויסנשאַפטן״. מיר דאַרפן בלויז דערזען, אַז פונקט ווי דער עמאָציאָנעלער און סוביעקטיווער אידעאַליזם איז אַן אַרויסוווקס פון קאָנקרעטע און רעאלע סיבות, אזוי ווערט אויך די רעאַליטעט פאַר־מירט פון מענטשלעכן סוביעקטיוון אידעאַליזם.

די עקזאַקטע וויסנשאַפטן, אַזוי שנעל ווי זיי געפינען זיך שוין מער נישט אין צושטאַנד פון השערהדיקייט, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך שוין לאבאָראַטאָריש באשטעטיקט, האָט שוין דאָס עמאָציאָנעל סוביעקטיווע לגמרי קיין שליטה נישט. דער וויסנשאַפטלער רעדט קיינמאָל נישט מיט קיין פולער זיכערקייט וועגן סברות, ווען די דערשיינונג איז נאָך נישט קיין באשטעטיקטע און געפינט זיך נאָך אין לאבאָראַטאָרישן צושטאַנד. דער־סאָציאָלאָג־טעאָרעטיקער מאכט אָבער פון סברות פאראייגנטע און זיכערע אמתן. נאָך מער, ער זוכט זיין סוביעקטיוון אמת צו פאַרקויפן זיינע מיט־

---

as it were a mist, cloaking the perplexities of facts. Insistence on clarity at all costs is based on sheer superstition as to the mode in which human intelligence functions. Our reasoning grasps at straws for premises and floats on gossamers for deductions.

A. N. WHITEHEAD — Adventures of Ideas
Cambridge University Press 1933 — p. 91.

מענטשן, ווי ריינער אומבאַשטרייטבאַרער, ריין אָביעקטיוער וויסנשאַפט־לעכער אמת. דער אידעאָלאָג מיסרעפּרעזענטירט דעריבער זיין סחורה. דער וויסנשאַפטלער וועגט און מעסט די סיבות פון אַ דערשיינונג מיט דער גענויסטער מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט. ער באַטראַכט דעם פּראָצענט־חלק פון יעדער סיבה, וואָס האָט נאָר צוגעטראָגן צו דער דערשיינונג און די רעלאַטיווע שייכותן צווישן די באַזונדערע סיבות. אינגאַנצן אַנדערש זענען די אַנאַליזן פון דערשיינונגען, וואָס וואַקסן אַרויס פון סאָציאַלע צווישנבאַציונגען: אין געביטן פון סאָציאָלאָגיע, עקאָנאָמיע און פּאָליטיק, קולטור און עסטעטיק, מאָראַל און עטיק. סאָציאַלע טעאָריעס זענען אַלעמאָל איינגעראַמט אין אַ פּאַראַייגנטער וועלט־אָנשויונג און קאָנען זיך קיינמאָל נישט אַרויסדערהייבן צום אַבסאָלוט אָביעקטיוון פּונקט, ווי עס קאָנען די־עקזאַקטע וויסנשאַפטן. ווי גרויס עס זאָלן נאָר נישט זיין ביים באַטראַכטער די סאַמע ערלעכסטע אָנשטרענגונגען אויף צו דערגרייכן ריין־וויסנשאַפט־לעכע מסקנות אין סאָציאַלע צווישנבאַציונגען, מוזן זיך אַלץ אַריינרייסן עמאָציאָנעל־סוביעקטיווע טענער. דער באַטראַכטער קאָן נישט זען די פּראָבלעמען פון קיין שום אַנדער קוק־ווינקל, ווי נאָר דורך דער אייגן־פּאַראייגנטער וועלט־אָנשויונג. די פאַקטן ווערן אַזוי צוגעקליבן, אַז זיי זאָלן זיך אַריינפּאַסן אין די טיילווייז פאָרויסבאַשטימטע מיינונגען פונעם באַטראַכטער. די לאָגיק, וואָס באַרעכטיקט, פאַרטיידיקט אָדער באַקעמפט אַ באַשטימטע סאָציאַלע אידעע, איז אַלעמאָל אַן איינזייטיקע, אַ סוביעק־טיווע, אַן עמאָציאָנעל באַאַרבעטע. דער באַטראַכטער איז נישט קיין מענטש פון קיין אַנדערן פּלאַנעט. ער אַליין שטייט אין געוויסע סאָציאַלע באַ־ציונגען, דער אָבסערווירער איז אַלעמאָל אַ באַשטאַנדטייל פונעם אָבסער־ווירטן. די אָביעקטיווקייט פון אַן „איזם" איז פּונקט ווי די אָביעקטיווקייט פון אינטראָספּעקציע. איןביידע פאַלן איז דער פּערספּעקטיוו פונעם באַ־טראַכטער אַ ריין סוביעקטיוו פּאַראייגנטער. ער מוז אַריבערשפּרינגען זיך זעלבסט. דער סוביעקטיוויזם ווערט געשפּייזט: פון פריער צוגעוווינטן, פון דערציונג און סביבה, פון דער אַלגעמיין אקצעפּטירטער מיינונג, פון ווידערשפּעניקייט און פאָראורטייל, פון זעלבסטבאַגייסטערונג און זעלבסט־אַרויסווייז, פון אייגננוציקייט, פון אַ דעמאַגאָגיש פּוסטן ווערטער־געדריי, פון ליבע און האַס און גאַנץ אָפט אויך פון דעם איינפלוס פון אַ דאָגמאַטי־שער פּראַזעאָלאָגיע. צו דעם אַלעם קומט נאָך צו די מענטשלעכע נטיה פון גענעראַליזאַציע. אָט דאָס אַלץ מישט זיך אַריין און מישט זיך אויס אינעם פּאַרזוך פון זוכן אַ וועג צו די געגאַרטע מענטשלעכע צילן, צו זוכן אַן

„אמת". אויף די אלע נישט צו רעאלע הנחות פּראָבירט דער מענטש בויען זיינע לאָגישע דעדוקציעס.

דער סוביעקטיוויזם, ווי פּאַרפירעריש און איינזייטיק ער קאָן צייטנווייז זיין, קאָן אָבער נישט און טאָר נישט באזייטיקט ווערן אלס ווירקנדיקער איינפלוס אין פּראָבלעמען, וואָס שטאַמען פון מענטשלעכע צווישנבאַציונגען, ווייל ער קאָן נישט און טאָר נישט באַזייטיקט ווערן פון אונדזער באַציונג צום אַרום. דער סוביעקטיוויזם, וואָס קומט צום אויסדרוק דורך דער פּאראייגנטער פּריזמע, שלעפּט אלעמאָל צו זיך צו דאָס וואָגציננגל פון אורטייל און פּאָראורטייל מיט פיל מער כוח, ווי די שטרענגסטע אָביעקטיוועסטע כוחות.

יעדער געזעלשאַפטלעכער „אמת" איז געבויט אויף אַ הנחה, וואָס איז אין לעצטן סך־הכל השערהדיק און פּראָוויזאָריש. אַבסאָלוט גאַנצער אמת אין סאָציאָלאָגישע טעאָריעס איז אַ געגאַרטער אָבער נישט קיין דערגרייכבארער אידעאַל. דאָס איז הויפּטזעכלעך דערפאַר, ווי שוין אַזוי פיל מאָל דערמאָנט, ווייל דאָס מענטשלעכע צוזאַמענלעבן, די סביבה־רעאַליטעט איז נישט פאַרפיקסירט, נאָר געפינט זיך אין אַ שטענדיקן פלוס, בעת דער מענטשלעכער שליסל־לאָך ווערט אידעיש אַלץ מער פאַרפיקסירט.

וואָס מער דערפאַרונגען עס זאַמלט אָן אַ קיבוץ, אַלץ מער ווערט דער קיבוץ געבראַכט אין באַוועגונג. דערפאַרונגען און איבערלעבונגען פון א סאָציאלן אָרגאניזם שלאָגן אים אלץ מער ארויס פון זיין רעלאטיווער סטאטישקייט. דערפארונגען און איבערלעבונגען זענען אייגנטלעך נישט מער ווי דער הייך־מאַטעריאל פאר דער מאָבילקייט פונעם כלל. דאָס איז אָבער נישט אלעמאָל אָנווענדבאר אויפן לעבן פון יחיד. די איינדרוקן און דערפאַרונגען, וואָס גיסן זיך אַריין אינעם באַוווסטזיין פונעם יחיד, וואָלטן טאקע על־פּי־שכל באדארפט האָבן א דינאַמישע ווירקונג אויף צו ברענגען אין באַוועגונג זיין פון פריער אידעישן איינשטעל. אין דער נאָרמאַלער פּראקטיק אָבער האָבן אָבער גאנץ אָפט נייע דערפארונגען נישט קיין געהעריקע דינאמישע ווירקונג אויפן לעבנס־קוק פונעם יחיד. דאָס איז הויפּטזעכלעך דערפאַר, ווייל דערפאַרונגען קומען דאָך אין לויף פון יאָרן, אין לויף פון עלטערן זיך פון דעם יחיד. וואָס עלטער דער יחיד ווערט, אַלץ ווינציקער פעיק איז ער אויף צו סינטעטיזירן די נייע דערפאַרונגען מיט זיינע פריערדיקע גייסטיקע אָנלאַגן. ער שעפּט זיין גייסטיקע יניקה מערכטנס פון זיין פריער אָנגעזאַמלטן אוצר, פון פריערדיקע דערפאַרונגען. די

טענדענץ פון עלטער איז זיך צו קלאַמערן אין דעם פריערדיקן גייסטיקן פאַרמעג, וואָס הויזט אין זיין שטאַרק פאַראייגנטער וועלט־אָנשויונג. דאָס ברענגט דערצו, אַז נייע דערפאַרונגען גיסן זיך נישט אַזוי גערן צוזאַמען מיט די פריערדיקע אידעישע איינשטעלונגען. זיי גייען בלויז אויבער־פלעכלעך פאַרביי דעם באַוווסטזיין, אָן אן ערנסטן מאָבילן איינפלוס, אויף דעם אלץ מער פאַרהאַרטעוועט ווערנדיקן לעבנס־קוק, וואָס אַנטוויקלט זיך גראָד מיט דער אלץ מער אָנגעזאַמלטער דערפארונג, אין לויף פון עלטערן זיך פונעם יחיד.

אַלע טעאָריעס, וואָס ראַציאָנאַליזירן געזעלשאַפטלעכע באַציונגען, זענען נישט מער, ווי טויערן, וואָס פירן צו אַ באַהעלטעניש, צו אַן אייגע־נע, אָבער נויטווענדיקע אידעישע נעסט. די נעסט ווערט ביים מענטש פאַרוואַנדלט אין אן אינערלעכער פעסטונג זיך זעלבסט צו באַרעכטיקן און צו באַשיצן. גאַנץ אָפט דינט אויך די אידעישע נעסט אויף צו קאָנען אטאקירן אנדערש דענקענדיקע און אנדערש טראַכטנדיקע. די ווענט פון דער פעסטונג באַשטייען פון אַ געשלאָסענעם סיסטעם; פון אַ פאַראייגנטע וועלט־אָנשויונג. די דרויסנדיקע וועלט איז אומענדלעך און אומבאַגרע־נעצט. סיסטעמען פון פאַראיינהייטלעכטע און פאַראייגנטע אידעען זענען אָפּגעשלאָסענע און כמעט פאַרענדיקטע פערצעפּציעס פון סאָציאַלע באַ־ציונגען. זיי מוזן זיך אַריינפּאַסן אין די פאַראייגנטע פאַרפיקסירטע גע־זעלשאַפטלעכע פּרינציפּן און אידעען.

פון אַ געזעלשאַפטלעכער וועלט־אָנשויונג קאָן אָבער דער טראַכטנ־דיקער און פילנדיקער מענטש נישט אַנטלויפן. עס איז שווער זיך ארויס־צופּלאָנטערן פון אן אידעישער נעץ, מיט וועלכער דער געזעלשאַפטלעכער באַוווסטזיין בינדט זיינע אָנהענגער. דער דענקנדיקער מענטש מוז דאָך האָבן אַ געוויסע פערספּעקטיוו, אַ פּריזמע, דורך וועלכער ער באַטראַכט זיך און זיינע שייכותן צו דער דרויסנדיקער וועלט פון וואנען ער איז אַ טייל און זיין באַציונג צום סאָציאַלן אָרגאַניזם. דער מענטש קאָן זיך נישט באַגיין אָן דעם נויטווענדיקן אידעישן מורה־דרך, וואָס זאָל אים אַרומפירן און אַרויספירן פון די פאַרפּלאָנטערטע געזעלשאַפטלעכע לאַבירינטן. דער אידעען־איינשטעל דינט דעם מענטש, ווי אַן אבסאָלוט נויטווענדיקער אָנהאַלט אינעם געזעלשאַפטלעכן פּלאָנטער פון מענטשלעכע באַציונגען.

כאָטש דער אידעישער מורה־דרך דערפירט נישט אַלעמאָל דעם מענטש צו דער רעאַליזירונג פון זיינע זיך פאָרגעשטעלטע געזעלשאַפט־לעכע צילן, די אנטוויקלונג גייט נישט אַלעמאָל אין דער געוווּנטשענער

ריכטונג, דאָך שאַפט אָבער דער פּאַראייגנטער אידעען־איינשטעל אין אונדז דאָס געפיל, אַז מיר לעבן מיטן אמת. עס גיט אונדז דעם באַוווסטזיין, אַז ווען מיר האַלטן זיך אָן אין אונדזערע איבערצייגונגען, וואָס וואַקסן אַרויס פון אונדזער אידעען־איינשטעל, גייען מיר נישט אַראָפּ פון דרך־הישר. כאָטש דאָס איז אַ ריין סוביעקטיווער און פּראָוויזאָרישער אמת, דאָך גיט עס אונדז אַ געוויסע פּאַרזיכערונג, אַז גערעכטיקייט איז אונדזער לעבנס־באַגלייטער. יעדער נאָכפאָלגער פון וועלכן עס איז גלויבן אָדער אידעאַל דענקט דאָך, אַז נאָר ביי אים געפינט זיך דער גאַנצער און ריינער אמת, פון וועמען זיין באַוווסטזיין ווערט געפירט.

מיר זענען אַלע איבערצייגט, אַז מיר ווערן געפירט פון ריינעם שכל און אמת, ווייל זיי זענען אונדזערע שטענדיקע שומרים אויף צו באַרעכטיקן אונדזערע געדאַנקען און מעשים. די זעלבע געדאַנקען און מעשים דערשיינען אָבער פאַר אַנדערע אומשכלדיק און שקרדיק. דער סוביעקטיוויזירטער אמת און שכל פון אַ יחיד אָדער פון אַ כלל קומט בסדר אין קאָנפליקט מיטן צד־שכנגדס אמת און מיט עמיצן אַנדערשס לאָגישע דעדוקציעס. אין אונדזערע שכלדיקע קאַלקולאַציעס אין פּראָבלעמען, וואָס שטאַמען פון סאָציאַלע באַציִונגען, פאַרגעסן מיר זיך אָפט אָפּצוגעבן אַ חשבון פון די כוחות, וואָס שטייען הינטער די שכלדיקע קאַל־קולאַציעס פון אייגענעם אמת. צוליב באַקוועמלעכקייט וועגן פאַרגעסן מיר וועגן דעם גרויסן חלק, וואָס עס שפּילט אין דער מענטשלעכער מח־שבה דאָס סוביעקטיווע עמאָציאָנעלע, ווי אויך דאָס אייגננוציקע אין ברייטערן זין.

אייגננוציקייט דריקט זיך אויס נישט בלויז אין דעם ענגהאַרציקן עגאָצענטריזם, אין דעם דאָרשט אויף צו באַפרידיקן באַלדיקע אָדער שפּעטערדיקע פיזיש־מאַטעריעלע נויטן. אייגננוציקייט אין ברייטערן זין באַשטייט אויך אין דער באַפרידיקונג, אָדער אַלץ וואָס ווייזט זיך אויס, אַז עס פירט אויפן וועג צו דער באַפרידיקונג פון געוויסע פּאַראייגנטע מאָ־ראַליש־עטישע סאָציאַלע אידעען אָדער פּרינציפּן[37].

(37) “There is no doubt that the worst physical pain of a martyr can be outweighed for him by the greater satisfaction of not having deserted his cause.”

DAVID BAUMGART. CULTURAL BRIDGES IN ETHICS AND THE PHILOSOPHY OF HISTORY (p. 82).

ווען די דערהויבענע פּערזענלעכקייט פון אַ יחיד גיסט צונויף זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן מיט די אינטערעסן פון אַ כלל און שטעלט זיך דערביי מאָראַליש־עטישע און סאָציאַלע צילן, באַפרידיקט עס געוויסע אייגננוציקייטן פון דעם יחיד. זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן ווערן צוזאַ־מענגעגאָסן מיט געוויסע כלל־אינטערעסן. אייגננוציקייט דאַרף דעריבער נישט פאַרשטאַנען ווערן בלויז אין גראָב מאַטעריאַליסטישן זין, נאָר נעמט אויך אַרום אַ גרויס און ברייט פעלד פון מעגלעכע באַפרידיקונגען.

די אומאָפּטיילבאַרקייט פונעם מענטש פון זיין אידעען־איינשטעל דיקטירט זיין עמאָציאָנעלע באַציונג צום אַרום. דאָס לייגט דעם שטעמפּל אין דער אויספאָרמירונג פון דעם ציל און די שטרעבונג אויף צו באַפרי־דיקן געוויסע אייגננוציקייטן אין ברייטערן זין. די אַרויסגערופענע האַנד־לונגען, וואָס קומען פון דעם דאָרשט אויף צו באַפרידיקן געוויסע אייגננו־ציקייטן, אַריינגערעכנט די ברייטערע סאָציאַל־עטישע באַפרידיקונגען, קאָנען נישט געוויגן און געמאָסטן ווערן. זיי קאָנען באַין אופן נישט אַריינגעשטופּט ווערן אין קיין וויסנשאַפטלעך דעפינירטע ראַמען.

"Nothing splendid has ever been
achieved except by those who dared
believe that something inside them
was superior to circumstance".
BRUCE BARTON

"The reasonable man adapts himself to
the world ; the unreasonable man
persists in trying to adapt the
world to himself. Progress therefore
depends on the unreasonable"
GEORGE BERNARD SHAW

## 11

צוליב דעם, וואָס די מאָסמיטלען אין באַטראַכטן סאָציאַלע באַציונ־גען, דערשיינונגען און אַנטוויקלונגען מוזן דורכגעלייטערט ווערן דורך דער פּריזמע פון אַ באַשטימטער פאַראייגנטער וועלט־אָנשויאונג, ווערן די דערהאַלטענע סך־הכלען סוביעקטיוויזירט, אפילו קעגן אונדזער איי־גענעם ווילן און וויסן. דער מענטש איז רעלאַטיוו צוגעבונדן צו אַ „פּריער" און קאָן פּסיכיש נישט נאָכהאַלטן מיט דער באַוועגלעכער רעאַליטעט. דער ווידערשפּרוך פון דעם פאַרהאַרטעוועט־ווערנדיקן אידעען־איינשטעל, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון אַ פריערדיקער רעאַליטעט, מיטן באַוועגלעכן „היינט" באַשווערט יעדן ערנסטן פאַרזוך פון וויסנשאַפטלעכער אָביעק־טיווקייט אין דער סאָציאָלאָגיע. נישט בלויז דער מאַרקסיזם, וואָס באַטראַכט זיך אַלס אַ ריין „וויסנשאַפטלעכער" מעטאָד אין דער סאָציאָלאָגיע און נישט וועלכער עס איז אנדער געזעלשאַפטלעכער „איזם", אָדער ריכטונג אין דער סאָציאָלאָגיע, זענען בכוח פעסטצושטעלן די גענויע וואָגן, מאָסן און גרענעצן אין דעם סאָציאַלן מעכאַניזם, כדי צו קאָנען וועגן און מעסטן די פּראָצעסן פון דער סאָציאַלער אינטעראַקציע. דער מענטשלעכער אי־

דעען־איינשטעל, — אַן ארויסוווקס סיי פון דער ירושה און סביבה און סיי פון זיינע יחידישע סאָציאַלע עקאָנאָמישע נויטן און פאַרלאַנגען — איז דער סאַמעווירקנדיקער פאַקטאָר אין באַוועגן די געשיכטע. דאָס איז אָבער אַ צו ברייטער און צו פאַרגענעראַליזירטער אמת, וואָס לאָזט זיך נישט ארייננפּאַסן אין קיין שום באַגרענעצטע פאָרמולעס. דאָס איז הויפּטזעכלעך דערפאַר, ווייל מיר האָבן נישט און מיר קאָנען נישט האָבן קיין וויסנ־שאַפטלעכע לאבאָראַטאָרישע וואָגן און מאָסן אויף צו מעסטן די כוחות־באַציונגען אין פּראָצעס פון די קעגנווירקונגען פון מענטש און סביבה. די אידעישע איינשטעלונגען זענען אַ פּראָדוקט פון געשיכטע און דער מענטש מאַכט געשיכטע. עס שטעלט זיך דעריבער די אַלטע קלאָץ־קשיה: וואָס איז געקומען פריער, די הון אָדער דאָס איי? איז דער געזעלשאַפטלעכער אָר־גאַניזם א סיבה אָדער א פועל־יוצא? מאַכט דער מענטש געשיכטע, אָדער איז ער בלויז אַ ווילנלאָז שפּילעכל פון די געשעענישן אין דער סביבה? איז די היסטאָרישע פּערזענלעכקייט בלויז אַן אָנזאָג פון דער צייט? אָדער דער פירער איז אויך דער שאפער פון דער נייער צייט, דורך זיין ווירקונג, איינפלוס אָדער מאַכט־פּאָזיציע? פאַרשטייט זיך, אַז עס קאָן דאָ נישט זיין קיין פראַגע פון אַ פריער אָדער שפּעטער. געשיכטע איז א פּראָצעס פון ווירקונגען און קעגנווירקונגען. ווי לאַנג אָבער די אינטעראַקציע פון מענטש און זיין סביבה קאָנען נישט געוואויגן און געמאָסטן ווערן, קאָן נישט מעגלעך זיין קיין שום וויסנשאַפטלעכער מעטאָד אין די סאָציאָלאָ־גישע „וויסנשאַפטן" און אין סאָציאַלע טעאָריעס. דערפאַר טאַקע איז אויך דער „וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם" גאַנץ ווייט פון דעם, וואָס מיר פאַר־שטייען אונטערן וואָרט וויסנשאַפט.

כאָטש מארקס און ענגעלס האָבן געהאַט פּאָזיטיווע און שאַרף־דעפינירטע מיינונגען, זייער באַציונג צו פאקטן איז אַלעמאָל געווען דורכ־געדרונגען מיט דער פאַראייגנטער און אַלץ־אַרומנעמענדיקער וועלט־אַנ־שויונג. דאָך ווען מען לייענט פאָרזיכטיק דורך די שריפטן פון מאַרקס און ענגעלס, זעען מיר, אַז זיי זענען פול מיט אינערלעכע ווידערשפּרוכן. נישט בלויז זענען זיי אין ווידערשפּרוך צו די שפּעטערדיקע רעאַלע זיך אַנטוויקלענדיקע פאַקטן, נאָר זיי ווידערשפּרעכן זיך זעלבסט. נישט בלויז האָבן זיך די ווידערשפּרוכן אויסגעדריקט אין זייערע עקאָנאָמישע טעאָ־ריעס, אָדער אין זייער באַציונג צו די קלענערע פעלקער און צו דער נאַציאָ־נאַלער פראַגע, נאָר זיי האָבן זיך אויך שטאַרק ווידערשפּראָכן אין די גרונט־הנחות, וואָס האָבן באַדאַרפט דינען אלס דער פונדאמענט פון דעם, וואָס

מיר רופן אָן מאַרקסיזם. דאָס איז אין דער פראַגע פון די צווישנבאַציונ־גען פון מענטש און סביבה, צווישן דער זעלבשטענדיקער שעפערישקייט פונעם יחיד און די אייזערנע געזעצן פון עקאָנאָמישן דעטערמיניזם.

דער מאַרקסיזם איז פון איין זייט גענויגט צו דער מיינונג, אַז דער מענטש איז פולשטענדיק אונטערגעוואָרפן די געזעצן פון דעם עקאָנאָמישן דעטערמיניזם און פון דער צווייטער זייט, לייקנט ער נישט אָפּ די ראָל פון מענטש און זיין ווירקונג אויף דער געשיכטע. נישט קאָנענדיק אָבער מעסטן די אינטעראַקציע פון די כוחות־פאַרהעלטעניש, פאַלט דער מאַרק־סיזם אַריין, סיי אין דער טעאָריע און נאָכמער אין דער פּראַקטיק, אין אַ שאַרפער סתירה. אַמאָל גייט דער מארקסיזם אוועק צו איין עקסטרעם אי־ן אַמאָל צו א צווייטן. אַמאָל שאַצט ער זייער הויך די ראָל פון דער היס־טאָרישער פערזענלעכקייט, און אמאָל שלעפּט ער אים אַראָפּ פון פיעדעס־טאַל און ווערט בלויז א געצייג פון די פּראָדוקציע־באציונגען. ער וואַרפט אים אונטער דעם היסטאָרישן „סטים־ראָלער״. די פּראָדוקציע־באַדינגונ־גען רופן אַרויס באַשטימטע פּראָדוקציע־באַציונגען, וואָס דריקן זיך אויס אין קלאַסן־קאַמף. אָט דער קאַמף איז דער באַוועגער פון סאָציאַלן אָרגאַ־ניזם, וואָס אַרבעט מיט אַן „אייזערן אומפאַרמיידלעך געזעץ״, ענלעך צו נאַטור־געזעצן. אין דער זעלבער צייט ווערט די פערזענלעכקייט, דער רעוואָלוציאָנערער פירער, אָדער דער וואָס קאָנטראָלירט די מאַכט־פּאָזי־ציעס, אים ווערט צוגעשריבן דער שטאַרקער כוח אין באַוועגן די געשיכט־לעכע אַנטוויקלונג. מאַרקסיסטישע טעאָרעטיקער מאַכן אַלערליי פאַרזוכן, מיט דער הילף פון דיאַלעקטישער גימנאַסטיק, אַרויסצוקריכן פון די דאָזיקע ווידערשפּרוכן.

אינעם „אַכצנטן ברומער״ שרייבט מאַרקס, אַז „דער מענטש מאַכט טאַקע זיין אייגענע געשיכטע, ער מאַכט אָבער די געשיכטע נישט פון קיין באַדינגונגען, וואָס דער מענטש קלייבט זיך אויס, נאָר פון אַזעלכע, וואָס ער געפינט גרייטערהייט״ [38].

אויבנאויפיק קלינגט אַזאַ דערקלערונג ריכטיק און גאַנץ אמתדיק. דער מענטש, דער פירער אָדער ארכיטעקט פון דער געשיכטע, קאָן טאַקע נישט בויען פון עפּעס אַנדערש, נאָר פון די גרייטע באַדינגונגען, וואָס ער געפינט אין זיין צייט. עס ווערן דאָ גענומען אין באַטראַכט ביידע עלע־

(38) K. MARX. THE EIGHTEENTH BRUMAIRE. p. 19.

מענטן : דער אָביעקט און דער סוביעקט. די דאָזיקע ריכטיקייט רעדוצירט זיך אָבער צו א האלבן אמת. די מענטשן פון אַ באשטימטער תקופה זענען אָבער נישט אויסגעגאָסן פון איין שטיק. עס ווערט דאָ בלויז גענומען אין באַטראַכט די באַדינגונגען, וואָס ווירקן אויפן מענטש און נישט די פאַר־שידנאַרטיקייט פון די מענטשלעכע צוריקווירקונגען אויף די באַדינגונגען. אַזאַ הנחה פאַרלירט דעם וויסנשאַפטלעכן פונדאַמענט, אויף וועלכן מען וויל בויען אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקע גאַנצקייט־אידעאָלאָגיע.

זיכער איז דער מענטש אָפּהענגיק פון די באַדינגונגען פון דער עקזיסטירנדיקער עקאָנאָמישער סטרוקטור, פון אירע אינערלעכע באַציונ־גען און ווידערשפּרוכן. אָבער פאַרשידענע אַנדערשדיקע היסטאָרישע פּער־זענלעכקייטן פון דער זעלבער תקופה און אין ענלעכע באַדינגונגען קאָנען באַוועגן די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג אויף פאַרשידענע רעלסן. די מאַטע־ריעלע באַדינגונגען, וואָס ווירקן אויפן מענטש, זענען מער באַשטימט ווי די קעגנווירקונגען פון מענטש אויף די מאַטעריעלע באַדינגונגען. דער מענטש איז דעריבער נישט אַלעמאָל א ווילנלאָזער אינסטרומענט פונעם עקאָנאָמישן אָדער געטלעכן דעטערמיניזם· די היסטאָרישע, קאָנסטרוק־טיווע אָדער דעסטרוקטיווע פּערזענלעכקייט קאָן פון די זעלבע גרייטע באַדינגונגען שאַפן פאַרשידענע ווידערשפּרעכנדיקע אויסגעשטאַלטונגען, אָפּהענגיק פון יענעם, וואָס באַווירקט די פאָרמירונג פון די געשיכטלעכע פּראָצעסן. פאַרשידענע בויער קאָנען פונעם זעלבן רוימאַטעריאַל בויען גאַנץ פאַרשידענע קאָנסטרוקציעס.

מאַרקס און ענגעלס נעגירן אָבער צו אָפט די ראָל פונעם יחיד און רעדוצירן אים צו אַ ווילנלאָז געצייג. פרידריך ענגעלס דערקלערט, אַז רעוואָלוציעס קומען נישט פון דעם ווילן פונעם מענטש, נאָר פון דער היסטאָרישער נויטוועדיקייט, וואָס באַוועגט דעם מענטש. „דער דורכ־פאַל אָדער דער דערפאָלג פון אַ רעוואָלוציע קאָן מען נישט צושרייבן א צופעליקן פאַרזוך, טאַלאַנט, טעות אָדער פאַראט פון א טייל פירער [39].

רעוואָלוציעס קומען פאַר דורך אַן אָנזאמלונג פון פיזיש־מאַטער־יעלע כוחות, וואָס וואַקסן אַרויס פון די ווידערשפּרוכן פון די פּראָ־

(39) F. ENGELS. REVOLUTION AND COUNTER-REVOLUTION IN GERMANY.
Edited by ELEANOR MARX AVELING pp. 14—16

דוקציע־באַציונגען און די פּראָדוציר־באַדינגונגען. זיי קאָנען נישט אָפּגעווענדעט ווערן פון זייער נאַטירלעכן גאַנג, פּונקט ווי עס קאָנען נישט אָפּגעווענדעט ווערן נאַטור־דערשיינונגען. ענגעלס פאַרגעסט אויף אַ ווייל, אַז טעותן און פאַראַט קאָנען אָבער פאַרפירן געשיכטלעכע ענדערונגען אויף נישט פאָרויסגעזעענע וועגן, פאַר וועלכע דער יחיד, דער פירער איז אינגאַנצן פאַראַנטוואָרטלעך. ענגעלס האַלט זיך אָבער דאָ שטאַרק ביי דער מיינונג, אַז קיין יחיד קאָן נישט באַוועגן די באַדינגונגען פון סאָציאַלן אָרגאַניזם, וואָס ווערט אויסגעפאָרמירט און באַשטימט דורך די פּראָדוקציע־באַדינגונגען. קיין יחיד קאָן נישט באַוועגן די היסטאָרישע כוואַליעס פון זייער אָנגעצייכנטער ליניע און זיי דירעקטירן אויף אַנדערע וועגן. פּראָבלעמען און לעזונגען פון די פּראָבלעמען קומען אויף צוזאַמען מיט דער רייף־ווערנדיקייט פון די באַדינגונגען.

אין איינעם פון זיינע לעצטע בריוו שטרייכט ענגעלס אונטער, אַז די גרויסע היסטאָרישע פּערזענלעכקייט דערשיינט אַלעמאָל אין אַ באַשטימט לאַנד צו דער באַשטימטער צייט, כמעט ווי אַ נאַטור־געזעץ. ענגעלס דערקלערט, אַז ווען מען זאָל אים, דעם פירער, באַזייטיקן, וועט גלייך קומען א סאבסיטוט. דער אייזערנער דעטערמיניזם אַרבעט פּונקט ווי אין דער גאנצער נאטור. אין דעם און דעם באשטימטן חודש הייבט דער בוים אָן צו בליען און דער און דער דאַטע הייבן די טעג אָן צו ווערן גרעסער. דעם יחידס ראָל ווערט דאָ פולשטענדיק מינימיזירט. נאַפּאָלעאָן איז טאַקע געווען א צופאַל, אָבער ווען עס וואָלט נישט געווען קיין נאַפּאָלעאָן, וואָלט זיך באַוויזן אַן אנדערער אויף זיין אָרט [40].

דער דעטערמיניזם איז ביי ענגעלסן אַזאַ פעסט באַשטימטער, ווי די השגחה העליונה איז אין דער טעאָלאָגיע. דער מענטש איז בלויז א שפּילעכל אין די הענט פון די געטער, וואָס באַהאַלטן זיך ביי ענגעלסן הינטער די פלייצעס פון די בלינדע עקאָנאָמישע כוחות פונעם עקאָנאָמישן דעטערמיניזם. אין זיין ווערק איבער פויערבאַכן שרייבט ענגעלס, אַז די פּאַקטישע היסטאָרישע געשעענישן זענען נישט די סיבות פון מענטשלעכן ווילן [41].

---

(40) MARX and ENGELS — Selected Correspondence (p. 518).

(41) "That which is willed but rarely happens, the innumerable conflicts of individual wills and individual agents in the

אויך מאַרקס האַלט זיך שטאַרק ביים פאַרשטייפטן עקאָנאָמישן דעטערמיניזם. אינעם פאָרוואָרט צום „קאַפּיטאַל" דערקלערט טאַקע מאַרקס, אַז זיין הויפּט־אויפגאַבע איז צו באַווייזן די אייזערנע נויטווענדי־קע אומפאַרמיידלעכקייט פון די עקאָנאָמישע געזעצן [42]

נישט זייענדיק אימשטאַנד צו שאַפן אַן אמתדיקע וויסנשאַפטלעכע סאָציאָלאָגיע, זענען זיך סיי מאַרקס און סיי ענגעלס כסדר סותר. אָט די־סתירות פלאָנטערן זיך נאָך אַלץ אונטער די פיס פון די מאַרקסיסטישע מפרשים ביזן היינטיקן טאָג. פון איין זייט ווערט פונעם מענטש צוגענומען זיין זעלבשטענדיקער שאַפונגס־כוח. זיי נעמען ביי אים צו זיין השפּעה אויף די פאַראַנענע היסטאָרישע באַדינגונגען. דער מענטש ווערט בלויז אַ מאַריאָנעטע פון די פּראָדוקציע־באַדינגונגען, און פון דער צווייטער זייט, ווערט אויך די היסטאָרישע פּערזענלעכקייט אָוועקגעשטעלט אויף אַ פּיעָ־דעסטאַל און זיינע זעלבשטענדיקע שאַפערישע כוחות ווערן אָנערקענט. מאַרקס שרייבט: „נאַפּאָלעאָן האָט געבראַכט אין פראַנקרייך די באַדינגונ־גען, וואָס זענען נייטיק פאַר דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. זיין איינפלוס איז ווייט אַריבערגעגאַנגען די גרענעצן פון פראַנקרייך. ער האָט אָוועקגע־קערט דאָס פעאָדאַלע סיסטעם [43].

די סתירה צו די פריער געבראַכטע ציטאַטן, אַז דער מענטש איז נישט מער ווי אַ מאַריאָנעטקע, נאָר פאַרקערט: ער באַווירקט און באַהערשט די באַדינגונגען פון די דרויסנדיקע כוחות, גייט אין אַנדערע שטעלן ענ־געלס אַוועק פיל ווייטער ווי מאַרקס. ער ווידערשפּרעכט זיין אייגענע מיי־נונג, ווען ער שרייבט: „ער (די היסטאָרישע פּערזענלעכקייט) קאָן פּונקט אַזוי גוט געבוירן ווערן מיט פינף הונדערט יאָר פריער. ער וואָלט אייגגע־

---

realm of history reach a conclusion which is on the whole analogous to that in the realm of nature, which is without definite purpose."

FRIEDRICH ENGELS — Feuerbach.
The Roots of Socialist Philosophy (pp. 104—106).

42) "To lay bare the economic law of motion of modern society". The economic "tendencies working with iron necessity towards inevitable results".

K. MARX. CAPITAL I. pp. 13—14

(43) K. MARX. EIGHTEENTH BRUMAIRE. pp. 10, 148, 150

שפּאָרט דער מענטשהייט פינף הונדערט יאָר טעותן, קאָנפליקטן און ליידן״ [44].

אין אַ בריוו, וואָס מאַרקס האָט געשריבן צו קוגעלמאַנען, פּאַרעפּנט־לעכט אין דער „נייער צייט״, ברענגט ער אַרויס דעם געדאַנק, אַז צופאַלן שפּילן א ראָל אין דער געשיכטע. זיי ווערן קאָמפּענסירט דורך די עפעקטן פון אַנדערע צופאַלן און אַז „דער באַוועג־פאַקטאָר און די כוחות, וואָס האַלטן צוריק דעם באַוועג־פאַקטאָר, זענען אָפּהענגיק פון אזעלכע צופאַלן. צווישן זיי ווערן אויך גערעכנט די צופאַלן פון דעם כאַראַקטער פון די־מענטשן, וואָס שטייען אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג״ [45].

פון איין זייט, זוכט דער מאַרקסיזם צו באַווייזן, אַז דער מענטש אין זיין גאַנצער אַנטוויקלונג איז אַ פּראָצעס, וואָס איז ענלעך צו דער אנט־וויקלונג פון דער נאטור. די געשיכטע קייטלט זיך אומאָפּהענגיק פון מענ־טשלעכן ווילן. דער מארקסיזם שטרייכט כסדר אונטער די מאטעריעלע פאקטאָרן אלס איינציקער קוואל פון וואנען די אידעען זענען אַן אויסדרוק. ענגעלס, שרייבנדיק וועגן פויערבאכן, דערקלערט: „וואָס עס איז אמת אין דער נאַטור, איז אויך אמת אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט אין אַלע זיינע צווייגן״ [46].

אין אַן אַנדער שטעלע איז זיך ענגעלס גלייך סותר. אין זיין „דיא־לעקטיק פון נאַטור״ ברענגט ער אַרויס אַ גאַנץ פאַרקערטן געדאַנק. חיות, דערקלערט ער, שפּייזן זיך דערמיט, וואָס זיי געפינען גרייטערהייט אין דער נאַטור. דער מענטש אָבער פּראָדוצירט זיינע באַדערפענישן דורך אַנטוויקלען מעטאָדן פון פּראָדוקציע. דער מענטש שאַפט, אָרגאַניזירט און באַנוצט זיך מיט קינסטלעכע מיטלען אינעם פּראָדוציר־פּראָצעס. נאָכ־מער, אונטערן קאַפּיטאַליזם איז נישט די פראַגע, אַז עס פעלן אויס די זאַכן אויף צו באַפרידיקן די מענטשלעכע נויטן, נאָר עס איז אויך פאַר־קערט: עס שאַפט זיך אַן איבערוועגנדיקע איבערגעזעטיקטקייט פון סחו־רות, וואָס פאַראורזאַכן פעריאָדישע קריזיסן [47].

---

(44) F. ENGELS. ANTI DUHRING. p. 25

(45) NEUE ZEIT. XX nu 1. 710

(46) F. ENGELS. ON FEUERBACH.

(47) F. ENGELS. DIALECTICS OF NATURE. pp. 208—209.

דער מאַרקסיזם, נישט האָבנדיק קיין וויסנשאַפטלעכע מאָסן אויף צו שאַצן די קעגנווירקונגען פון מענטש אויף זיין סביבה, באַטראַכט בלויז די ווירקונגען פון דער סביבה אויפן מענטש. דער מענטש ווערט באַטראַכט ווי אַן אָביעקט, וואָס ענדערט זיך לויט דעם דרוק פון דער מאַטעריעלער סביבה. דער מאַרקסיזם האָט דעריבער אַ נטיה אָפּצוּווישן די גראַדאַציעס פון די מענטשלעכע גייסטיקע פּאָטענצן. אויב די סביבה־באַדינגונגען און נויטן ווירקן אויף אַ באַשטימטער געזעלשאַפט, גרופּע אָדער קלאַס אויפן זעלבן אוניפאָרמירטן אופן אויף אַלע מיטגלידער, דעמאָלט זענען די רע־זולטאַטן פון די ווירקונגען גלייך אויף אַלע מיטגלידער פון דער באַשטימ־טער סאָציאַלער גרופּע. דער מאַרקסיזם איז דעריבער נישט בכוח צו באַ־ווייזן די שייכותן און די סיבות פון די אינדיווידועלע אונטערשידן צווישן מענטשן און זייערע ווירקונגען און שייכותן צו די היסטאָרישע פּראָצעסן. נישט בלויז אין דער פראַגע, ווער איז וועמען מער משפיע אין דער אינ־טעראַקציע פון מענטש און סביבה, נאָר דער מאַרקסיזם קאָן אויך נישט באַשטימען די שייכותן צווישן פירער און געפירטע; צווישן דער פאַרשי־דנאַרטיקייט פון מענטשלעך־גייסטיקע פּאָטענצן; צווישן די גראַדאַציעס פון די באַזונדערע פּאָטענצן. פון איין זייט רעדט טאַקע מאַרקס וועגן דער גרויסער ראָל פון דער פּערזענלעכקייט און פון דער צווייטער זייט, דריקט אויך מאַרקס אויס זיין פולע הסכמה מיט אַדאַם סמיטן אין דער פראַגע פון דער סביבה־ווירקונג אויפן מענטש. ער ציטירט מיט איינשטימיקייט אַדאַם סמיטס באַרימטע פראַזע, ווי ער דערקלערט, אַז די אונטערשידן צווישן די נאַטירלעכע מענטשלעכע טאַלאַנטן און פעיקייטן זענען פיל קלענער ווי מיר דענקען. גלייכע סביבה־איינפלוסן האָבן אַ נטיה צו שאַפן גלייכע רעזולטאַטן. פאַראַפראַזירנדיק סמיטן, שרייבט מאַרקס, אַז פאַקטיש איז נישטאָ קיין אונטערשיד אין די גראַדאַציעס פון מענטשלעכע פּאָטענצן. „עס איז די אַרבעט־צעטיילונג, וואָס שאַפט דעם אָפּגרונט צווישן דעם גאַסן־רייניקער און דעם פילאָזאָף [48].

---

(48) „He (Adam Smith) states so clearly that the difference of natural talents in different men is in reality much less than we are aware of, and the very different genius which appears to distinguish men of diverse professions, when grown up to maturity, is not so much the cause as the effect of the division of labor."

מאַרקס רעדט אַפילו וועגן די אונטערשידן פון די קינסטלערישע טאַלאַנטן אויפן זעלבן אופן. אויך די גראַדאַציע פון די קינסטלעכע טאַלאַנטן זענען אונטערגעוואָרפן און אָפּהענגיק פון די זעלבע פאַקטאָרן[49].

צוליב דער אָפּוועזנקייט פון וויסנשאַפטלעכקייט אינעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם", קאָנען מאַרקס און ענגעלס אַלץ נישט באַווייזן דעם זעלבשטענדיקן כוח פון דער היסטאָרישער פּערזענלעכקייט. זיכער איז, אַז דער אינהאַלט פון מענטשלעכן אויסדרוק ענדערט זיך צוזאַמען מיט די סביבה־ענדערונגען און סביבה־באַדינגונגען. אין צפון פאַרט מען אויף שליטנס און אין דרום אויף וועגענער. דער פּרימיטיווער מענטש איז געגאַנגען צופוס און דער היינטיקער פליט אויף דזשעטס. אייסכילאָס האָט אין זעקסטן יאָרהונדערט פאַר אונדזער צייט געשריבן זיינע טראַגעדיעס מיט אַ סטילוס, שעקספּיר האָט געשריבן זיין „האַמלעט" מיט אַ גענדזענער פעדער און דער היינטיקער דראַמאַטורג שרייבט אויף אַ שרייב־מאַשינקע.

עס איז ריכטיק, אַז אָן אַ סביבה האָבן די מענטשלעכע פּאָטענצן קיין שום זין נישט. אָבער אויך די סביבה אָן די פאַרשידנגראַדיקע מענטשלעכע פּאָטענצן, מיינט אבסאָלוט גאָר נישט. די סביבה אַליין האָט נישט קיין שום דינאַמישן כוח אָן די מענטשלעכע קאָנסטרוקטיווע פאָרשטעלונגען, מחשבה, אַמביציע און נויטן, וואָס באַוועגן די סאָציאַלע רעדער. קיין שום סאָציאַלע טעאָריע האָט נישט באַוויזן צו מעסטן די גרענעצן און די וועגן פון דער אינטעראַקציע פון מענטש און סביבה.

אין דער דיסקוסיע איבער די אַרבעטס־פּראָצעסן ווייזט מאַרקס אָן, אַז דער מענטש איז אינגאַנצן אַנדערש פון די אַנדערע בעלי־חיים. בעת די חיה פּלאַנירט נישט איר טעטיקייט, איר ארבעט באַשטייט פון אַן אינסטינקטיוון פּראָצעס, דער מענטש אָבער פּלאַנירט זיין טעטיקייט. ער

---

"In principle, a porter differs less from a philosopher than a mastiff from a greyhound. It is the division of labor which has set a gulf between them."

KARL MARX — POVERTY OF PHILOSOPHY — p. 109

דער אָריגינעלער זאַץ ביי אַדאַם סמיט לייענט זיך אַזוי: —

"By nature, a philosopher is not a genius and in disposition half so different from a street porter, as a mastiff is from a greyhound."

(49) KARL MARX . . . DEUTSCHE IDEOLOGIE z. 372—373

האָט אַ באַשטימטן ציל און ווילן. דער מענטש האָט אַ באַשטימטע וויזיע, וואָס זעט פאָרויס די רעזולטאַטן פון זיין פאָרשטעלונג. ער שאַפט לויט אַ פאָרויסגעזעענעם פּלאַן [50].

ענגעלס אָבער, אין זיין „דיאַלעקטיק פון נאַטור", פאַרווישט אָט דעם אונטערשיד פון מענטש און חיה. ער דערקלערט דעם געדאַנק פונקט פאַרקערט. לויט ענגעלסן קומט אויס, אַז אויך די חיה האַנדלט אין אַ „פּלאַ־נירטן און אויסגעאַרבעטן פּלאַן", וואָס ווערט אַנטוויקלט מיטן גאַנצן נערוון־סיסטעם פון אַלע בעלי־חיים [51]

דער מאַרקסיזם האַלט, אַז קיין שום נייע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאָרמאַציע, וואָס קומט צום אויסדרוק אין די ענדערונגען פון דעם צו־שטאַנד פון די פּראָדוקציע־באַדינגונגען, קאָן נישט געבוירן ווערן אָן דעם קאַמף פון דעם עקספּלאָאַטירטן קלאַס, קעגן דעם קלאַס עקספּלאָאַטירער. „כוח איז די הייבאַם אין יעדער אַלטער געזעלשאַפט, וואָס שוואַנגערט מיט אַ נייער געזעלשאַפט" [52]. ווען מיר באַטראַכטן אָבער געשיכטלעכע פאַקטן נישט אינעם ליכט פון אַן אַקסיאָמאַטישער לאָגיק, ווען מיר פּראָבירן נישט אַריינשטופּן דעם נעכטן אין דעם צוגעוווינטן אופן פון טראַכטן, זעען מיר אויך, אַז דער דאָזיקער פונדאַמענטאַל מאַרקסיסטישער אמת רעדוצירט זיך אויך נישט מער ווי צו אַ האַלבן אמת.

דער איבערגאַנג פון איין סאָציאַל־עקאָנאָמישער פאָרמאַציע צו אַן אַנדערער, די איבערברוכן אין געשיכטלעכע פּראָצעסן זענען טאַקע באַ־גלייט געוואָרן מיט שטורמישע קלאַסן־קאַמפן. די קאָנפליקטן האָבן זיך אָבער נישט אַלעמאָל אויסגעדריקט אין אַ קאַמף פון די עקאָנאָמיש־עקס־פּלאָאַטירטע קעגן זייערע עקספּלאָאַטירער. עס זענען נישטאָ קיין שום היסטאָרישע פאַקטן, וואָס זאָלן אונדז באַווייזן, אַז דער קלאַסן־קאַמף איז געווען די הייבאַם אין דער פּרימיטיוו־קאָמוניסטישער שבטים־געזעלשאַפט, וואָס האָט געהאָלפן אין דעם געבורט פון דער שקלאַפן־געזעלשאַפט. עס זענען טאַקע געווען מאַטעריעלע באַדינגונגען פאַר דער אויפלעזונג פון דער פּרימיטיוו־קאָמוניסטישער שבטים־געזעלשאַפט, וואָס זענען געקומען צום אויסדרוק דורך דעם כסדרדיקן אָנוווקס פון סאָציאַלע דערפאַרונגען

(50) K. MARX. CAPITAL I. p. 198

(51) F. ENGELS. DIALECTICS OF NATURE. p. 290—291

(52) K. MARX, CAPITAL I. p. 824.

אין קאַמף קעגן דער נאַטור. די פאַרשידענע סטאַדיעס אין דער אַנטוויק־לונג פון די שקלאַפן־געזעלשאַפטן, אַלס א העכערער סינטעז, איז נישט געווען קיין פועל־יוצא פונעם קלאַסן־קאַמף פון אן עקספּלאָאַטירטן קלאַס קעגן זיינע עקספּלאָאַטירער, כדי צו שאַפן נייע פּראָדוקציע־באַדינגונגען, וואָס זאָלן אָפּשפּיגלען די געענדערטע פּראָדוציר־באַציונגען. דער קלאַסן־קאַמף האָט דעמאָלט נישט געקאָנט זיין דער באַוועג־פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון איין עקאָנאָמישער פאָרמאַציע צו אַן אַנדערער.

די געשיכטע פון די אַלטערטימלעכע געזעלשאַפטן אין אַזיע און אַפריקע, ווי אויך די געשיכטעס פון די גריכיש־רוימישע שקלאַפן־געזעל־שאַפטן, זענען געווען פול מיט בלוטיקע קאַמפן: קאַמפן פון די שקלאַפן פאַר זייער באַפרייונג, אינערלעכע קלאַסן־קאַמפן פון דער פרייער באַפעל־קערונג, קאַמפן פון די פּלעבעיער קעגן די פּאַטריציער, כסדרדיקע מלח־מות פון שטאַרקערע קעגן שוואַכערע, גרופן־קאַמפן פון קליקעס און יחי־דים פאַר מאַכט־פּאָזיציעס, רעוואָלטן פון אונטערדריקטע פעלקער פאַר זייער פרייהייט און זעלבשטענדיקייט. אין דער זעלבער צייט איז דער אונטערגאַנג פון די אַלטערטימלעכע גרויסע מלוכות, אָדער דאָס פאַלן פון דער גריכיש־רוימישער שקלאַפן־ציוויליזאַציע, נישט געווען קיין פועל־יוצא פון דעם קאַמף פון די עקספּלאָאַטירטע שקלאַפן קעגן די שקלאַפן־אייגנטימער. די קאַמפן פון די שקלאַפן האָבן נישט געבראַכט קיין העכערע סינטעזע, וואָס זאָל זיך האָבן אויסגעדריקט אין אַ נייער און העכערער סאָציאַל־עקאָנאָמישער פאָרמאַציע. די רוימישע שקלאַפן זענען נישט גע־ווען די, וואָס האָבן געענדערט די אַלטע פּראָדוציר־באַדינגונגען און אויפ־געבויט אַ נייע עקאָנאָמישע סטרוקטור מיט געענדערטע פּראָדוציר־באַ־דינגונגען. פאַרקערט, די נייע עקאָנאָמישע פאָרמאַציע, די פאַרפעסטיקונג פונעם פעאָדאַליזם, האָט מיט זיך געבראַכט אַ רעגרעסיע צו אַ לאַנגן פינ־צטערן מיטלאַלטער. דאָס איז זיכער נישט געווען קיין העכערע סינטעזע אין דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג.

שווער זענען געווען די געבורט־ווייען פונעם מאָדערנעם קאַפּיטאַ־ליזם. עס זענען פאָרגעקומען ביטערע קאַמפן פון די ניי־אַנטוויקלענדיקע עקאָנאָמישע כוחות קעגן דער אַלטער געזעלשאַפט, וואָס האָט געשטערט די נייע כוחות אין זייער אַנטוויקלונג. די אַנטוויקלונג פונעם האַנדלס־קאַ־פּיטאַליזם האָט זיך נאָך פונעם טיפן מיטלאַלטער אַלץ טיפער איינגע־שניטן אינעם פעאָדאַליזם און אויפגעבראָכן די ענגע לאָקאַלע פעאָדאַלע ווירטשאַפטן צוזאַמען מיט אירע גרענעצן. דער האַנדל האָט אַלץ מער

אונטערגעמינעוועט די פעאָדאַלע פּראָדוקציע־באַדינגונגען. דער האַנדלס־קאַפּיטאַליזם האָט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט אין אַן אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם. דער קאַמף פון דעם אויפגייענדיקן אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם האָט זיך אַלץ מער אַנטוויקלט, ביז ער האָט זיך קולמינירט צו רעוואָלוציאָנערע איבערברוכן. די קאַמפן אויף ביידע זייטן באַריקאַדן זענען געווען דורכגעדרינגען מיט אַן אַ שיער אינערלעכע ווידערשפּרוכן. דער געבורט אָבער פון דער מאָדערנער אינדוסטריעלער בורזשואַזער געזעלשאַפט איז נישט געווען קיין אַרויסוווקס פון דעם קלאַסן־קאַמף פון די עקספּלאָאַטירטע קעגן זייערע עקספּלאָאַטירער. אין גאַנצן מיטלאַלטער זענען טאַקע פאָרגעקומען פאַרביטערטע קאַמפן פון די עקספּלאָאַטירטע לייב־אייגענע קעגן זייערע עקספּלאָאַטירער, די פעאָדאַלע לאָרדן. די בורזשואַזע רעוואָלוציעס זענען אָבער נישט פאַראורזאַכט געוואָרן פון די קאַמפן ווי אויך נישט פון די קאַמפן פון די עקספּלאָאַטירטע בעל־מלאכות קעגן זייערע צעך־מייסטער. דער קאַפּיטאַליזם האָט באַזיגט די אַלטע פעאָדאַלע וועלט דורך דעם וווּקס פון דריטן שטאַנד. די יונג־בורזשואַזיע האָט געקעמפט פאַר פּאָליטישער מאַכט, נאָכדעם ווי זי האָט שוין געהאַט אין די אייגענע הענט אַ באַשטימטע עקאָנאָמישע מאַכט. די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט איז דעריבער נישט געקומען אַלס פּועל־יוצא פון דעם קאַמף פון די עקספּלאָאַטירטע קעגן די עקספּלאָאַטירער. די יונג־בורזשואַזיע איז נישט געווען דער עקספּלאָאַטירטער קלאַס. דער פריערדיקער עקספּלאָאַטירטער קלאַס איז נישט געוואָרן דער הערשער פון דער נייער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, וואָס איז אויסגעוואַקסן פון דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע.

פון איין זייט האָט סיי מאַרקס און נאָכמער דער מאַרקסיזם אין דער פּראַקטיק אָפט רעדוצירט דעם מענטשלעכן פאַקטאָר אין דער געשיכטע צו אַ מינימום. לויטן מאַרקסיזם, וואַרפט די געשיכטלעכע געזעצמעסיקייט אונטער די מענטשן אונטערן אומפאַרמיידלעכן געזעץ פון עקאָנאָמישן דעטערמיניזם. דער קאַמף פאַר עקזיסטענץ, וואָס דריקט זיך אויס אין סאָציאַלן לעבן אין דעם קאַמף פון די קלאַסן פאַרן מאַטעריעלן באַזיץ פון דער געזעלשאַפט, איז ביי מאַרקסן דער איינציקער טרייב־כוח פון דער געשיכטע צו ענדערן די עקאָנאָמישע סטרוקטור. סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאָרמאַציעס וויקלען זיך אַרויס פון די פאַלדן איינע פון דער אַנדערער. דער פּרימיטיווער קאָמוניזם פון דער שבטים־געזעלשאַפט האָט מיט דער צייט פאַרשטאַרקט די מאַכט פון דעם פאַטריאַרך. דער איבערגאַנג צו

ערד־אַרבעט און די פאַרשטאַרקונג פון דער פאַטריאַרכאַלער געזעלשאַפט, האָט מיט דער צייט אַנטוויקלט און פאַרשאַרפט די קלאַסן־דיפערענציאַציע. עס זענען אַנטשטאַנען די אַלטערטימלעכע מלוכות. די אַנטוויקלונג פון דער גריכיש־רוימישער שקלאַפן־געזעלשאַפט האָט געבראַכט צום אייגע־נעם פאַנאַנדערפאַל און האָט געבוירן דעם פעאָדאַליזם מיט אַ דעצענטראַ־ליזירטער מלוכה־מאַכט און אַ צענטראַליזירטער טעאָקראַטיע. אינערהאַלב דעם פעאָדאַליזם האָבן ניי־געשאַפענע קלאַסן־ווידערשפרוכן געבוירן די כוחות, וואָס האָבן אַרויסגערופן צום לעבן דעם האַנדלס־קאַפּיטאַליזם און עס האָט זיך פאַרשטאַרקט דער אַבסאָלוטיזם. דער האַנדלס־קאַפּיטאַליזם האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַרן אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם, וואָס האָט זיך געניטיקט אין פרייער אַרבעט און אין דער פרייער איניציאַטיוו. עס קומען פאָר די בורזשואַזע רעוואָלוציעס און עס אַנטוויקלט זיך די בור־זשואַזע דעמאָקראַטיע. די פרייע קאָנקורענץ ווערט מיט דער אינדוסטריע־לער אַנטוויקלונג פאַרוואַנדלט אין איר היפוך, אין מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַליזם. די אַנטוויקלונג פון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם האָט געבראַכט אויף דער היסטאָרישער אַרענע דעם מאָדערנעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס ווערט גע־צוווּנגען צו פאַרקויפן זיין אַרבעטס־קראַפט צו דעם קלאַס, וואָס קאָנטראָ־לירט די פּראָדוקציע־ מיטלען. אין דעם קאַמף פאַרן מאַטעריעלן באַזיץ פון דער געזעלשאַפט פירט דער אַרבעטער־קלאַס אַ קאַמף פאַר דער פאַר־געזעלשאַפטלעכונג פון די פּראָדוקציע־מיטלען. מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און מיט דער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל וועט דער אַרבעטער־קלאַס אַליין איבערנעמען די פּראָדוציר־מיטלען, דורכן איבער־נעמען די קאָנטראָל פון דער מלוכה און בויען די נייע קלאַסנלאָזע געזעל־שאַפט.

איין געזעלשאַפטלעכע פאָרמאַציע וואַקסט, לויטן מאַרקסיזם, אַרויס פון דער צווייטער מיט אַ כמעט מעכאַנישער פּינקטלעכקייט. אַזוי האָט דער מאַרקסיזם אויפגעבויט אַ סכעמע פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, אַ היסטאָרישע פּיראַמידע, וועמענס שפּיצן גרייכן צום מלכות השמים: פון די פּרימיטיווע שבטים קאָמונעס ביז צום מאָדערנעם קאָמוניזם.

ביים אויפשטעלן אַזאַ סכעמאַטישע היסטאָרישע פּיראַמידע האָבן מאַרקסיסטן גאָר פאַרגעסן, אַז דער גרעסטער טייל פון דער וועלט האָט אַזאַ סכעמאַטישע אַנטוויקלונג נישט דורכגעמאַכט און האָט נישט געקלע־טערט אויף דער פּיראַמידע מיט די זעלבע פּוסטריט. אומגעפער אַזאַ פאַר־ענדיקטע טעאָרעטישע סטרוקטור פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג.

האָט דער מאַרקסיזם אויפגעשטעלט אויפן באַזיס פון דער היסטאָרישע־ אַנטוויקלונג אין אַ גאַנץ קליינעם טייל פון דער וועלט. די פעלקער פון אַזיע און אפריקע האָבן דורכגעמאַכט און מאַכן דורך גאַנץ אַנדערע אַנט־ וויקלונגען. אַ טייל שפּרינגען אַריבער היסטאָרישע תקופות און מיידן אויס אַ ריי סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאָרמאַציעס, וואָס עס האָבן דורכגעמאכט די מערב־לענדער. ביי אַ טייל פעלקער הייבט זיך גאָר אָן זייער אינדוסטריע־ לע אַנטוויקלונג נישט מיטן פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטישן אייגנטום פון די נאָך שטאַרק צוריקגעשטאנענע פּראָדוציר־מיטלען. אַ טייל פון די פעלקער שפּרינגען אַריין פון אַ האַלב פּאַטריאַרכאַלע שבטים־געזעלשפט, אָדער נאָך פון א געוויסע פאָרם פון פעאָדאַליזם אין אַן אויטאָקראַטישן טאָטאַ־ ליטאַרן סאָציאַליזם[53]. און אויב עס שטימט נישט מיט דער מאַרקסיסטיש אויפגעשטעלטער סכעמע, קאָן מען אָבער מיט דער הילף פון דער דיאַ־ לעקטיק אַלץ דערקלערן.

אין אַזאַ אינטערפּרעטאַציע פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג איז דער עקאָנאָמישער דעטערמיניזם דער איינציקער באַוועג־פאַקטאָר פון דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג. דער מענטש ווערט אַוועקגעשטעלט ווי אַ בלינד ווערקצייג פונעם געשיכטלעכן גורל.

כאָטש מאַרקס אַליין האָט אין ווערטער נישט פולשטענדיק אונטער־ שאַצט די ראָל פון יחיד און זיין איינפלוס אויפן געשיכטלעכן גאַנג און ער האָט דערקלערט: „מענטשן מאַכן זייער אייגענע געשיכטע", דאָס איז אָבער בלויז געווען אַ פאָרמעלע אָנערקענונג. דער מענטש, זיינע אידעאַלן, מעשים, האָפענונגען און שטרעבונגען זענען ביי אים אָדער פולשטענדיק אונטערגעוואָרפן דעם עקאָנאָמישן דעטערמיניזם און אַמאָל גיט ער דער היסטאָרישער פּערזענלעכקייט, אירע אידעען אָדער מעשים, אַ זעלבשטענ־ דיקן כוח. ווייל דער „וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם" קאָן באַין אופן נישט מעסטן די קעגנווירקונגען פון מענטש אויף זיין סביבה, דעריבער איז זייער פיל אָנגעוואַקסן אינעם מאַרקסיזם, אין וועלכן מאַרקס אַליין איז אפשר טיילווייז געווען אומשולדיק. זייער פיל מאַרקסיסטישע מפרשים האָבן פאַרוואַנדלט דעם מארקסיזם אין אַ לערע פון אַבסאָלוטער אומפאַר־ מיידלעכקייט און פולשטענדיק איגנאָרירט די ראָל פון מענטש, וואָס אַר־

[53] סאָציאַליזם אין דעם זין און פאַר די וואָס נעמען אָן, אַז בלויז די אָפּשאַפונג פון פּריוואַט־אייגנטום אויף די מיטלען פון פּראָדוקציע מיינט סאָציאַליזם.

בעט באַוווסטזיניק צו דערגרייכן זיין ציל. פּראָפעסאָר דזשאָן דואי, רעדנ־דיק וועגן דער ראָל פון מאַרקסיזם אין זיין באַציונג צום יחיד, זאָגט:

„דער מאַרקסיזם האָט געשאַפן אַ גענעראַליזאַציע, וואָס האָט באַדאַרפט דערקלערן דאָס הערשנדיקע געזעץ פון באַוועגונג און רעזולטאַטן פון אַלע געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען".

„איך באַצי זיך קריטיש צו געזעלשאַפטלעכע טעאָריעס, וואָס רעדוצירן דעם מענטשלעכן פאַקטאָר צו אַ מיני־מום און דערקלערן געשעענישן און פאַסן צו האַנדלונגען, אויסשליסלעך אין טערמינען פון באַדינגונגען געשאַפענע פון דער סביבה. מאַרקסיזם דאַרף גענומען ווערן אַלס טיפּי־שער ביישפּיל פון אַבסאָלוטיזם. ער (מאַרקס) פאַרלייקנט אין נאָמען פון וויסנשאַפטלעכקייט די באַוועגלעכע כוחות פון מענטשלעכע ווערטן" [54].

פון איין זייט האָט דער מאַרקסיזם אין דער פּראַקטישער אָנווענדונג אונטערגעוואָרפן אונטער זיך אַלע מענטשלעכע טראַכטונגען, פאַר־לאַנגען און מעשים. די פרייהייט פון מענטשלעכן דענקען איז געוואָרן שטרענג אונטערגעוואָרפן צו דעם איינציקן אַבסאָלוט אומפאַרמיידלעכן היסטאָרישן ציל, צו וועלכן די געשיכטע באַוועגט זיך. די יחידים, פּונקט ווי דער גאַנצער קאָלעקטיוו, ווערן רעדוצירט צו בלינדע געהאָרכזאַמע אויספירער פון דעם רצון פון די געשיכטלעכע פּראָצעסן. דער מענטש ווערט רעדוצירט צו אַ מאַריאָנעט, וואָס ווערט געבראַכט אין באַוועגונג דורך די קלאַסן־באַציונגען, אַרויסגערופן פון די באַשטימטע פּראָדוציר־באַדינגונגען. דער היסטאָרישער דעטערמיניזם ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אומפאַרמיידלעכער טאָטאַלקייט. דער היסטאָרישער וואָגן ווערט געטריבן זיך צו באַוועגן אויף די גענויסטע פּינקטלעך אָנגעצייכנטע וועגן פונעם עקאָנאָמישן דעטערמיניזם.

פון דער צווייטער זייט האָבן בלויז די פּריסטער פון דער אידעאָ־

---

(54) JOHN DEWEY. FREEDOM AND CULTURE pp. 75—76

לאָגיע, די וואָס האָבן די מאַכט און איינפלוס־אויטאָריטעט צו זיין די איינ־ציקע, וועלכע זענען מסוגל צו דערזען דאָס אמתדיקע ליכט, וואָס באַשיינט די וועגן, אויף וועלכע די געשיכטע דאַרף זיך אַנטוויקלען. — בלויז זיי האָבן די מאַכט צו אינטערפּרעטירן די אידעאָלאָגיע, וואָס דאַרף באַלייכטן אַלע מענטשלעכע מחשבות און מעשים אויפן ריכטיקן וועג צום געגאַרטן ציל. אַלע דאַרפן קוקן דורך די אויגן פון די, וואָס האָבן די מאַכט און קאָנען דעריבער זיין די איינציקע מפרשים. אַלץ וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן זענען שונאים פון פּראָגרעס און פון דער מענטשהייט. זיי מוזן צעריבן ווערן אונטער די רעדער פון אומפּאַרמיידלעכן היסטאָרישן גאַנג. דאָס מיינט דאָך אָבער, אַז דער יחיד, די היסטאָרישע פּערזענלעכקייט ווערט אַוועקגעשטעלט אויפן פּיעדעסטאַל. דאָס מיינט דאָך די אונטערגעוואָרפנ־קייט אונטער דער מאַכט פון די, וועלכע דאַרפן קערעווען מיט דער גע־שיכטע, עס נעגירט דאָך דעם עקאָנאָמישן דעטערמיניזם.

ווי די געטער פון־די אַנדערע אַנטוויקלטע רעליגיעס, איז אויך דער מאַרקסיסטישער עקאָנאָמישער דעטערמיניזם אַלמעכטיק אין קערעווען דאָס ראָד פון דער געשיכטע און דעם גורל פון דער מענטשהייט. אַזאַ טאָפּלטער צוגאַנג איז שטאַרק ענלעך צו דער טעאָלאָגישער אינטערפּרע־טאַציע פון געשיכטע, ספּעציעל צום קאַלוויניזם. די גאַנצע טעאָלאָגישע געשיכטע־אינטערפּרעטאַציע ווערט אין לעצטן סך־הכל רעדוצירט צו א באַשטימטן פאַטאַליזם, צו א באַשערטקייט. גאָט פאַרחתמעט דעם געשיכט־לעכן גורל. אויך ווען מיר ווילן אונטערוואַרפן אַלע מחשבות און מעשים אונטערן עקאָנאָמישן דעטערמיניזם, דערפירט עס סוף־כל־סוף צו אַן ענלעכן פאַטאַליזם. אפילו ווען מארקסיסטן זוכן זיך אין דער טעאָריע אָפּ־צוגרענעצן פון דער טעאָלאָגיע און פון דער באַשערטער גורלדיקייט, זענען אַלץ די פּראָדוקציע־באַציונגען גורם צו אַלע סאָציאַלע ענדערונגען. דער והיה באחרית הימים איז א פון פריער אָנגעצייכנטער דורך דער עקאָנאָ־מישער אַנטוויקלונג, וואָס ווערט געשטויסן דורך די ווידערשפּרוכן, וואָס ווערן געשאַפן צווישן די פּראָדוציר־באַדינגונגען און פּראָדוציר־באַציונגען. מאַרקסיסטן לייקענען טאַקע נישט אָפּ די ראָל, וואָס מענטשן שפּילן אין דעם היסטאָריש־עקאָנאָמישן דעטערמיניזם. אויך דער קאַלוויניזם איז געווען איבערצייגט, אַז גאָטס ווילן רופט אַרויס די כוחות פון די צדיקים, וואָס זענען באַהויכט מיטן ריינעם, אמתדיקן גלויבן, אַרויסצוגיין אין דער וועלט און קעמפן, אַז די מענטשהייט זאָל אָננעמען די געטלעכע אמתן. אין יעדער רעליגיע געטרויט גאָט אָן זיינע אויסדערוויילטע אויסצופירן זיין

ווילן. גאָטס ווילן קאָן אויך געענדערט ווערן, ווען די מענטשן וועלן זיך אומקערן אויפן ריכטיקן וועג.

די מפרשים פון מאַרקסיזם באַמערקן נישט, אַז ווי לאַנג דער מאָנאָ־פאָל פון אינטערפּרעטאַציע ליגט אין די הענט פון פירער אָדער מאַכט־האָבער און אַלע זענען אונטערגעוואָרפן צו זיינע מיינונגען, דעמאָלט ווערט פולשטענדיק נעגירט די גאַנצע הנחה פון אומפּאַרמיידלעכן עקאָנאָמישן דעטערמיניזם. עס באַקומט זיך, אַז דער פירער, די היסטאָרישע פּערזענ־לעכקייט, דער וואָס קערעוועט די געשיכטע לויט זיין סוביעקטיוו־פּערזענ־לעכער איינזעעניש, איז דער הויפּט־פאַקטאָר אין די געשיכטלעכע פּראָצעסן. מיר מוזן דעריבער נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל קומען צום באַשלוס, אַז צוליב דער אָפּוועזנקייט פון וויסנשאַפטלעכקייט אינעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַ־ליזם", קאָן נישט געפינען ווערן דער גלייכגעוויכט אין די באַציונגען פון מענטש און סביבה. דערפאַר טאַקע קומען מאַרקסיסטן אין דער פּראַקטיק צום צווייטן עקסטרעם, די פאַרהערלעכונג פון דער פּערזענלעכקייט, וואָס שטייט אין ווידערשפּרוך צו די אייזערנע געזעצן פון עקאָנאָמישן דעטער־מיניזם. אין יעדן טאָטאַלן געזעלשאַפטלעכן דענקען ווערט אַלעמאָל גע־לייגט דער הויפּט־געוויכט אויף דער גרויסער ראָל פון דעם מאַכטהאָבער, פון דעם פירער, פון דער היסטאָרישער פּערזענלעכקייט, פון דעם פּראָפע־סיאָנעלן רעוואָלוציאָנער. אַלע היסטאָרישע געשעענישן ווערן אָפּהענגיק פון דעם אָנגעוויזענעם אָדער אַרויפגעצוווּנגענעם וועג פון דעם פירער, אָדער פון די, וועלכע זיצןביים רודער און האַלטן די צוים, כדי אַכטונג צו געבן, אז אלעמענס מחשבות און מעשים זאָלן זיך באַוועגן לויט דער אויס־טייטשונג פון דער פירערשאַפט. ביי זיי ליגט פאַרקערפּערט די אַבסאָלוטע געטלעכע חכמה פון אויסטייטשן די הייליקע שריפטן. אזא צוגאַנג און איינשטעל מוז פאַרשטאַרקן נישט בלויז די אידעישע אויטאָריטעט, נאָר אויך די אבסאָלוטע מאכט פון פירער. זיי, די פירער אָדער מאַכטהאָבער זענען די שומרים פון דער אידעאָלאָגיע, וואָס דאַרף דערפירן צום געגאַרטן ציל.

פון איין זייט, רוקט דער הערשנדיקער מאַרקסיזם אַרויס די גרויסע היסטאָרישע פּערזענלעכקייט, וועלכע האַלט דעם רודער פון דער געשיכטע אין איר האַנט. פון דער צווייטער זייט, ווערט, לויטן מאַרקסיזם, די גרויסע היסטאָרישע פּערזענלעכקייט טעאָרעטיש נעגירט. זי איז נישט מער ווי אַן עכאָ פון די עקאָנאָמישע כוחות פון די געגעבענע פּראָדוציר־באַדינ־גונגען.

די צוקונפט ליגט נישט קיין אויסגעפאָרמירטע באַהאַלטן אינעם טראַכט פונעם היינט. דעטערמיניסטן, עקאָנאָמישע, טעאיסטישע אָדער וועלכע אַנדערע, מוזן אפילו נישט ווילנדיק רעדוצירן די געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג צו איינזייטיק דערזעענע פאַקטאָרן. זיי מוזן לאָגישערווייז נעגירן די אומצאָליקע פאָטענציעלע אַלטערנאַטיוון פון א גרעסערן אָדער קלענערן פארנעם. דעטערמיניסטן זענען אלעמאָל ארייננגעפאסט אין אַן „איזם" און דערבליקן בלויז דעם איינציקן אויסוועג, וועלכער שפּאַרט זיך דורך, דורך דער פּאַראייגנטער וועלט־אַנשויונג, דורך דעם גאַנץ באַגרע־נעצטן אידעישן שליסל־לאָך.

פאַרקערט, די נישט־דעטערמיניסטן דענקען, אַז עס זענען פאַראַן אַן אומבאגרענעצטע צאָל פאַקטאָרן, גרעסערע און קלענערע, סיי אָביעקטיווע און סיי סוביעקטיווע, וואָס זענען משפּיע דעם געזעלשאַפטלעכן פאָרמי־רונגס־פּראָצעס. אַמאָל קאָן אפילו א מינדערוויכטיקער, נישט פאָרויסגע־זעענער פאקטאָר, זיך אנטוויקלען און דערגרייכן א קולמינאַציע־פּונקט, אויף צו צעשטערן דעם סאָציאַלן גלייכגעוויכט און דערמיט אויף אַ געוויסן אופן ענדערן די ריכטונג פון דער סאָציאלער אַנטוויקלונג. די פּאָטענציעלע רעאַליטעטן שווימען אַרויס אין א ים פון פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן, אָבער נישט אַלע שווימען צו צו די ברעגן זיך צו רעאליזירן. מיר קאָנען דעריבער נישט מסכים זיין מיט קיין שום סאָרט „סאָציאַלן דעטערמיניזם", ווייל ער מוז נעגירן די פּלוראַלע ווידערשפּרעכנדיקע אלטערנאַטיווע כוחות, וואָס האָבן די פּאָטענצן צו באַווירקן די ריכטונג פון דער סאָציאַ־לער אַנטוויקלונג. עס זענען אין סאָציאַלן לעבן פאַראַן מער וועגן, ביי־וועגן, אומוועגן און אויסוועגן ווי די נעמען, וואָס סאָציאַלע וויזיאָנערן האָבן צוגעטראַכט. כאָטש דער נאָמען פון א דעפינירטן אויסוועג שפּילט אַ דע־צידירנדיקע ראָל און באַאיינפלוסט אונדזערע מעשים, וואָס דאַרפן דערפירן צו אונדזערע צילן. אַזוי שנעל ווי מיר האָבן דעפינירט און פאַראייגנט דעם ציל, מיינען מיר, אַז מיר האָבן שוין געפונען די עקזאַקטע און נישט־אָפּפרעגנדיקע לעזונג פון אונדזערע פּראָבלעמען. מיר שטעלן זיך צופרידן אזוי שנעל ווי מיר האָבן א נאָמען פאר דער איצטיקער אָדער פאַר דער מעגלעכער דערשיינונג.

די מאַרקסיסטישע אַקסיאָמע, אַז דער „זיין" באַשטימט דעם „סאָציאַלן באוווסטזיין", אַז די מענטשלעכע אידעען און מעשים זענען נישט מער ווי א מעכאנישע אָפּשפּיגלונג פון דער סאָציאלער רעאליטעט, באַשטייט פון א האַלבן אמת. ווייל אויך דער באַוווסטזיין אין א מעכטיקער

פאַקטאָר אינעם פאָרמירן דעם סאָציאַלן זיין. ביידע: דער עקאָנאָמישער און דער טעיִסטישער דעטערמיניזם קומען זיך צוזאַמען. פון דער לאָגיק פון ביידע ווידערשפּרעכנדיקע סיסטעמען דרינגט אַרויס, אַז דער מענטשלעכער גורל ליגט נישט פולשטענדיק אין די אייגענע הענט, נאָר איז אַ פאָרויס אָנגעצייכנטער און פאָרויס באַשטימטער. ביי די טעיִסטן ווערט דער מענטשלעכער גורל באשטימט און רעגולירט דורך דער השגחה־העליונה און ביי די עקאָנאָמישע דעטערמיניסטן ווערט ער באַשטימט פון די געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקציע־באַציונגען, וואָס וואַקסן אַרויס פון באַשטימטע פּראָדוציר־באַדינגונגען. סיי די טעיִסטן, וואָס האַלטן, אַז די געטער רעגולירן און באשטימען דעם מענטשס „זיין" און סיי די פאַרשיידענע מאַטעריאַליסטישע טעאָריעס און פילאָזאָפיעס, אריינגערעכנט דעם מאַרקסיזם, וואָס שטייט אויפן שטאַנדפּונקט פון עקאָנאָמישן דעטערמיניזם.— ביידע לייִדיקן אויס דעם מענטש פון זיין אייגענעם זעלבשטענדיקן ווילן און פון זיינע אייגענע שאפונגס־כוחות. אין ביידע עקסטרעמען ווערט דער מענטש, ווילנדיק אָדער נישט, רעדוצירט צו אַ פּאַסיוון געהאָרכזאַמען אָביעקט, וואָס ווערט געבראַכט אין באַוועגונג פון נישט קאָנטראָלירבאַרע כוחות.

לויטן אָרטאָדאָקסאלן מאַרקסיזם, וויקלט זיך ארויס איין עקאָנאָמישע פאָרמאציע פון דער צווייטער מיט א באשטימטער געזעצמעסיקייט. די מענטשלעכע אידעען און מעשים זענען א באַטירלעכער ארויסוווקס פון די געגעבענע פּראָדוקציע־באַציונגען און די מענטשן זענען פולשטענדיק אונטערגעוואָרפן די געגעבענע פּראָדוקציע־באַדינגונגען. זיי זענען באַגרענעצט צו די ענגע ראַמען פון דער געגעבענער עקאָנאָמישער סטרוקטור. דער מענטש קאָן לויט דער מיינונג נישט אַריבערשפּרייזן די גרענעצן פון זיין באשטימטער עקאָנאָמישער פאָרמאַציע. אין דער זעלבער צייט אָבער ווידערשפּרעכן זיי זיך און גלאָריפיצירן די היסטאָרישע פערזענלעכקייט, וואָס קערעוועט די געשיכטע אין דער אָדער יענער ריכטונג. די איקאָניזאַציע פון א מאַרקס, אַ לענין און שפּעטער א סטאַלין, האָט דאָך בפירוש באַוויזן, אַז גראָד דער איינפלוס אָדער די מאַכט פון דער היסטאָרישער פערזענלעכקייט, פון דעם גוטן אָדער פון דעם שלעכטן העלד, קאָן אַריבערבייגיין דעם עקוויליבריום פון סאָציאַלן אָרגאַניזם מיט אַ סך אַ שטאַרקערן כוח, ווי דער, וועלכער ווערט אַרויסגערופן פון די סאָציאַלע באַציונגען, וואָס וואַקסן ארויס פון די פּראָדוקציע־באדינגונגען. מעגן די פּראָדוקציע־באַציונגען זיין רייף פאַר סאָציאַל־פּאָליטישע ענדע־

רונגען, דאָך קומען די ענדערונגען נישט פאַר אָן דער ראָל פון דער פירער־שאַפט, איינפלוס אָדער מאַכט פון דער פערזענלעכקייט. פון דער צווייטער זייט, קומען פאָר טיף־גייענדיקע היסטאָרישע ענדערונגען, דורך דעם איינפלוס אָדער מאַכט פון דער היסטאָרישער פערזענלעכקייט, אפילו ווען די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור איז ווייט נישט גרייט פאַר רעוואָלו־ציאָניזירנדיקע היסטאָרישע ענדערונגען. אין דער מענטשלעכער געשיכטע קאָן מען געפינען אומצאָליקע ביישפּילן צו באשטעטיקן די מיינונג.

לויט דער טעאָלאָגישער אויסטייטשונג, האָט דער מענטש צוויי אויסוואַלן: אָדער ער קלייבט זיך אויס דעם וועג פון גאָט אָדער דעם וועג פון שטן. אָדער ער ווערט געפירט פון יצר־טוב אָדער פון יצר־הרע. דער פרייער אויסוואַל פונעם יחיד איז באַגרענעצט און איז נאָר אָפּהענגיק פון זיין אייגענעם שטאַרקן אָדער שוואכן ווילן. לויטן מארקסיזם אין זיין פראקטישער אָנווענדונג, איז דעם מענטשס אויסוואַל פונקט אַזוי באַגרע־נעצט. אויך דאָ איז דער מענטש אַלעמאָל אַ געצייג פון א דרויסנדיקן כוח אָדער כוחות. אָדער זיינע אידעען און מעשים ווערן געפירט און געריכטעט פון א פארשפּיצטן עקאָנאָמישן דעטערמיניזם, אָדער ער איז פולשטענדיק דאָמינירט פונעם איינפלוס און ווילן פון פירער אָדער אויטאָריטעט. די יחידים נאָכפאָלגער ווערן באַטראַכט פאַר זינדיקע, ווען זיי פאלן ארונטער אונטער דער הערשאפט פון שטן, פון א נישט אויטאָריזירטער אידעע. דער מענטש, דער יחיד, ליידט נאָך שטאַרקער פאר זיינע זינד, ווען דער אידעישער פירער קאָנטראָלירט אויך די מלוכה־מאַכט. דעמאָלט ווערט זיין אינטערפּרעטאַציע פון דער הערשנדיקער אידעאָלאָגיע אַן אבסאָלו־טער אמת. גאָט און זיין משפט איז אַלעמאָל גערעכט, ספּעציעל ווען דער וואָס טראָגט אַרויס דעם משפט, קאָן זיך באַנוצן מיט דער מאַכט פון באַ־שטראָפן הערעטיקער, די אַנדערש־טראַכטנדיקע ווי די פירער. דאָס דענ־קען פונעם יחיד מוז זיך אַריינפּאַסן אין די ראַמען פון דעם אָנגענומענעם אויטאָריטעט. עס עקזיסטירט אַ כלל: אַז דאָ, ווו די מאַכט פון דעם אוי־טאָריטעט ווערט איבערגעשאַצט, אויף אזוי פיל ווערט די מאכט פון די וואָס ווערן אונטערגעוואָרפן דעם אויטאָריטעט, שטאַרק אונטערגעשעצט. דאָס מיינט אויך די נעגירונג פון די פרייע גייסטיקע כוחות פון פאָלק.

ביידע היפּוכדיקע באַציונגען פונעם מאַרקסיזם: פון איין זייט, דאָס לייגן דעם הויפּט־געוויכט אין סאָציאלע ענדערונגען אויף דעם אייזערנעם געזעץ פון עקאָנאָמישן דעטערמיניזם און פון דער צווייטער זייט, לייגן דאָס הויפּט־געוויכט אויף דער וויזיע און מאַכט פונעם פירער. — ביידע עקס־

טרעמען קאָנען פאַר אונדז נישט באַווייזן, ווער האָט אויף וועמען מער השפּעה אין די קעגנווירקונגען פון מענטש און סביבה: צי קערעוועט דער מענטש די געשיכטע אָדער ווערט דער מענטש געקערעוועט פון דער געשיכטע? אין ביידע היפּוכדיקע באַציונגען ווערט דאָס פּאָלק רעדוצירט צו דער ראָל פון פּאַסיווער געהאָרכזאַמקייט, פון בלינדע דורכפירער. אָדער דאָס פּאָלק איז א געצייג פון דעם ווילן פון פירער, פון זיין איינפלוס אָדער מאכט־אויטאָריטעט, אָדער גאָר אַ ווילנלאָז געצייג פון עקאָנאָמישן דעטערמיניזם, פון דעם אַבסאָלוט אומפּאַרמיידלעכן גאַנג פון דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג, אַ שטענדיקער קרבן פון סביבהדיקע באַדינגונגען. אין ביידע היפּוכדיקע אויסטייטשונגען געפינט זיך אלעמאָל דאָס פּאָלק אונטער אַ באַשטימטער השגחה. אזא באַציונג גייט נישט צו ווייט אוועק פון דער טעיסטישער געשיכטע־אויפפאסונג. דער ווילן פון דער פרייער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט דריקט זיך אויס אין דער שטרעבונג בייצוקומען די צוימען, וואָס רינגלען אים אַרום. דער ווילן זוכט בייצוקומען די השגחה פון די דרויסנדיקע כוחות. דערביי איז נישטאָ קיין אונטערשיד צי די דאָזיקע כוחות שטאמען פון היסטאָרישן עקאָנאָמישן דעטערמיניזם אָדער גאָר פון דער השגחה העליונה.

דער מארקסיזם, פּונקט ווי יעדע אנדערע פאַראייגנטע וועלט־אָנשויונג, צו וועלכע אָנהענגער קלאַמערן זיך, ווי צו אן אייגענעם אמת, קאָן קיינמאָל נישט אַרויסגיין פון די גרענעצן פון השערהדיקייט. דער אינדוקטיווסטער מעטאָד אינעם באטראכטן סאָציאַלע באציונגען ווערט אויף א געוויסן אופן באַאיינפלוסט פון א פריערדיקער דעדוקטיווער הנחה, וואָס איז נישט מער ווי אַן אויסדרוק פון א פאראייגנטער וועלט־אַנשויונג. קיין סאָציאַלער „איזם", אַריינגערעכנט דעם מארקסיזם, קאָן נישט גענוי וויסנשאפטלעך דעפינירן דעם עקוויליבריום צווישן ווירקונג און קעגנווירקונג פון מענטש און סביבה און צווישן די אָביעקטיווע און סוביעקטיווע פאַקטאָרן.

לויטן מארקסיסטישן עקאָנאָמישן דעטערמיניזם, דאַרפן די אָביעקטיווע באַדינגונגען אַרויסרופן די סוביעקטיווע פאקטאָרן. ווען אָבער אין דער מארקסיסטישער פּראַקטיק ווערט געלייגט אזא גרויס געוויכט אויף דער געשיכטלעכער פּערזענלעכקייט, אויף דעם פירער, אויף דעם פּראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער, אָדער אויף דער רעוואָלוציאָנערער פּארטיי, מיינט עס דאָך, אַז דער יחיד, זיין פּערזענלעכקייט, דער ריין סוביעקטיווער

פאַקטאָר, איז די הויפּט־ספּרוזשינע אין דער היסטאָרישער אנטוויקלונג. דאָס מיינט דאָך, אז דער פירער אָדער מאכטהאָבער פאָרמירט די געשיכטע אין זיין געשטאַלט.

אין אַ בריוו, וואָס מאַרקס האָט געשריבן צו קוגעלמאַנען, זוכט ער פאר אים צו באווייזן, אז אין ענגלאַנד זענען שוין דאָ די מאטעריעלע באַדינגונגען פאַר א סאָציאַלער רעוואָלוציע. די באדינגונגען זענען טאַקע רייף, דער איינציקער אָפּהאַלט איז דאָס, וואָס די ענגלישע ארבעטער פעלט די רעוואָלוציאָנערע באַגייסטערונג. די פירערשאפט אָבער פונעם גענעראַל־קאָונסיל פונעם אינטערנאַציאָנאַל וועט דארפן צושטעלן אָט די באַגייסטערונג און אונטערטרייבן די אמתדיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג [55].

אויב די אָביעקטיווע באדינגונגען זענען טאקע אין לעצטן יאָרהונדערט אין ענגלאַנד טאַקע געווען רייף פאַר א סאָציאַלער רעוואָלוציע און אויב עס איז ווי מארקס דערקלערט, אַז „די (עקאָנאָמישע) טענדענצן ארבעטן מיט אַן אייזערנער נויטווענדיקייט צו אומפארמיידלעכע רעזולטאַטן" און אַז דאָס סוביעקטיווע איז אַ פועל יוצא פון די דאָזיקע אייזערנע אָביעקטיווע געזעצן פון עקאָנאָמישן דעטערמיניזם, פאַרוואָס־זשע האָט אין ענגלאַנד דעמאָלט געפעלט אָט די דאָזיקע „אמתדיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג" ? פאַרוואָס האָט ביי זיי געפעלט די רעוואָלוציאָנערע באַגייסטערונג ?

דאָס אַלץ איז אין דער פּראַקטישער אָנווענדונג פונעם מארקסיזם. אין דער טעאָריע זאָגט אָבער מארקס, אז „קיין איין געזעלשאַפטלעכע פאָרמאַציע פארשווינדט נישט פריער, איידער עס אנטוויקלען זיך אַלע פּראָדוציר־כוחות, פאַר וועלכע זי שטעלט צו גענוג מעגלעכקייטן. און די נייע פּראָדוציר־באַציונגען פאַרנעמען קיינמאָל נישט דאָס אָרט פון די אַלטע, איידער עס אַרבעטן זיך אויס אין די טיפענישן פון דער אַלטער געזעלשאפט מאַטעריעלע באדינגונגען פאַר זייער עקזיסטענץ. דעריבער קאָן מען זאָגן, אַז די מענטשהייט שטעלט זיך תמיד אויספירבאַרע אויפגאַבן, ווייל ביי אַן אויפמערקזאַמען באטראכטן, ווייזט זיך אַרויס, אַז די אויפגאַבע גופא דערשיינט בלויז דאָרטן, וווּ עס עקזיסטירן די מאַטעריעלע באַדינ־

(55) NEUE ZEIT XX nu. 2. z. 477.

גונגען פאַר איר לעזונג אָדער זיי געפינען זיך אין פראָצעס פון אַנט־שטיין״ [56].

מען קאָן אָנווייזן אויף אומצאָליקע ביישפּילן אין דער געשיכטע, ווי מענטשן האָבן זיך געשטעלט סאָציאַלע אויפגאַבן, וואָס זענען נישט געווען לעזבאַר אין זייער צייט. מען קאָן אויך אָנווייזן אויף אומצאָליקע סאָציאַל־באַפרייערישע אויפגאַבן, וואָס די מענטשהייט האָט זיך געשטעלט, פאַר וועלכע די באַדינגונגען פאַר זייערע רעאַליזירונגען זענען נישט געווען קיין גינסטיקע. פון דער צווייטער זייט, זעען מיר אין דער מענטשלעכער געשיכטע זייער אַ סך גרויסע סאָציאַלע ענדערונגען, וואָס זענען נישט אַלעמאָל געווען קיין אויסדרוק פון געענדערטע פּראָדוציר־באַדינגונגען, נאָר פיל מער פון דעם איינפלוס פון דער היסטאָרישער פּערזענלעכקייט.

ענגעלס מיינונג, אַז „אַלע סאָציאַלע ענדערונגען און פּאָליטישע רעוואָלוציעס דאַרפן געזוכט ווערן אין די ענדערונגען פון די פּראָדוקציע־באַציונגען״, וואָס קומען פון די ענדערונגען פון די פּראָדוקציע־באַדינגונגען, קאָנען טאַקע נישט פולשטענדיק צוריקגעוואָרפן ווערן. דאָס איז אָבער בלויז אַ האַלבער אמת [57]. האַלבע אמתן זענען ווייט פון וויסנשאַפטלע־כער אַלץ־אַרומנעמענדיקייט. די געשיכטע קאָן אויך אָנווייזן אויף זייער פיל פּאָליטישע רעוואָלוציעס, וואָס זענען נישט געווען קיין אויסדרוק פון ענדערונגען אין די פּראָדוקציע־באַציונגען.

אין די אינדוסטריעל־אַנטוויקלטע לענדער, מיט דער גרויסער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל, הויך אַנטוויקלטע אַרבעטס־צעטיילונג, צענטראַליזאַציע פון אינדוסטריע, פּראָפּאָרציאָנעל נומעריש גרויסער לוין פון אַרבעטער־קלאַס — אין די לענדער האָבן זיך שוין אַנטוויקלט „אַלע פּראָ־דוציר־כוחות, וואָס שטעלן צו גענוג מעגלעכקייטן, אַז די העכערע נייע פּראָ־דוציר־באַציונגען זאָלן פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון די אַלטע פּראָדוציר־באַ־ציונגען״. דאָס הייסט, אַז לויטן מאַרקסיזם זענען די אָביעקטיווע באַדינ־גונגען אין די לענדער מער רייף פאַר איבערגאַנג צו אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג. אויב די לענדער גייען נאָך נישט איבער

(56) KARL MARX. Introduction to the Critique of Political Economy.

(57) FRIEDRICH ENGELS. Socialism Utopian And Scientific. page 11.

צו א סאָציאַליסטישערווירטשאַפט, ווערט געטייטשט, איז דאָס בלויז דערפאַר, ווייל עס פעלן די נייטיקע סוביעקטיווע פאַקטאָרן. דאָס מיינט אַ געניג שטאַרקער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־קלאַס, אַ רעוואָלוציאָנערע פירערשאַפט און אַזוי ווייטער. דער סוביעקטיווער פאַקטאָר איז דאָך בלויז לויטן מאַרקסיזם אַן ארויסוואוקס פון די אנטוויקלטע אָביעקטיווע באַדינגונגען. פאַרוואָס־זשע פעלן די סוביעקטיווע פאַקטאָרן? פאַרקערט, אין אינדוסטריעל און פּאָליטיש שטאַרק צוריקגעשטאַנענע לענדער, ווו די מאַטעריעלע באַדינגונגען זענען ווייט נישט רייף, אין די לענדער, ווו דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליזם האָט ערשט אָנגעהויבן שטעלן די ערשטע פוסטריט, אין לענדער מיט אַ נומעריש קליינעם אַרבעטער־קלאַס, דאָ, ווו די אָביעקטיווע סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַדינגונגען פאַר אַ סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט זענען נישט געווען — אין די לענדער זענען, הייסט עס, יאָ געווען די סוביעקטיווע באַדינגונגען. דאָרט האָט זיך געשטאַרקט דער קאַמף פאַר סאָציאַליזם.

ווער־זשע טאַקע איז ווּעמענס טאַטע? באַוועגט דער מענטש, דער פירער, די געשיכטע? האַלט ער דעם רודער פון דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג אין זיין האַנט? דעמאָלט זענען דאָך די סוביעקטיוויסטן גערעכט. די גרויסע השפּעה פון דער היסטאָרישער פּערזענלעכקייט קאָן בייקומען היסטאָרישע צוימען פון די מאַטעריעלע באַדינגונגען און אַריבערשפּרייזן די גרענעצן פון עקאָנאָמישן דעטערמיניזם. אויב אַזוי, קומט טאַקע די גאַנצע פאַרהערלעכונג דעם גאָט־געזאַלבטן פירער, וואָס האַלט דעם רודער פון דער געשיכטע און קערעוועט זי לויט זיין ווילן און איינזעעניש. ער פאַרמאָגט עס די גרויסע שאַפּנדיקע אָדער שטערערישע וויזיע און אַלע געפירטע זענען אונטערגעוואָרפן זיין קאָמאַנדע. דאָס איז דאָך אַ פולשטענדיקע נעגירונג פונעם מאַרקסיסטישן עקאָנאָמישן דעטערמיניזם. דאָ ליגן דאָך אייגנטלעך די קוואַלן פון וואַנען עס האָט זיך אַנטוויקלט די איקאָניזאַציע פון אַ מאַרקס, לענין אָדער סטאַלין, פון דעם שטאַמט דאָך דער קולט פון דער פּערזענלעכקייט און די בלינדע פאַרהערלעכונג פון פירער און במילא די דערנידערונג פון די געפירטע. דאָ ליגן דאָך די סיבות, וואָס האָבן געשאַפן די גאַנצע טאָטאַליטאַרע באַציונג פון פירער: „די מלוכה, דאָס בין איך!".

ווי אַזוי־זשע פּראָבירט דער מאַרקסיזם געפינען דעם גלייכגעוויכט צווישן דעם עקאָנאָמישן דעטערמיניזם, די געשיכטלעכע געזעצמעסיקייט,

די מאַטעריעל־עקאָנאָמישע באַזע, די ווידערשפּרוכן צווישן די פּראָדוקציע־באַדינגונגען מיט די פּראָדוקציע־באַציונגען, דאָס הייסט די ריין־אָביעקטיווע פאַקטאָרן, מיט דער ראָל פונעם מענטש, דער סוביעקטיווער פאַקטאָר, אינעם אָנטרייבן מיט דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג? אויף דעם קאָן קיין שום סאָציאַלע פילאָזאָפיע נישט געבן קיין וויסנשאַפטלעכן דעפינירטן ענטפער. דער מאַרקסיזם פּראָבירט געבן אַן ענטפער מיט דער הילף פון אַ סאָפיסטישער דיאַלעקטיק, וואָס באַשטייט פון הוילע וואָרט־קונצן. מיט רעטאָרישער גימנאַסטיק קאָן מען בלויז אָנווייזן אויף ברעקלעך אמתן.

פונקט ווי דער דעטערמיניזם, עקאָנאָמישער אָדער טעיִסטישער, האַלט זיך שטאַרק אָן אין אַ מאָנאָ־אידעיזם, האַלטן זיך אָן אין אַן איינזייטיקן האַלבן אמת, אַזוי גייען אויך די סוביעקטיוויסטן אין דער געשיכטע־אינטערפּרעטאַציע אַוועק צום איינזייטיקן מאָנאָ־אידעיזם. זיי איגנאָרירן די היסטאָרישע פּראָצעסן און די עקאָנאָמישע כוחות, וואָס ווירקן אינערהאַלב דעם סאָציאַלן אָרגאַניזם. דער יחיד, די היסטאָרישע פּערזענלעכקייט, איז ביי זיי דער איינציקער כוח אין באַוועגן דעם סאָציאַלן אָרגאַניזם. אַלץ ווערט ביי זיי אונטערגעוואָרפן די גייסטיקע אָדער מאַכט־כוחות פון דער פּערזענלעכקייט. אַפילו ביי אַזאַ אָנגעזעענעם דענקער ווי בערטראַנד ראַסעל ווערט די געשיכטע באַוועגט בלויז דורך דער שעפערישקייט פון דעם גרויסן גייסט [58].

נישט קאָנענדיק מעסטן די שעפערישע קעגנווירקונגען פון מענטש און זיין סאָציאַלער סביבה, פאַלן אַלע ענטפערס אַריין אין אַ מאָנאָ־אידעיסטישן צוגאַנג און פאַרוואַנדלען זייערע ברעקלעך און שטיקלעך אמתן אין גאַנץ זיכערע פאַראייגנטע און אַלץ אַרומנעמענדיקע אמתן. מיר פאַרגעסן זיך און אָפט גאַנץ באַוווסטזיניק, אַז דער גאַנצער היסטאָרישער פּראָצעס באַשטייט פון אַ קרייז פון ווירקונגען און קעגנווירקונגען. עס איז אַ קרייז פון נישט־מעסטבאַרע סיבות און עפעקטן. אין אַ קרייז איז נישטאָ קיין אָנהייב און קיין סוף. עס איז דעריבער נוצלאָז צו זוכן, וואָס עס קומט פריער: די ווירקונג פון מענטש אָדער סביבה־באַדינגונגען. בלויז דורך

(58) "If a hundred men of the seventeenth century had been killed in infancy, the modern world would not exist".

BERTRAND RUSSEL. The Scientific Outlook. p. 34

דער פולער מיינונגס־פרייהייט קאָן אַ געזעלשאַפט געפינען איר סאָציאַלן עקוויליבריום, נישט קיין קינסטלעך אויפגעהאַלטענעם דורך דער מאַכט אויטאָריטעט פונעם פירער.

מען קאָן טאַקע נישט לייקענען, אַז אָן דעם „זיין" איז אויך נישט פאַראַן קיין „באַוווסטזיין". די ווירקונג אָבער פון דעם „זיין" אויפן „באַ־וווסטזיין" איז אָבער ווייט נישט קיין מעכאַנישער פּראָצעס. די קעגנוויר־קונג פון מענטשס „באַוווסטזיין" אויפן געזעלשאַפטלעכן „זיין" איז נישט אַלעמאָל און אונטער אַלע אומשטענדן געבונדן און געצוימט אויפן זעל־ביקן אופן. נישט אַלעמאָל איז די שעפערישע פּערזענלעכקייט געבונדן דורך סאָציאַלן „זיין", דורך דער סביבה, מיט די זעלבע שטריק. די וויר־קונג, מאַכט און איינפלוס פון דער פּערזענלעכקייט, פון איר באַוווסטזיין, ברייטערט אויס די באַגרענעצונגען פון דעם סאָציאַלן „זיין". וואָס גרעסער עס איז די שעפערישקייט פון דער פּערזענלעכקייט, אַלץ לענגער זענען די שטריק, וואָס שאַפן די פאַרבינדונג צווישן דעם שעפערישן באַוווסט־זיין מיטן „געזעלשאַפטלעכן זיין". וואָס לענגער עס זענען די שטריק, וואָס ביי איין סוף־פונקט געפינט זיך די רעאַליטעט, די צוימען פון „זיין" און אין צווייטן עק די שעפערישע פּערזענלעכקייט, אַלץ אַ גרעסערן און ברייטערן פרייהייט־קרייז האָט די געשיכטלעכע פּערזענלעכקייט זיך צו באַוועגן. די שעפערישע פּערזענלעכקייט איז דעריבער רעלאַטיוו ווינצי־קער געבונדן צו די צוימען פון געזעלשאַפטלעכן „זיין". דאָס פאַראורזאַכט אַ גרעסערן און מער זעלבשטענדיקן איינפלוס אין פאָרמירן און ענדערן די סביבה, לויט דעם ווילן פון דעם קאָנסטרוקטיוון אָדער דעסטרוקטיוון פירער. פונקט ווי עס קאָנען נישט איגנאָרירט ווערן די סאָציאַל־עקאָנאָ־מישע סביבה־באַדינגונגען, אַזוי קאָן מען אויך נישט רעדוצירן די פּער־זענלעכקייט צו אַ היסטאָרישן אינדיקאַטאָר, צו אַ ווייזער פון אַ זייגער, וואָס באַוועגט זיך בלויז דורכן אינערלעכן מעכאַניזם פון דער געזעלשאַפט־לעכער אַנטוויקלונג, וואָס ליגט ערגעץ באַהאַלטן אויף יענער זייט פון ציפער־בלאַט, אָדער ווערט גאָר באַשטימט פון געטלעכע כוחות. מיר זענען גע־נויגט צו גלויבן, אַז דער ווייזער, אָדער אינדיקאַטאָר אינעם מעכאַניזם פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, איז פונקט אַזאַ זעלבשטענדיק וויר־קנדיקער פאַקטאָר אין באַוועגן דעם געזעלשאַפטלעכן מעכאַניזם, דאָס הייסט, אינעם קערעוועןן די געשיכטע. מיר גלייבן, אַז די מענטשלעכע מחשבה און די מענטשלעכע מעשים, וואָס זענען אַ פאַרקערפּערונג פון דער מחשבה, זענען נישט אַלעמאָל שטייף צוגעבונדן און פאַרבונדן מיט

דער געגעבענער עקאָנאָמישער סטרוקטור און מיט די נויטן פון אַ באַשטימטן קלאַס פון זיין צייט. זיי זענען נישט אַלעמאָל אַ רעזולטאַט פון די געגעבענע פּראָדוציר־באַדינגונגען און פּראָדוציר־באַציונגען פון דער באַשטימטער צייט. מען קאָן געפינען איבערגענוג געשיכטלעכע ביישפּילן און באַווייזן, ווי די דענקערישע און שעפערישע פּערזענלעכקייטן זענען אויפגעטראָטן אויף דער געשיכטלעכער אַרענע און זיי האָבן ווייט אריבערגעשפּרייזט זייער צייט־סביבה, דאָס הייסט דעם געזעלשאַפטלעכן זיין. ווען מיר זאָלן אָננעמען די הנחה, אַז דער באַוווסטזיין פון דער שעפערישער פּערזענלעכקייט ווערט בלויז דיקטירט דורך דעם „זיין", דורך דער עקזיסטירנדיקער עקאָנאָמישער באַזע, אַז ווען מיר זאָלן אָננעמען, אַז דער מענטש איז בלויז אַ שטומער אויסדרוק פון געזעלשאַפטלעכן „זיין", דעמאָלט וואָלט עס געמיינט, אַז מיר שניידן אָפּ ביים מענטש זיינע פליגל. דאָס וואָלט געמיינט צו רעדוצירן דעם קרעאַטיוון מענטשלעכן כוח צו פולער אומבאַהאָלפנקייט און אימפּאָטענץ.

וויפל רעלאַטיווער אמת עס זאָל נאָר נישט ליגן אין דער מאַרקסיסטישער טעזע, „אַז ווירקנדיק אויף דער אויסערלעכער נאַטור, ענדערט דער מענטש זיין אייגענע נאַטור", גיט עס אַלץ נישט קיין וויסנשאַפטלעכע באַלייכטונג אויף דעם גאַנצן קאָנגלאָמעראַט פון באַציונגען און קעגנבאַציונגען, פון ווירקונגען און קעגנווירקונגען פון מענטש אויף נאַטור און געזעלשאַפטלעכער סביבה.

די אַלע פּילפּולים זענען נישט קיין אַבסטראַקטע, זיי זענען נישט צוליב דעם פאַרגעניגן פון מאַכן גייסטיקע גימנאַסטיק. די פּראָבלעמען פון פרייהייט, דיקטאַטור און דעמאָקראַטיע, די ראָל פון יחיד אין דער געזעלשאַפט, פרייהייט און באַגרענעצונג פון מענטשלעכן אידעישן אויסוואַל. — אָט די אַלע פראַגן ווערן רעדוצירט צו די דאָזיקע שוין אַזוי פיל מאָל דיסקוטירטע טעאָרעטישע פּראָבלעמען. די פראַגן פון קעגנזייטיקע באַציונגען פון יחיד און כלל, די ראָל און מאַכט־גרענעצן פון דער מלוכה זענען פאַרוויקלט אין די אַלע וויכוחים.

אַנטי־מאַרקסיסטן זענען אויך מסכים, אַז די היסטאָרישע פּערזענלעכקייט איז ביז געוויסע גראַדן אַ פּראָדוקט פון אַ באַשטימטער צייט־סביבה. זיינע פעיקייטן און זיין גאַנצער גייסטיקער באַגאַזש האָט אויך שטעקן זיינע וואָרצלען אין דער ירושה. די פראַגע איז נאָר, ווי שטאַרק איז די פּערזענלעכקייט געבונדן צו די גרענעץ־סלופּעס פון דעם געזעל־

שאַפּטלעכן „זיין״? ווי טיף זענען זיינע וואָרצלען אינעם נעכטן און אויף וויפל קאָן ער זיך דערהייבן און מיט זיך מיטהייבן זיינע מיטמענטשן אויף צו ענדערן די סביבה, אפילו ווען דאָס איז נישט אַלעמאָל אין פולן הסכם מיט די געגעבענע געזעלשאַפטלעכע באַציונגען, מיט די נויטן, וואָס זענען אַרויסגערופן געוואָרן פון דער געגעבענער עקאָנאָמישער סטרוקטור.

פון איין זייט, זעען מיר טאַקע, אַז די פרייע מענטשלעכע מעשים ווערן כסדר באַגרענעצט פונעם אַרום. טראַדיציאָנעל־ירושהדיקע און געזעלשאַפטלעכע סביבה־באַדינגונגען שטעלן כסדר אַוועק גרענעצן פאַר דער פרייהייט פון מענטשלעכע האַנדלונגען. דער לאַ־תעשה ווערט טאַקע אַן אייזערנער אָדער געטלעכער געבאָט. פון דער צווייטער זייט אָבער, ווירקן אָט די באַגרענעצונגען נישט אַלעמאָל מיט די זעלבע כוחות און ווירקן גאַנץ אנדערש אויף פאַרשידענע מענטשן און אויף גאַנץ פאַרשידענע סאָציאַלע סביבות. עס איז אָפּהענגיק ווי שטאַרק עס איז דער קרעאַטיוועך ווידערשטאַנדס־כוח פון דעם פאָלק אָדער פון דער פּערזענלעכקייט, וואָס קאָן מיט זיך מיטרייסן דאָס פאָלק.

עס זענען פאַראַן פלוראַלע און זיך שאַרף־ווידערשפרעכנדיקע פאַקטאָרן אין די געזעלשאַפטלעכע צוימען, וואָס ווערן אַוועקגעשטעלט פון די סביבה־באַדינגונגען. אויך די מענטשלעכע קעגנווירקונגען קעגן די צוימען זענען נישט אַלעמאָל אין דער זעלבער מאָס פון אומבאַהאָלפנקייט. אויף וויפל די פרייהייט פון ווירקונג און האַנדלונג פון דער פּערזענלעכקייט זאָל נאָר נישט זיין באַגרענעצט, ווי הויך עס זאָלן נאָר נישט זיין די סאָציאַלע צוימען, וואָס דערלאָזן נישט דעם יחיד זיך דערהייבן, צו דערבליקן און צו רעאַליזירן זיינע אידעישע האָריזאָנטן, אויף וויפל די פרייהייט פון דער מענטשלעכער אַקציע זאָל נאָר נישט זיין באַגרענעצט, זענען אָבער די באַגאַבטע יחידי־סגולה פיל ווינציקער באַגרענעצט אין דער פרייהייט פון זייער אידעען־אויסוואַל. די פרייהייט פון טראַכטן און די מענטשלעכע קרעאַטיווע וויזיע האָט ווינציקער צוימען ווי די פרייהייט פאַר זיינע מעשים.

עס איז אַלעמאָל פאַראַן א געוויסע אינערלעכע אָרגאַנישע פאַרבינדונג צווישן שטאַרקע סביבהדיקע באַגרענעצונגען פאַר מעשים און די פיל שוואַכערע סביבה־באַגרענעצונגען פאַר דער קרעאַטיווער מחשבה, פון דעם אידעען־אויסוואַל און פאַר דער מענטשלעכער וויזיע און אינטואיציע. די אונטערשידן צווישן די צוויי באַגרענעצונגען פון מעשה און

מחשבה האָבן צווישן זיך קעגנזייטיקע ווירקונגען. די ברייטערע פריי־הייט פון אידעען־אויסוואַל העלפט ברעכן די צוימען פאַר דער פרייהייט פון די מענטשלעכע מעשׂים. די פרייהייט פון מחשבה־אויסוואַל געבוירט אַ שעפערישן ווירקונגס־כוח. דער כוח פראַלט מיט דער צייט אויף אַ פאַרשלאָסענע טיר אין די פאַרחתמטע פעסטונגס־ווענט, וואָס באַגרענעצן די פרייהייט פון סאָציאַל באַווירקנדיקע מעשׂים. די פאַרגרעסערטע פריי־הייט פון אידעען־אויסוואַל פאַרטיפט איר אידעיִשער השפעה אויף די ענדערונגען פון געזעלשאַפטלעכן „זיין״, פון דעם גאַנצן אַרום. די גרע־סערע פרייהייט פון דער מחשבה רייסט אויף די צוימען, וואָס באַגרענעצן די פרייהייט פון באַשטימטע מעשׂים. נישט בלויז גילט די מאַרקסיסטישע אַקסיאָמע, אַז ווו עס איז דאָ אַ וועג, ווערט אויך געשאַפן אַ ווילן, נאָר עס גילט אויך פאַרקערט, ווי עס ווערט אויסגעדריקט אינעם שפּריכוואָרט: „ווו עס איז דאָ אַ ווילן, איז אויך דאָ אַ וועג״. דער אינהאַלט פון די באַ־וווּסטזיניקע מעשׂים באַשטייט פון דער אַקטיוויזירט ווערנדיקער מחשבה, וועמענס פרייהייט איז רעלאַטיוו ווינציקער צוגעבונדן צום געזעלשאַפט־לעכן זיין.

אויב דער יחיד קאָן נישט אַריבערשפּרייזן דעם קרייז פון סביבה־צוימען, קאָן אָבער די שעפערישע מחשבה פון דער גרויסער פערזענלעכ־קייט, דורך זיין ברייטערער פרייהייט פון אידעען־אויסוואַל, אויסברייטערן דעם באַגרענעצטן קרייז, און ביז געוויסע גראַדן אויך בייקומען, דורך זיין שעפערישן איינפלוס, די צוימען פון דער סביבה. אויב די צוימען קאָנען נישט אַלעמאָל אַריבערגעשפּרונגען ווערן, קאָנען זיי אָבער ווערן אָפּגעשטופּט און זייער טעטיקייט־קרייז קאָן אויסגעברייטערט ווערן. דער אידעען־אויסוואַל, וואָס מאַניפעסטירט זיך דורך דער אינטעליגענץ אָדער מאַכט פון דער פערזענלעכקייט, פאַרגרעסערט און פאַרברייטערט דעם קרייז פון אירע האַנדלונגען. מיט דעם געהעריקן איינפלוס אָדער מאַכט שניידט זי זיך אַריין אין דער סביבה און ענדערט איר. די היסטאָרישע פערזענלעכקייט פאָרמירט ביז געוויסע גראַדן די סביבה אין איר אייגענער סוביעקטיווער אויסשטאַלטונג. זי לייגט אַרויף איר אָדער איר גרופּעס חותם אויף דער אַנטוויקלונג. דער גוטער שווימער קאָן זיך אַרויסלאָזן שווימען אין אַ קעגנשטראָמיקער ריכטונג און אַריינטראָגן זיין פערזענלעכן כוח אין דורכשניידן דעם וואַסער־פלוס. ער קאָן גיין קעגן די באַגרענע־צונגען פון די פּראָדוקציע־באַדינגונגען און מיטווירקן אין דער שאַפונג פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע באַציונגען.

טעאָרעטיש לייקנט טאַקע דער מאַרקסיזם פולשטענדיק נישט אָפּ די ראָל און באַדייטונג פון דעם יחיד, אין דער זעלבער צייט אָבער האַקט אָפּ דער פאַרשטייפטער עקאָנאָמישער דעטערמיניזם די פליגל פון דעם יחיד און לאָזט אים זיך נישט דערהייבן איבער די באַלדיקע עקאָנאָמישע פראָדוציר־באַדינגונגען. די מענטשלעכע אידעען ווערן ביים מאַרקסיזם, מיט געוויסע מאָדיפיקאַציעס, אַ מעכאַנישע אָפּשפּיגלונג פון די פּראָדו־ציר־באַציונגען, פון באַשטימטע פּראָדוציר־באַדינגונגען. זיינע אידעאַלן קאָנען זיך נישט דערהייבן איבער דער עקזיסטירנדיקער עקאָנאָמישער סטרוקטור. דער מאַרקסיזם האַלט, אַז אפילו די שטאַרקסטע און אויסער־געוויינלעכע פערזענלעכקייט קאָן נישט ענדערן די ריכטונג פון דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג. די פרייהייט פון אידעען־אויסוואַל איז אַ שטאַרק געבונדענע מיט די שטריק פון געזעלשאַפטלעכן זיין. געבונדן דורך די רעאַלע נויטן און מעגלעכקייטן פון די פּראָדוקציע־באַדינגונגען. מאַרקס דערקלערט טאַקע, אַז: „די אידעע איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי די מאַ־טעריעלע וועלט רעפלעקטירט אין מענטשלעכן מאַרך און איבערזעצט דורך דער מענטשלעכער מחשבה״ [59].

לויט מאַרקסן, זענען די אידעען נישט מער ווי רעפלעקסן אָדער עכאָס פון אומפאַרמיידלעכע דרויסנדיקע כוחות, וואָס וואַקסן אַרויס פון באַ־שטימטע פּראָדוציר־באַדינגונגען. דער מענטש איז אָבער פיל מער ווי אַ פּאַסיווער שפּיגל, וואָס רעפלעקטירט דרויסנדיקע זאַכן און דערשיינונגען. דער דרויסנדיקער אָפּקלאַנג און זיין איינדרוק אויף דער מענטשלעכער מחשבה קאָן נישט פאַרגליכן ווערן צו אַ פיזישער קלאַנגען־רעאַקציע, וואָס באַוועגט די לופט־כוואַליעס אָדער וועלכע עס איז אַנדערע פיזישע רעאַקציע. אינעם מענטש אַרבעטן צוויי זיך ווידערשפּרעכנדיקע כוחות: פון איין זייט איז ביים מענטש פאַראַן די נטיה צו ראַציאָנאַליזירן און אָביעקטיוויזירן זיינע באַציונגען צום אַרום און פון דער צווייטער זייט ווערן די דרויסנדיקע איינדרוקן, וואָס שטאַמען פון סאָציאַלע באַציונגען, אַלץ מער פאַרסוביעקטיוויזירט און עמאָציאָנאַליזירט. די מחשבה, וואָס דריקט זיך אויס אין מעשה, וואָס ווירקט צוריק אויפן דרויסנדיקן לעבן, איז נישט בלויז קיין אָביעקטיוו־פאַרשכלדיקטע מעכאַנישע קעגן־רעאַקציע.

---

(59) KARL MARX. V. I. p. 30. International Publishers. New York.

אויך ביי די מאַרקסיסטישע מפרשים איז די אידעע נישט מער ווי אַ מעכאַנישע אָפּשאָטונג פון דעם אַרום. דער מענטש איז נישט מער ווי אַ שפּי־גל, אָבער נישט קיין זעלבשטענדיקער קרעאַטיוועד צוריקווירקער אויף דער מאַטעריעלער וועלט. „ווייל דער געדאַנק איז בלויז אַן אָפּשפּיגלונג פון די אָביעקטיווע רעאַליטעטן, איז פאַלגלעך, אַז דאָס מאַטעריעלע לעבן פון אַ געזעלשאַפט קומט צום ערשטן און דאָס גייסטיקע לעבן קומט ערשט נאָכדעם" [60].

דער אידעישער איינפלוס פון אַ מאַרקס, לעֶנין אָדער מאַכט־איינ־פלוס פון אַ סטאַלין, נעגירט אין זיך אַליין דעם גאַנצן טעזיס. מיר צוויפ־לען זייער שטאַרק אין דער וויסנשאַפטלעכקייט פון מארקסיזם. מען קאָן אָבער נישט פאַרזען קאַרל מאַרקס גראַנדיעזן היסטאָרישן איינפלוס אין דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג. די מאַטעריעלע באַדינגונגען זענען טאקע לויטן מאַרקסיזם נישט געווען צוגעגרייט פאַרן סאָציאַליזם אין צוריק־געשטאַנענע לענדער. מיר קאָנען אָבער נישט נעגירן דעם גרויסן איינפלוס פון אַ מאַרקס אָדער א לענין אין ענדערן דעם פלוס פון דער רוסישער געשיכטע. דער מאַרקסיזם אין דער רעאַליטעט איז געוואָרן מער די פאָן פון קאַמף קעגן די איבערבלייבענישן פון מיטלאַלטערלעכן פעאָדאַליזם, ווי די פאָן פון אַרבעטער־קלאַס אין די אינדוסטריעלע לענדער אין קאַמף צו פאַרבייטן די קאַפּיטאַליסטישע אויף אַ סאָציאַליסטישערווירטשאַפט. מאַרקס, לענין און סטאַלין זענען טאקע געווען פּראָדוקטן פון זייער צייט און סביבה. זיי האָבן אָבער איבערגעלאָזט אַ דויערנדיקן סוביעקטיוון איינפלוס אין ענדערן די ריכטונג פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג.

מאַרקס און ענגעלס קאַמף קעגן דער סוביעקטיווער סאָציאָלאָגיע (זע, די „הייליקע פאַמיליע" פון קאַרל מאַרקס) איז אַליין שטאַרק דיק־טירט געוואָרן פון אַן אייגענעם עמאָציאָנעלן סוביעקטיוויזם. שוין זייער שטאַרק לײדנשאַפטלעכער קאַמף קעגן דעם דעמאָלטיקן הערשנדיקן קלאַס און זייערע ביטערע קאַמפן קעגן אַלע זייערע אידעישע קעגנער, קעגן אַלע, וועלכע האָבן אָפּגעווייכט מיט דער קלענסטער קלייניקייט פון זייער אמונה — האָט שאַרף אונטערגעשטראָכן זייער אייגענעם סוביעקטיוויזם, וואָס האָט געלייגט אַ שטאַרקן סטעמפּל אין דער אויס־

(60) JOSEPH STALIN. Dialectical and Historical Materialism p. 20 International Publishers. N. Y.

פאָרמירונג פון דער גאַנצער מאַרקסיסטישער וועלט־אָנשויונג. אויף וויפל די פּאָטערס פון מאַרקסיזם זענען נאָר נישט באַטראַכט געוואָרן אַלס די נביאים פון דער צוקונפט, אויף וויפל זיי האָבן געבראָבירט געבן אַ „וויסנשאַפטלעכן" אונטערשלאַק דעם קאַמף פאַר סאָציאַליזם, האָבן זיי אָבער נאָך געשטעקט מיטביידע פיס אין זייער צייט־סביבה און זיי האָבן מיט זיך געטראָגן אַלע סוביעקטיווע פאָראורטיילן פון יענער פרי־צייט פון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם. פון דער צווייטער זייט, האָבן זיי געזוכט אַ קפיצת־הדרך צום אויסגעחלומטן מאָרגן פון דורות קעמפער. זייער עמאָציאָנעל דיקטירטער קאַמף קעגן די סוביעקטיווע סאָציאָלאָגן האָט דעריבער געמיינט קאַמף קעגן ווינט, קעגן אייגענעם שאָטן. זיי האָבן בלויז געמאַכט אַ פאַרזוך צו „פאַרוויסנשאַפטלעכן" און צו אָביעקטיוויזירן זייער סוביעקטיוו־עמאָציאָנעלן אידעען־איינשטעל. אַלע די, וואָס האָבן נישט געגליבט אין זייער אמונה, זענען באַטראַכט געוואָרן אלס סוביעקטיוו און נישט „וויסנשאַפטלעך". נאָך מער עמאָציאָנעל־סוביעקטיוו איז דער מאַרקסיזם געוואָרן ביי זיינע נאָכפאָלגער און מפרשים. ספּעציעל נאָכדעם ווי דער מאַרקסיזם איז געוואָרן אַן עטאַבלירטער גלויבן. דאָס איז דער נאַטירלעכער געשיכטלעכער גאַנג פון יעדן „איזם", וואָס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אבסאָלוטן גלויבן. ער מוז אין זיך טראָגן די קערנדלעך פון אייגענעם אידעישן אומקום. אויך דער מאַרקסיזם איז דורך זיין אייגענעם געשלאָסענעם אידעישן איינשטעל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זיין אייגענעם היפוך. פריער איז דער מאַרקסיזם דערשינען ווי א ריין ראַציאָנעלע איבערצייגונג, פאַראָביעקטיוויזירט און „פאַרוויסנשאַפטלעכט". שפּעטער איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן איבערצייגונג, אין א גלויבן און צום סוף אין א דאָגמאַטישן גלויבן. אין אַן איינמאָל פאר אלע מאָל אָנגענומענעם אמת.

אפילו אזא וויכטיקער טעאָרעטיקער פון מאַרקסיזם ווי פּלעכאַנאָוו, וואָס האָט אַליין געגעבן אַ גרויסן בייטראָג אין דער מאַרקסיסטישער אינטערפּרעטאַציע, איז אַרויסגעגאַנגען פון דער הנחה, אַז מאַרקסיזם איז ריינע וויסנשאַפטלעכע סאָציאָלאָגיע, דערפאַר איז דאָס דער אַבסאָלוטער אמת. ער האָט דעם מאַרקסיזם באטראכט ווי אַן עקזאַקטע וויסנשאַפט, פּונקט ווי פיזיק, כעמיע און מאַטעמאַטיק. אויף וויפל עס איז לויט זיין מיינונג פאַראַן א געוויסער סוביעקטיווער מאָמענט אין זיין אָנווענדונג, איז עס נישט מער ווי אַן אָפּשפּיגלונג און אַ דירעקטער אַרויסוואוקס פון די אָביעקטיווע אומשטענדן. מאַרקס האָט לויט זיין מיינונג אויסגעפונען

דעם לעצטן און אַנטשיידענעם אמת פאר אַלע צייטן און פאר אַלע דורות. שפעטערדיקע מפרשים קאָנען בלויז צוגעבן צו דעם גרונט־אמת. דאָס זענען מיינונגען פון איינעם, וואָס באטראכט אלע סאָציאַלע דערשיינונגען אין ליכט פון דעם דיאַלעקטישן מאַטעריאליזם, וואָס לייקנט אבסאָלוטע אמתן.

„ביז מאַרקסן איז די געזעלשאַפטלעכע וויסנשאַפט נישט געווען און נישט געקאָנט זיין קיין עקזאַקטע, קיין פּינקטלעכע, געניע״ [61].

שוין ביי פּלעכאַנאָוון איז דער מאַרקסיזם א קאַנאָניזירטער פאַר־ענדיקטער אמת. אזא צוגאנג איז שוין אין זיך אליין א נעגירונג פון דער טעאָריע, וואָס לייקנט אָפּ פאַרענדיקטע אמתן.

אויך מארקס אַליין האלט, אז זיין צוגאנג צו דער סאָציאָלאָגיע איז נישט ווייניקער וויסנשאַפטלעך, ווי עס זענען די עקזאַקטע וויסנשאפטן. ער מאכט אפילו א פאַרגלייך צווישן זיך און דעם פיזיקער און קומט צום באַשלוס, אז ביידע מוזן אָנווענדן ריינע וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן [62].

געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, אַרויסגעוואַקסענע פון אַ קאָמפּלעקס פון זייער א סך צווישן זיך דורכגעשלאָסענע פאַרשידנאַרטיקע סיבות און אור־סיבות, צונויפגעמישטע מיט זייערע עפעקטן און רעאַקציעס, קאָנען נישט אַרויפגעלייגט ווערן אויף דער וואָגשאָל און וויסנשאַפטלעך גע־וויגן און געמאָסטן ווערן. די דערפאַרונג האָט אונדז געלערנט, אַז מען קאָן פון סאָציאַלע דערשיינונגען און צווישנבאַציונגען נישט ציען קיין מסקנות ווי פון לאַבאָראַטאָריש באשטעטיקטע אמתן. אמתדיקער עקזאַקטער וויסן באַזירט זיך אויף אָבסערוואציע, אַנאַלאָגיע, אנאליז, דעדוקציע

[61] ג. וו. פּלעכאַנאָוו: דער היסטאָרישער מאַטעריאליזם און זיינע קעגנער.

(62) "The physicist either observes physical phenomena when they occur in their most typical form and most free from disturbing influences, or, wherever possible, he makes experiments under conditions that assume the occurrence of the phenomena in its normality. In this work, I have to examine the capitalist mode of production on the conditions of production and exchange corresponding to the mode. Up to the present time, their classic ground is England. That is the reason why England is used as chief illustration in the development of my theoretical ideas."
KARL MARX — Capital 1 — p. 12—13.

און דאָס סאַמע וויכטיקסטע, עס דאַרף זיך געניי וויסנשאַפטלעך באַשטע־טיקן אין דער פּראַקטישער אַפּליקאַציע. דאָס אויספאָרשן סיבות פון סאָציאַלע דערשיינונגען און די קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן די באַזונ־דערע סיבות און אור־סיבות, וואָס דאַרפן ווייזן די עקזאַקטע ריכטונג פאַר אונדזערע ווייטערדיקע האַנדלונגען, זענען דעריבער קיינמאָל נישט קיין אַבסאָלוט וויסנשאַפטלעכע. די סיבות באַשטייען אָפּטמאָל פון אַ פאַר־פּלאָנטערטן קנויל פון אינערלעכע סתירות. די סאָציאָלאָגן, די, וואָס מאַכן אַ פאַרזוך אויפצופּלאָנטערן דעם קנויל, זענען אַליין פאַרוויקלט אין דעם קנויל. און דאָ טאַקע קומט אריין דער סוביעקטיוו־עמאָציאָנעלער עלעמענט. אָט דער עלעמענט דערלאָזט נישט קיין שום וויסנשאַפטלעכן מעטאָד אויפ־צופּלאָנטערן דעם קנויל פון סיבות און אור־סיבות און זייערע אינערלעכע קעגנזייטיקע שייכותן, כדי צו קאָנען אונטערציען דעם ריין נעטן שכלדיקן סך־הכל.

סאָציאָלאָגן, טעאָרעטיקער און פירער פון סאָציאַלע „איזמס", זע־
נען נישט אימשטאַנד צו באַנעמען און צו אנאליזירן דעם גאנצן פלאָנטער
אין דער אינטעראַקציע פון איצטיקע און פארגאַנגענע ווידערשפּרעכנדיקע
דערשיינונגען. זיי לייגן דעריבער אָפּט דעם פינגער אויף א טייל אָדער
בלויז אויף איינעם פון די אויבנאויפיקע סיבות און גענעראַליזירן זיי. זייע־
רע שלוסן ווערן געבויט אויף נישט קיין אויסשעפּנדיקע און באגרענעצטע
פונדאַמענטן. אויבערפלעכלעך דערשיינען זיי פאַר אונדז גאַנץ שכלדיק,
ווייל עס ליגט טאַקע אין זיי אַ גרעסער אָדער קלענער שטיק אמת. דער
האַלבער אָדער בלויז ברעקל אמת איז אָפּט א שטארק אַפּעלירנדיקער.
ספּעציעל ווען די מסקנות האָבן געוויסע פּאָטענצן צו באַפרידיקן איצטיקע
אָדער שפּעטערדיקע אוטיליטאַרע, גייסטיקע אָדער פיזישע נויטן. אין
דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג ווערט אָבער אזא האַלב־אמת אַריינגע־
פּאַסט אין אַן אידעאָלאָגישן וועלט־באַנעם, וואָס זוכט זיך אויסצושפּרייטן
צו אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקער גאַנצקייט. די שוואַכע באַמערקבאַרע סיבות,
וואָס האַרמאָניזירן נישט מיטן פאָרשערס אָדער פירערס אידעישן וועלט־
באַנעם, ווערן צו אָפּט איגנאָרירט. זיי ווערן נישט אינקאָרפּאָרירט אין די
אָריגינעלע הנחות. דער פּועל־יוצא דערפון איז, אַז דער גאַנצער אנאליז
בלייבט אַן איינזייטיקער און דערפירט סוף־כל־סוף צו פאַלשע מסקנות.

סאָציאַלע טעאָריעס ווערן אלעמאָל באַטראַכט פון דעם באַטראַכ־
טערס פּאַראייגנטער סוביעקטיווער וועלט־אָנשויונג. קיין שום אָבסערוואַ־
ציע קאָן זיך קיינמאָל נישט פולשטענדיק אָפּטיילן פונעם אָבסערווירער.
דעם אָבסערווירערס וועלט־באַנעם איז אין סאָציאַלע פראַגן נישט קיין
ריין ראַציאָנאַל־לאָגישע קריטעריע, נאָר איז אויך אין איין און דער
זעלבער צייט אַליין א סיבה און אַן עפעקט, וואָס העלפט פאַרשלעפּן דעם
באַטראַכטערס „אָביעקטיווסטע" אָנשטרענגונגען אויף זייטיקע, ריין סוב־
יעקטיווע דרכים. כדי א סאָציאַלע אידעע זאָל זיך אָננעמען ביי אַ ברייי־
טערן כלל, דאַרף זי טעאָרעטיש האָבן די קוואַליטעטן פּאָטענציעל צו

באַפרידיקן געוויסע אייגנגוצקייטן פון א כלל. עס איז דעריבער אָפט גע־
נוג פאַרן יחיד ווי אויך פאַר דער גרופּע זיך איינצושאַפן אַ מיינונג, וואָס
דערפון זאָל שפּעטער אויסוואַקסן אַ צושטייער צו א פאַראייגנטער וועלט־
אַנשויונג. אפילו פון אַ שוין לאַנג פאַרשוווּנדן שטיקל אמת. א ברעקל
אָפשיין פון אַן אמת איז פאַרן מענטש גענוג צו ווערן באַגייסטערט און
מיטגעריסן מיט אַן „איזם" און מיט דער צייט אָנהייבן באַטראַכטן דעם
גאַנצן אַרום פון דעם „איזמס" קוק־ווינקל. פאַרן מענטש איז אָפט גענוג
זיך אָנצוכאַפּן אפילו בלויז אין אַן עמאָציאָנעל אַפּעלירנדיקער פּראַזע, אין
אַן אָפּשאָטונג אָדער אָפּשיין פון אַ שטיקל אמת און זיך אין דעם קלאַמערן,
ווי ער האָט גאָט אַליין אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט. דער מענטש קלאַמערט
זיך אַזוי שטאַרק אין דעם אייגענעם אמת, יושר און גערעכטיקייט, און
לאָזט אויף דעם נישט פאַלן קיין שאָטן פון דעם צד־שכנגדס שטיקל אמת.

אויב דער סוביעקטיוויזם שפּילט אַ באַשטימטע ראָל אין דער אויס־
פאָרמירונג פון סאָציאַלע טעאָריעס און וועלט־אַנשויונגען ביים דענקער,
פאָרשער און טעאָרעטיקער, שפּילט דאָס עמאָציאָנעל־סוביעקטיווע אַ פאַר־
גרעסערטע און אָפט אַן אומבאַגרענעצטע ראָל ביים נאָכפאָלגער. ביי אים
שפּילן די עלעמענטן פון אייגנגוציקייט, פריערדיקע גייסטיקע אנלאגן און
עמאָציאָנעלער אַפּעל אַ שטאַרק פאַרגרעסערטע ראָל אין זיין סאָציאַל־
אידעישן וועלט־באַנעם.

סאָציאַלע טעאָריעס און פילאָזאָפיעס, „איזמס" און פאַרטיי־פּראָגראַ־
מען, קאָנען זיך קיינמאָל נישט פאַרגלייכן צו מאַטעמאַטיש פאָרמולירטע
און באַשטעטיקטע אמתן. סאָציאַלע טעאָריעס ווערן אַלעמאָל רעדוצירט
צו אַ פאַראייגנטער וועלט־באַנעמונג, וואָס באַוועגט זיך נישט מיט מיט
דער זעלבער שנעלקייט ווי די דרויסנדיקע רעאַליטעטן. דער פאַרשוווּנ־
דענער נעכטן לייגט אַלעמאָל אַרויף זיין חותם אויפן טראַנסענדירנדיקן
היינט. אידעען פון אַ האלב אָדער גאַנץ פאַרשוווּנדענער רעאַליטעט קלינגען
נאָך ביי די נאָכפאָלגער שפּראַכלעך שכלדיק.

דערפאַר טאַקע, ווען עס קומט צו טעאָריעס, מיינונגען און „איזמען",
וואָס שטאַמען פון געזעלשאַפטלעכע צווישנבאַציונגען, געפינט דער פּאָלי־
טישער דעמאַגאָג אַ ברייט פרוכטבאַר און אומבאַגרענעצט פעלד. ביים
מענטש איז פאַראַן דער שטענדיקער דראַנג זיך צו קלאַמערן אין אייגענעם
אמת, כדי צו קאָנען בארעכטיקן די אייגענע געדאַנקן און מעשים. די
ווערטער „אמת" און „גערעכטיקייט" זענען צו אָפט געוואָרן אַ געפערלעכע
פּראָפּאַגאַנדע־לאָזונג אין מענטשלעך־געזעלשאַפטלעכע צווישנבאַציונגען.

אומבאַגרענעצטע פאַרברעכנס זענען באַגאַנגען געוואָרן אין זייער נאָמען. עס איז אַן אָנגענומענער כלל אין דער פּסיכאָלאָגיע, אַז ווען מען חזרט אומאויפהערלעך איבער געוויסע געדאַנקען, אידעען און סימבאָלן צו מענטשן, ספּעציעל ווען זיי זענען נישט באַוואָפנט מיט קיין אייגענער פאַרפעסטיקטער קריטעריע, ווירקט דאָס אַזוי, אַז די געדאַנקען, אידעען אָדער סימבאָלן דרינגען אַריין טיף אינעם אָרעמען גייסטיקן פאַרמעג פון דעם אויפנעמער. היטלער האָט דאָס גוט פאַרשטאַנען, ווען ער האָט געזאָגט, אַז אַ ליגן מוז מען אַזוי אָפט איבערחזרן ביז ער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אמת, אין אַ שטאַרק סוביעקטיוון אמת, וואָס גייט איבער אין אַן אומאָפּפרעגנדיקער אמונה. אין דעם פאַל איז דאָס געווען אַן אמונה פון מאָרד.

מענטשן שטרעבן נאָך גאַנצע און אַלץ־אַרומנעמענדיקע אמתן, כדי צו קאָנען האָבן אַן אייגן אָבסערוויר־ווינקל, דורך וועלכן צו קאָנען באַטראַכטן זיך, די וועלט אַרום און זיינע שייכותן צו דעם אַרום. אין פּראָבלעמען, וואָס שטאַמען פון סאָציאַלע באַציונגען, אין וועלכע דער מענטש אַליין איז פאַרוויקלט, דערגרייכן מיר נישט מער ווי שטיקלעך און ברעקלעך אָפּשיין פון סוביעקטיוויזירטע אמתן, וואָס קאָנען מיט דער צייט ווערן גאַנץ שטאַרק פאַרפירעריש, ספּעציעל ווען זיי קומען אין אַ פאַרשאַרפטן קאָנפליקט מיט עמיצן אַנדערש סוביעקטיוון אמת. אפילו ווען דער עמיצער אַנדערש האָט די זעלבע עקאָנאָמישע אינטערעסן און געפינט זיך אין די זעלבע פּראָדוקציע־באַציונגען ווי דער אידעישער קעגנער.

אויב מיר קאָנען נישט דערגרייכן דעם גאַנצן „אמת", קאָנען מיר אָבער דערגרייכן אַ פולערע מאָס ערלעכקייט, ווען מיר וועלן אַלע אונדזערע געזעלשאַפטלעכע טעאָריעס, מיינונגען און אַבסאָלוטן, אַזוי אָפט ווי מעגלעך רעעקזאַמינירן און זיי שטענדיק אונטערוואַרפן דעם ספק. אַלעמאָל אַוועקשטעלן צום סוף אַ פראַגע־צייכן.

אויב אונדזער „אמת" וואָלט טאַקע געווען אַן אַרויסוווּקס פון אונדזער ריינעם אָביעקטיוון שכל, ווי פיל פון אונדז זענען גענויגט צו גלייבן, און אויב אונדזער „אמת" קומט אין כסדרדיקן קאָנפליקט מיט עמיצן אַנדערשס „אמת", איז פון וואַנען נעמט זיך ביי מענטשן די עקשנותדיקע אַבסאָלוטע זיכערקייט, אַז ביי זיי אין וועסטל־קעשענע ליגט פאַרבאָרגן דער גאַנצער שכל, די גאַנצע גערעכטיקייט און דער גאַנצער אמת? אַז בלויז זיי און נישט זייערע אידעישע קעגנער זענען באַוואָפנט מיט דער סאַמע אויסגעהאַלטנסטער קריטעריע און דערביי שטענדיק עקשנותדיק

באַקעמפן דעם צד שכנגדס אמתן. אויב ווייטער מיר אָנערקענען, אַז דער אייגענער סאָציאַלער אמת איז אַ ריין סוביעקטיווער, באַפעסטיקט דורך אונדזער עמאָציאָנעלער באַציונג, דעמאָלט האָבן מיר דאָך אוודאי נישט קיין רעכט צו האַלטן, אַז דער גאַנצער אמת ליגט פאַרבאָרגן אין מיין שאַך־קאַמער.

דערפאַר טאַקע איז נייטיק אַ געוויסע מאָס סקעפּטיציזם צו אַלע אַבסאָלוטן און א כסדרדיקע אינערלעכע זעלבסטקריטיק. אַן אָפּטער חשבון־הנפש קאָן אפשר דינען ווי אַ טיילווייזע דאַמבע קעגן דער פולשטענדיק פאַרהאַרטעוועטער ווערנדיקייט פון אונדזערע געזעלשאַפטלעך־גייסטיקע אנלאגן. דאָס וועט אפשר טיילוויז קאָנען אָפּשוואַכן די נאַטירלעכע טענ־דענץ, אז סאָציאַלע טעאָריעס און וועלט־אָנשויונגען זאָלן זיך נישט פאַר־וואַנדלען אין פולקאָמע פרוכטלאָזע אמונות, אין אַ טויטן גלויבן, מיט אָדער אָן אַ גאָט.

# ביבליאָגראַפיע


1. ALEXANDER, FRANZ — Our Age of Unreason.
2. AIKEN, HENRY D. — The Age of Ideology
3. BAUMGART, DAVID — Cultural Bridges in Ethics and Philosophy
4. BEARD, CHARLES — The Discussion of Human Affairs
5. BUCHARIN, N. — Theorie des Historischen Materialismus
6. DEWEY, JOHN — The Quest for Certainty
7. DEWEY, JOHN — Science and Society
8. DEWEY, JOHN — Human Nature and Conduct
9. DEWEY, JOHN — Freedom and Culture
10. ENGELS, FRIEDRICH — Revolution and Counter-Revolution in Germany — Edited by Eleonor Marx Eveling, Chicago, 1907
11. ENGELS, FRIEDRICH — Ludwig Feuerbach und der Ausgang der Klassischen Deutschen Philosophie. Stutgart, 1919
12. ENGELS, FRIEDRICH — Dialectics of Nature
13. ENGELS, FRIEDRICH — Socialism, Utopian and Scientific
14. ENGELS, FRIEDRICH — Anti-Duhring
15. JAMES, WILLIAM — Pragmatism
16. KALLEN, HORACE — Cultural Pluralism and the American Idea
17. LAWRENCE and WISHART — Marx Engels Correspondence
18. MANDELBAUM, M. H. — The Problems of Historical Knowledge
19. MANNHEIM, KARL — Essays on the Sociology of Culture
20. MANNHEIM, KARL — Ideology and Utopia
21. MARSHALL, JAMES — Rationalization and Abattoir
22. MARX, KARL — Das Kapital — v. 1
23. MARX, KARL — The Poverty of Philosophy
24. MARX, KARL — A Contribution to the Critique of Political Economy
25. MARX, KARL — The Eighteenth Brumaire of Louis Bonaparte

26. MARX, KARL — German Ideology
27. MEHRING, FRANZ — Aus dem Literarischen Nachlass von Karl Marx und Friedrich Engels. Stuttgart 1902
28. MORGENTHAU, HANS — A SYMPOSIUM — Approaches to Group Understanding. Harper, 1947
29. NEUE ZEIT — Edited by Karl Kautsky
nu 1 —z 710 — z 10
nu 2 — z 477
30. OTTO, MAX — Things and Ideas
31. PEIRCE, B. — Collected Papers — Edited by Hartshore and Weis. Harward, 1931
32. RUSSELL, BERTRAND — The Scientific Outlook
33. STALIN, JOSEPH — Dialectical and Historical Materialism
34. SWABEY, MARIE COLLINS — The Judgment of History
35. WEBER, MAX — Wirtschaft und Geselschaft
36. WHITEHEAD, A. N. — Science and the Modern World
37. WHITEHEAD, A. N. — Adventures of Ideas
38. WHITEHEAD, A. N. — Process and Reality
39. WHITEHEAD, A. N. Religion in the Making

40. בובער מאַרטין — שטעגן אין אוטאָפיע. איבערזעצט פון דייטש. בוענאָס איירעס 1959.
41. „דחקא״. פערטליאָריקער פילאָזאָפישער זשורנאַל. בוענאָס־איירעס, נומ. 35. דריי עסייען איבער דער חערטן־טעאָריע:
א. ש. מ. עסטרין — די חיכטיקסטע טעאָרעטיקער פון די חערטן־לערעס;
ב. ד״ר אַלפרעד שטערן — די פראגנעטיסטישע פילאָזאָפיע פון די חערטן.
ג. שלמה סוסקאָוויטש — די נישט־איינהייטלעכקייט פון די ווערטן.
42. זשיטלאָווסקי חיים — די פילאָזאָפיע.
43 זשיטלאָווסקי חיים — היסטאָרישע אידעען־פאַרבינדונגען.
44. זשיטלאָווסקי חיים — די געשיכטס־פילאָזאָפיע און דער ענדציל.
45. מארקס און ענגעלס — דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט.
46. פלעכאַנאָוו ג. — דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם און זיינע קעגנער, 1930.

# אינהאַלט:

# אין פאַרלאַג י. ל. פּרץ-ביבליאָטעק זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדיקע ביכער:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאַ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קבוץ-לעבן) |
| יוסף ראָזען | געקליבענע שריפטן (העברעיש) |
| מלך נוי (ניישטאַט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש |
| אפרים שרייער | קונסט און טעאַטער (העברעיש) |
| יצחק לעוו | אין געראַנגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל-דיכטער |
| יצחק פאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| י. לעשצינסקי | דאָס פּנים פון גלות-יידנטום (העברעיש) |
| יעקב פּאַט | שמועסן מיט יידישע שרייבער (העברעיש) |
| רבקה באַסמאַן | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| י. צ. שאַרגעל | פון וויי און גלויבן |
| דוד זאַקאַליק | געראַנגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מ. בערלאַנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 1) |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 2) |
| יהושע גלבוע | אויף די חורבות פון דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד (העברעיש) |
| יחיאל האָפער | ר' זלמן |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| ב. וויינשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| ש. וואָרזאָגער | ברויט (ראָמאַן) |